# די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.

צוזאמענגעשטעלט אונטער דער רעדאקציאן פון
דוד פינסקי

## זעקסטער באנד

ארויסגעגעבן פון פארלאג „אידיש“, ניו־יארק.

תר״פ — 1920

# י. ל. פּרץ

# חסידיש





ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש", ניו-יארק.

# צווישען צוויי בערג.

פון בריסקער רב און ביאלער רבי'ן האט איהר אודאי גע־הערט, דאך נישט אלע ווייסען, אז דער ביאלער צדיק, ר' נח'קע, איז פריהער געווען דעם בריסקער רב'ס א תלמיד מובהק, אז ער האט ביי איהם געלערענט א שעהנע פאר יאהר, און דערנאך ערשט איז ער נעלם געווארען, אפגעהאלטען א פאר יאהר „גלות", און איז נתגלה געווארען אין ביאלע.

און אוועק איז ער מהאי טעמא: מען האט געלערענט תורה, נאר די תורה, האט דער רבי געפיהלט, איז טרוקענע תורה... מען לערענט, למשל, א דין פון שאלות נשים, פון בשר־בחלב, צי דיני ממונות... זעהר וואויל! קומט ראובן ושמעון האבען א דין תורה, קומט א משרת א שאלה פרעגען, אדער אן אשה האט א שאלה,— קריגט באותה הרגע דאס לערנען א חיות, לעבט עס אויף און עס האט א ממשלה אויף דער וועלט. אבער אזוי, אהן זיי, פיהלט דער רבי, אז די תורה, דאס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאס, וואס עס ליגט פון אויבען אויף, איז טרוקען. נישט דאס. האט ער געפיהלט, איז תורת חיים! — תורה דארף לעבען! לער־נען אנדערע קבלה־ספרים האט מען אין בריסק נישט געטארט. דער בריסקער רב איז געווען א מתנגד און בטבע א „נוקם ונוטר כנחש". האט עכייץ אנגעריהרט א זהר, א פרדס, פלעגט ער שעל־טען, איז חרם אריינלעגען! איינעם האט מען געכאפט ביי א קבלה־ספר, האט ער איהם נעלאזט אפגאלען די בארד דורך ערלים! וואס קלערט איהר? דער מענש איז יצא מדעתו געווארען, איז מרה־שחורה אריינגעפאלען. און, וואס מעהר חדוש איז, עס האט איהם שוין קיין נוטער איד נישט געהאלפען! — איהר שפילט אייך מיט'ן בריסקער רב! און פונדעסטוועגען, ווי פאחרט מען עס אוועק פון בריסקער רב'ס ישיבה?!

א צייט לאנג האט ער זיך טאקע געשלאגען מיט דער דעה.

נאר איינמאל האט מען איהם געוויזען א חלום. עס האט זיך איהם געחלומ'ט, אז דער בריסקער רב איז צו איהם אריינגעקר־מען און געזאגט: קום, נח, זועל איך דיך פיהרען אין גן־עדן התחתון אריין. און ער האט איהם אנגענומען ביי דער האנט און געפיהרט. זיי זענען געקומען אין א גרויסען פאלאץ אריין. אין פאלאץ איז נישט געווען, נישט קיין טיר און נישט קיין פענס־טער, אויסער די טיר, דורך וועלכער זיי זענען אריינגעגאנגען. ליכ־טיג איז דאך אין פאלאץ געווען, ווייל די ווענט, ווי עס האט זיך דעם רבי'ן געדאכט, זענען געווען פון קריסטאל און האבען געשלאגען פון זיך אליין א ליכטיגען גלאנץ.

און זיי געהען אזוי, און געהען און מען זעהט נישט קיין סוף.

— האלט דיך אן מיין יופעצע, — מאכט דער בריסקער רב — דא איז פאראנען סאליעס אין לשער ואין לספר, און קוים רייסט דו דיך אפ פון מיר, וועסט דו פארבלאנדזשען אויף אייביג...

דער רבי טוט אזוי, און זיי געהען אלץ ווייטער און ווייטער, און אויפ'ן גאנצען וועג זעהט ער נישט קיין בענקעל, קיין שום כלי־בית, גארנישט!

— דא זיצט מען נישט, — פארטייטשט איהם דער בריס־קער רב, — נאר מען געהט אלץ ווייטער און ווייטער!—און ער איז איהם נאכגעגאנגען. און איין זאל איז גרעסער און ליכטיגער געווע־זען פון דעם צווייטען, און די ווענט האבען געשיינט דא מיט דער, דא מיט אן אנדער קאליר; דא מיט עטליכע, דארט מיט אלער־ליי קאלירען... נאר קיין מענשען האבען זיי נישט געטראפען אויפ'ן וועג...

דער רבי איז מיד געווארען געהענדיג. עס האט איהם בא־גאסען א שווייס, א קאלטער שוויים. קאלט איז איהם אויך גע־ווארען אין אלע אברים. דערצו הויבען איהם נאך אן די אויגען וועה צו טון פון באשטענדיגען גלאנץ...

און עס איז אנגעפאלען אויף איהם א שטארקע בענקשאפט. א בענקשאפט צו אידען, צו חברים, צו כל ישראל! א קליינינקייט — מען זעהט קיין איד נישט פאר זיך!...

— בענק נישט צו קיינעם, — מאכט דער בריסקער רב —

דאס איז א פאלאץ נאר פאר מיר און פאר דיר... דו וועסט אויך אמאל זיין בריסקער רב!

און דער רבי האט זיך נאך מעהר דערשראקען און אנגעכאפט זיך אן דער וואנט, נישט אומצופאלען. און די וואנט האט איהם אפגעבריהט! נאר נישט ווי פייער בריהט, נאר ווי אייז בריהט!

— רבי! — האט ער א געשריי געטאן, — די ווענט זענען אייז, נישט קריסטאל! פשוט אייז!

דער בריסקער רב שווייגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

— רבי, פיהרט מיך ארויס פון דאנען! איך וויל נישט זיין אליין מיט אייך! איך וויל זיין צוזאמען מיט כל ישראל!

און קוים האט ער עס ארויסגעזאגט, איז דער בריסקער רב נעלם געווארען און ער איז געבליבען איינער אליין אין פאלאץ.

קיין וועג, ווי אויס און ווי איין, ווייסט ער נישט; פון די ווענט שלאגט אויף איהם א קאלטער פחד; און די בענקשאפט צו א איד, צו דערזעהן א איד, באדיי א שוסטער, א שניידער, איז אלץ ביי איהם שטארקער און שטארקער געווארען. האט ער אנגע־הויבען שטארק צו וויינען...

„רבונו של עולם, — האט ער זיך געבעטען, — נעם מיך ארויס פון דאנען! בעסער אין גיהנום מיט כל ישראל צוזאמען, איידער דא איינער אליין!"

און באותו הרגע, האט זיך איהם באוויזען א פראסט אידעל, מיט א רויטען בעל־עגלה'שען גארטעל אויף די לענדען און א לאנגער ביימש אין דער האנט. דאס אידעל האט איהם, שווייגענ־דיג, אנגענומען ביים ארבעל, ארויסגעפיהרט פון פאלאץ, און איז — פארשוואונדען געווארען. אזא חלום האט מען איהם געוויזען!

אז ער האט זיך אויפגעכאפט פארטאג, קוים וואס עס האט אנגעהויבען גרויען, האט ער פארשטאנען, אז עס איז נישט קיין פראסטער חלום געווען. ער האט זיך געשווינד אנגעטאן און גע־וואלט לויפען אין בית־המדרש אריין, לאזען זיך פותר חלום זיין פון די לומדים, וואס נעכטיגען אין בית־המדרש. דורכגעהענדיג דעם מארק, האט ער אבער דערזעהן א שטעהענדיגע בויד, אן איינ־געשפאנטע גרויסע, פארצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז גע־שטאנען א בעל־עגלה, מיט א רויטען גארטעל ארום די לענדען.

א לאנגע בייטש אין דער האנט, און פונקט אזא אידעל, ווי דער, וואס האט איהם אין חלום ארויסגעפיהרט פון פאלאץ.

שטויסט ער זיך, אז „דברים בגו“; גנעהט ער צו און פרעגט:

— וואו אהין פאהרט א איד?

— נישט ד י י ן וועג! — ענטפערט דער בעל-עגלה גאר גראב.

— פארט? — בעט ער זיך, — אפשר וועל איך מיטפאהרען!

דער בעל-עגלה האט זיך אביסעל פארטראכט און דערנאך גע-ענטפערט:

— און צו פוס, — זאגט ער — קאן אזא בחור נישט געהן? געה דיר דיין וועג!

— און וואו אהין זאל איך געהן?

— וואו די אויגען וועלען דיך טראגען, — ענטפערט דער בעל-עגלה און דרעהט זיך אפ, — מיין דאגה!

דער רבי האט פארשטאנען, און האט זיך געלאזט אין גלות אריין!

ווי געזאגט, נתגלה איז ער געווארען עטליכע יאהר שפעטער אין ביאלע. (עד מפי עד, ווי אזוי עס איז געוועזען, דערצעהל איך נישט, כאטש עס איז מויל און אויערען איפצושטעלען!) און, לערך א יאהר נאך זיין התגלות, האט מיך א ביאלער בעל-הבית, ר׳ יחיאל האט ער געהייסען, אראפגעבראכט צו זיך פאר א מלמד.

לכתחילה האב איך אפילו נישט געוואלט אננעמען דאס מלמדות. ר׳ יחיאל, מוזט איהר וויסען, איז געוועזען אן עושר, א פארצייטישער, אנגעשטאפטער עושר. די טעכטער פלעגט ער געבען צו טויזענט רענדלעך נדן און טון מיט די גרעסטע רבנים. און זיין לעצטע שנור איז געוועזען טאקע דעם בריסקער רב׳ס טאכטער!

פארשטעהט איהר דאך אליין, אז אויב דער בריסקער רב מיט די רעשט מחותנים זענען חולקים, מוז ר׳ יחיאל אויך זיין א חולק... און איך בין דוקא א ביאלער חסיד, נו — ווי לאזט מען זיך אין אזא הויז אריין?

האט עס מיך אבער פארט נעצווינגען קיין ביאלע! א קליינינ-קייט — מיט׳ן רבי׳ן איז איין שטאדט! געקלערט אהין, געקלערט אהער, איך פאהר!

און ר׳ יחיאל אליין, האט זיך אויסגעוויזען, איז אן אמת פּשוט׳ער, כשר׳ער איד. איך בין אייך אפילו ערב, אז זיין הארץ האט געצויגען צו א רבי׳ן ווי מיט צוואנגען. ווארים באמת, קיין למדן איז ער נישט געוועזען; אויפ׳ן בריסקער רב פלעגט ער אודאי קוקען ווי א האן אויפ׳ן בני אדם! וועהרט ער מיר נישט צו האל־טען זיך אן ביאלער רבי׳ן. נאר ער אליין איז זיך מתרחק. אז איך דערצעהל עפּעס פון רבי׳ן, מאכט ער זיך גענעצען, כאטש די אויערען. זעה איך, שפּיצט ער אויף. יאר דער זוהן זיינער, דעם בריסקער רב׳ס איידעם, דער קנייטשט איין דעם שטערן. קוקט אויף מיר מיט כעס און ליצנות צוזאמען. נאר שפּארען שפּארט ער זיך נישט; ער פלעגט בטבע ווענינ רעדען.

ויהי היום, — ר׳ יחיאל׳ס שנור, דעם בריסקער רב׳ס טאכ־טער, דארף געהן צו קינד! דאכט זיך, מאלע א ווייבעל געהט צו קינד? איז אבער א מעשה דערביי! נעוואוסט האט מען, אז דער בריסקער רב, ווייל ער האט א חסיד אפּגעגאלט, דאס הייסט: גע־הייסען אפּגאלען בארד און פּאות, איז נזוק געווארען פון די צדיקי הדור.ביידע צוויי זיהן זענען איהם, לא עליכם, במשך א פינף־זעקס יאהר, נפטר געווארען, און אלע זיינע דריי טעכטער האבען קיין בנים זכרים נישט געהאט. דערביי איז נאך יעדע פון זיי געוועזען, רחמנא לצלן, א מקשה לילד, בשעת מעשה געוועזען יע־דעס מאל מעהר דארטען ווי דא! אז מען האט אבער מן השמים גשוואלט, עס זאל זיין מחלוקת, האבען אלע געזעהן און געוואוסט, אז עס איז אן עונש פון די צדיקי הדור אויפ׳ן בריסקער רב, נאר ער אליין, מיט זיינע ליכטינע אויגען, האט עס נישט געזעהן! און אפשר — נישט געוואלט זעהן! ער האט ווייטער געפיהרט זיין התנגדות ביד חזקה — מיט חרמות, און תקיפות פון אנשי חיל, ווי אין יענע צייטען...

מיר איז גיטעלע (אזוי האט זי, דעם בריסקער רב׳ס טאכטער, געהייסען), באמת א שאד געוועזען, זעהר א שאד געוועזען. ערש־טענס — א אידישע נשמה; צווייטענס — א אידישע כשר׳ע נשמה; עס איז נאך אזא צדקת, אזא כשר׳ע זאך אויף דער וועלט נישט געוועזען...

קיין איינציגע ארעמע כלה האט אהן איהר הילף נישט חתונה געהאט; אזא איידענע בריאה! און דאס דארף געשטראפט ווערען

פאר׳ן פאטערס כעס! און דעריבער, אזוי ווי איך האב נאר באַמערקט, אז די באבע הויבט זיך אן דרעהען איז שטוב, האב איך שוין אנגעהויבען ארבייטען אויף אלע כלים, מען זאל שיקען צום ביאלער רבי׳ן... זאל זיין א קוויטעל אהן א פדיון, באשר — ער דארף נויטינג פדיונות!...

דער ביאלער רבי האט גאר וועניג געהאלטען פון פדיונות.

מיט וועמען אבער רעדט מען?

איך פרואוו מיט׳ן בריסקער רב׳ס איידעם, און, איך ווייס — אז ממש נפשו קשורה בנפשה, ווארים, ווי ער האט זיך נישט באהאלטען. האט עס דאס שלום בית ארויסגעשמעקט פון יעדען ווינקעלע, פון אלע זייערע תנועות און הויות, — איז ער דאך אבער דעם בריסקער רב׳ס איידעם! שפייט ער אויס, געהט ער אוועק און לאזט מיך שטעהן מיט אן אפען מויל.

נעם איך מיך צו ר׳ יחיאל׳ן אליין, ענטפערט ער מיר: עס איז דעם בריסקער רב׳ס טאכטער! איך וועל עס איהם, דעם בריסקער רב, נישט טון, אפילו ביי סכנות נפשות, חס ושלום! פרואיו איך מיך מיט זיין פלונית׳טע, — א כשר׳ע אידענע, נאר א פראסטע, — ענטפערט זי מיר כהאי לישנא: זאל מיין מאן הייסען, שיק איך באלד צום רבי׳ן מיין יום־טוב׳דיג שטערן־טיכעל מיט די אוירינגלעך; א מטמון מיט געלט האט עס געקאסט! נאר אהן מיין מאן, נישט קיין פחות משוה פרוטה — נישט א פיפץ!

— אבער א קוויטעל... וואס שאדט אייך א קוויטעל?

— אהן מיין מאנ׳ס וויסען, גארנישט! — ענטפערט זי, טאקע ווי א כשר׳ע אידענע דארף ענטפערען, און דרעהט זיך אפ פון מיר און איך זעה, אז זי וויל נאר באהאלטען די טרערען. א מאמע! לב יודע — איהר הארץ האט שוין געפיהלט די סכנה...

אז איך האב אבער געהערט דעם ערשטען געשריי, בין איך אליין געלאפען צום רבי׳ן.

— שמעיה, — ענטפערט ער מיר, — וואס זאל איך טון? איך וועל מתפלל זיין!

— גיט מיר, רבי, — בעט איך, — פאר דער יולדת, וואס

עס איז — א שמירה׳לע, א מטבע, א קמיעא׳לע... וואס עס איז ניט סיר...

— עס וועט, חס ושלום, ערגער מאכען, — ענטפערט ער.— אהן אמונה שאדען אזוינע זאכען, און זי האט דערינגען קיין אמונה נישט...

וואס האב איך געקאנט טון? עס איז די ערשטע טעג סוכות. זי איז מקשה לילד, העלפען קאן איך נישט, בלייב איך שוין בעסער ביים רבי׳ן אין שטוב. א בן־בית בין איך געוועזען, טראכט איך מיר, איך וועל קוקען יעדע רגע מיט געבעט צום רבי׳ן, אפשר וועט ער זיך מרחם זיין...

הערען הערט זיך, אז עס איז נישט גוט. דעם דריטען טאג שטעהען שוין די וועהען... מען האט שוין אלץ געטאן, וואס מען האט געקאנט: די שול אייגעגריסען, קברים געמאסטען, הונדערטער פונט ליכט אויסגעברענט אין שול, אין בתי־מדרשים, היינט צדקה — א מטמון!... עס איז דען נאכצוערצעהלען? אלע קליידער־שענק זענען געשטאנען אפען; א בארג מיט אלערליי מטבעות איז געלעגען אויפ׳ן טיש, און ארעמע לייט זענען אריינגעקומען און גע־נומען, ווער עס וויל, וואס ער וויל, וויפיעל ער וויל!

עס האט מיך שטארק אנגעכאפט דאס הארץ.

— רבי, — זאג איך, — עס שטעהט דאך: צדקה תציל ממות.

און ער ענטפערט מיר, שלא ממין הטענה, ראכט זיך:

— אפשר וועט קומען דער בריסקער רב!

און באותו הרגע קומט אריין ר׳ יחיאל! צום רבי׳ן רעדט ער נישט, גלייך ווי ער וואלט איהם נישט געזעהן. נאר —

— שמעיה, — זאגט ער צו מיר, און כאפט מיך אן ביים לאץ. — הינטען שטעהט א פוהר, געה, זעץ דיך און פאהר צום בריסקער רב, זאל ער קומען...

און געפיהלט האט ער שוין אפנים, אין וואס עס געהט, וואָרים צוגעגעבען האט ער:

— זאל ער אליין זעהן, וואס עס טוט זיך! זאל ער זאגען, וואס צו טון!

און א פנים האט ער געהאט, וואס זאל איך אייך זאגען, — מתים זענען שענער פאר איהם!

---

מילא, פאהר איך! טראכטען, טראכט איך מיר, אז אויב דער רבי ווייסט, אז ער וועט קומען, וועט שוין עפעס דערפון ארויס! אפשר נאך א שלום! דאס הייסט: נישט צווישען בריסקער רב מיט'ן ביאלער רבי'ן, זיי אליין האבען קיין מחלוקת נישט געפיהרט, נאר צווישען די צדדים בכלל! ווארים באמת, אז ער וועט קומען, וועט ער דאך זעהן! אויגען האט ער דאך!

נאר מן השמים, אפנים, לאזט מען אזא זאך אזוי געשווינד נישט צו. מן השמים האט מען מיט מיר מלחמה געהאלטען. קוים בין איך ארויסגעפאהרען פון ביאלע, גיט זיך איבער'ן הימעל א יאג א כמארע, אבער ווי הייסט א כמארע! א שווארצער שוועך־רער וואלקען, ממש ווי א סמאלע, און א בלאז האט פלוצים גע־טאן, גלייך עס וואלטען רוחות געפלויגען און פון אלע זייטען מיט אמאל. א פויער, להבדיל, פארשטעהט זיך אויף אזוינע זאכען, צלמ'ט ער זיך און זאגט, אז עס וועט זיין, חס ושלום, א שווערער וועג, און ווייזט מיר מיט דער בייטש אין הימעל ארײן... תוך כדי־דבור מאכט זיך נאך א שטארקערער ווינט, ער צורייסט די כמארע, ממש ווי מען צורייסט א שטיק פאפיר, און הויבט אן צו יאגען און צו טרייבען א י י ן שטיק כמארע אויף דער צווייטער, איינע אויף דער צווייטער, גלייך ער וואלט קריעס געטריבען אויף א טייך. איך האב שוין איבער'ן קאפ צוויי שטאק און דריי שטאק כמארע. לכתחילה האב איך אפילו קיין מורא נישט געהאט: אויס־גענעצט ווערען איז ביי מיר קיין נייעס נישט געווען און פאר דונערען שרעק איך מיך נישט. ערשטענס, דונערט נישט סוכות צייט, און צווייטענס — נאכ'ן רבי'נס שופר־בלאזען! מיר האבען א קיימא־לן, אז נאך אזא שופר־בלאזען האט א גאנץ יאהר קיין דונער קיין שליטה נישט! אז עס האט אבער ראפטום געגעבען א פלאסק מיר אין פנים ארײן, ווי מיט א בייטש... איין מאל, דאס

...וויטע מאל, דאס דריטע מאל... איז מיר טאקע דער מוטערס
שילד ענטפאלען! איך האב געזעהן בחוש, אז דער הימעל פאטשט
מיך, אז מען טרייבט מיך צוריק!

און דער פויער, להבדיל, בעט זיך אויך: לאמיר צוריקפאהרען.

איך וויים אבער, עס איז סכנות נפשות, איך זיץ אויף דער
פוהר, און, אינ׳ם שטורעם, הער איך, ווי די יולדת קרעכצט, ווי
דעם בריסקער רב׳ס איידעמס פינגער קנאקען; ער ברעכט זיך די
הענט; אויך זעה איך פאר מיר ר׳ יחיאל׳ס שווארץ פנים מיט די
איינגעפאלענע, ברענענדיגע אויגען! פאהר, בעט ער מיך, פאהר —
— און מיר פאהרען.

און דא גיסט און גיסט, עס גיסט פון אויבען, עס שפריצט
פון אונטער די רעדער, און פון אונטער די פערדס פיס. און דער
וועג ווערט איינגאנצען פארגאסען, ממש באדעקט מיט וואסער. אי־
בער׳ן וואסער געהט א פיענע, די פוהר, דאכט זיך, הייבט שוין אן
שווימען — — וואס זאל איך אייך דערצעהלען? מיר האבען נאך
דערצו געבלאנדזשעט... נאר אויסגעהאלטען האב איך!

מיט׳ן בריסקער רב בין איך געקומען אויף הושענא רבה!

נאר, דעם אמת צו זאגען, אזוי ווי דער בריסקער רב האט זיך
ארויפגעזעצט אויף דער פוהר, איז שטיל געווארען! די כמארע האט
זיך איבערגעריסען, פון שפאלט האט זיך ארויסגעוויזען די זון, און
מיר זענען בשלום שעהן און טרוקען אריינגעפאהרען קיין ביאלע.
דער פויער, להבדיל, האט עס אפילו באמערקט און געזאגט אויף
זיין לשון: וועלקי ראבין, צי דוזשי ראבין!...

נאר דער עיקר איז געוועזען אונזער אריינקומען!

ווי די היישעריקען זענען צו איהם צוגעפאלען די ווייבער, וואס
זענען אין שטוב געוועזען... כמעט אויפ׳ן פנים זענען זיי פאר איהם
געפאלען און געוויינט... די יולדת פון דער צווייטער שטוב הערט
מען נישט, אדער דורכ׳ן געוויין פון די ווייבער, אדער, טראכט
איך, זי האט שוין, חס ושלום, קיין כח נישט צו קרעכצען... ר׳
יחיאל האט אונז אפילו נישט געזעהן, ער איז געשטאנען אריינגע־
דריקט מיט׳ן שטערן אין א שויב, דער קאפ האט איהם אפנים
געברענט...

דעם בריסקער רב׳ס איידעם, דרעהט זיך אויך נישט איבער
דערלאנגען שלום. ער שטעהט מיט׳ן פנים צו דער וואנט, און איך

זעה בחוש, ווי דער גוף זיינער ציטערט און ווי דער קאפ קלאפט אז דער וואנט !...

איך האב געמיינט, איך פאל ! אזוי האט מיך דער צער און די שרעק דורך און דורך גענומען. עס איז מיר קאלט געווארען אין אלע אברים, איך האב געפיהלט, אז די נשמה ווערט אין מיר קאלט !...

נאר, צי האט איהר געקענט דעם בריסקער רב ?

דאס איז געוועזען א מענש — אן עמוד ברזל, זאג איך אייך !

א הויכער, הויכער איד, טאקע „משכמו ומעלה“... אן אימה האט ער געווארפען, ווי א מלכות ! — א ווייסע לאנגע בארד, איין שפיץ, געדענק איך נאך ווי היינט, האט זיך איהם אריינגע־רוקט אונטער׳ן גארטעל, דער צוויי־טער שפיץ־באַרד ציטערט אי־בער׳ן גארטעל...

ברעמען — ווייסע, דיקע, לאנגע — א האלב פנים האבען זיי איהם פארשטעלט. און, אז ער האט זיי אויפגעהויבען — רבונו של עולם ! די נשים זענען ממש צוריק געפאלען, ווי פון א דונער צוריקגעווארפען, אזוינע אויגען האט ער געהאט ! — חלפים, בלאנ־קע חלפים האבען אין זיי געבליצט ! און א געשריי האט ער געטאן ווי א לייב : אוועק, נשים !

דערנאך האט ער שטילער און עדלער געפרעגט :

— און וואו איז מיין טאכטער ?

מען האט איהם געוויזען.

ער איז אריינגעגאנגען, און איך בין געבליבען שטעהן ממש ארויס פון די כלים : אזוינע אויגען, אזא בליק, אזא קול ! עס איז גאר אן אנדער דרך, אן אנדער וועלט ! דעם ביאלער רבי׳נס אויגען לייכטען אזוי גוט, אזוי שטיל, עס קומט אריין א חיות אין הארץ ; ער ווארפט אויף דיר א בליק, האט ער דיך מיט גאלד באַ־שיט... און זיין קול, דאס זיסע קול, דאס סאמעטען זיסע קול — רבונו של עולם, ביים הארץ כאפט עס אן, ביים הארץ גלעט עס אזוי שטיל, אזוי מחיה׳דיג... נישט קיין מורא, חס ושלום, האט מען פאר׳ן, נאר די נשמה צוגעהט אין ליעבשאפט, אין מתיקות פון ליעבשאפט. זי וויל ארויס פון גוף און באהעפטען זיך מיט זיין נשמה... זי רייסט זיך ווי, להבדיל, א זומערפליגעלע צו א העלער

פלאם!... און דא — רבונו של עולם: אימה ופחד! א גאון, א פארצייטישער גאון! און ער געהט אריין צו א יולדת!

„ער וועט פון איהר מאכען, — שרעק איך מיך — א גל של עצמות!"

לויף איך צום רבי'ן.

און דער רבי באגעגענט מיך באלד אין טיר מיט א שמייכעל:

— האסט געזעהן, — מאכט ער, — כבוד התורה? ריינעם כבוד התורה?

איך האב מיך בארוהיגט. אז דער שמייכעלט, טראכט איך, איז גוט!

---

און עס איז טאקע גוט געווען. שמיני עצרת איז זי אי־בערגעקומען. שמחת־תורה האט שוין דער בריסקער רב געזאגט תורה ביים טיש. איך האב געוואלט ערגעץ אנדערש זיין ביים טיש, נאר איך האב מורא געהאט. בפרט, אז מיט מיר איז געווען א מנין... מען וועט בענשען נברך אלהינו...

מילא, וואס זאל איך דערצעהלען? דעם בריסקער רב'ס תורה? אויב די תורה איז א ים, איז ער געווען דער לויתן אין ים. — מיט איין תנועה גיט ער א שווים דורך צעהן מסכתות; מיט איין תנועה מישט ער אוים ש"ס ופוסקים! אז עס הילכט און שפריצט. זידט און קאכט, טאקע, ווי מען דערצעהלט פון אמת'ען ים... דעם קאפ האט ער מיר צושרויפט... נאר „לב יודע מרת נפשו"! דאס הארץ מיינס האט פארט נישט געהאט קיין שמחת יום־טוב! און דאמאלט האב איך מיך דערמאנט אין רבי'נס חלום... און איך ביז פארשטארט געווארען! די זון איז געלעגען אין פענסטער, ווייל האט ביים טיש נישט געפעהלט, דער גאנצער עולם, זעה איך, שוויצט. און מיר? מיר איז געווען קאלט, קאלט ווי אייז? און הארטען. האב איך געוואוסט, זאגט מען אנדערע תורה... דארטען איז ליכ־טיג און ווארעם... יעדעס ווארט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות... מלאכים, פיהלט מען, פליהען ארום שטוב; ממש מען הערט, ווי עס רוישען די גרויסע, ווייסע פליגעל... אי, רבונו של עולם! נאר אוועקגעהן טאר מען נישט!

פלוצלונג, האקט ער איבער, דער בריסקער רב, און נימט א פרעג:

— וואס פאר א רבי'ן האט איהר עס דא?

— איינעם, א נח, — ענטפערט מען איהם.

— אך, מילא, שניידט עס מיך ביים הארץ! „איינעם, א די חנופה. די חנופה!

— א בעל־מופת? — פרעגט ער ווייטער.

— ווענינ, מען הערט נישט... ווייבער אפילו דערצעהלען, נאר ווער הערט זיי?

— ער נעמט א ז ו י נעלט, אהן מופתים...

זאגט מען איהם שוין דעם אמת, אז נעלט נעמט ער ווענינ און נימט אסך אוועק.

דער בריסקער רב פארקלערט זיך.

— און לערנען קאן ער?

— מען זאגט — א גדול!

— פון וואנען איז ער, דער נח?

קיינער ווייסט נישט, און איך מוז ענטפערען. מאכט זיך שוין א שמועס צווישען מיר מיט'ן בריסקער רב.

— איז ער נישט, דער נח, אמאל אין בריסק געוועזען? — פרעגט ער.

— צי דער רבי — שטאמעל איך — איז געוועזען אין בריסק? דאכט זיך — יא!

— א! — מאכט ער — א חסיד זיינער! און עס האט זיך מיר געדאכט, אז ער האט אויף מיר א קוק געטאן ווי אויף א שפי'ז.

און ער האט זיך איבערגעדרעהט צום עולם:

— ביי מיר, — זאגט ער, — איז אמאל געוועזען א תלמיד „נח"... אפילו א גוט קעפעל, נאר עס האט איהם געצויגען אין יענער זייט אריין — — איך האב איהם איין מאל געזאגט, צוויי מאל... איך האב איהם געוואלט זאגען צום דריטען מאל, מזהיר זיין, איז ער מיר נעלם געווארען... צי איז עס נישט ד ע ר?

— ווער ווייסט?

און ער הויבט אן אויסמאלען: א דארער, א קליינער, א שווארץ בערדעל, שווארצע געקרייזעלטע פאות, א פארטראכטער, א שטיל קול און דערגלייכען.

— עס קאן זיין, — זאגט דער עולם, — אז דאס איז ער; קרוב לאמת!

איך האב שוין גאט געדאנקט, אז מען האט אנגעהויבען בענשען.

נאך נאך דעם בענשען איז געשעהען אזוינס, וואס עס האט זיך מיר גארנישט געקאנט חלומ'ען.

דער בריסקער רב הויבט זיך אויף פון בענקעל, רופט מיך אוועק אין א זייט און זאגט מיר שטילערהייט: פיהר מיך צו דיין רבי'ן און מיין תלמיד. נאר, הערסט, — קיינער זאל נישט וויסען!

מן־הסתם פאלג איך, נאר אויפ'ן וועג פרעג איך איהם מיט שרעק:

— בריסקער רב, — זאג איך, — מיט וואס פאר א כונה געהט איהר?

און ער ענטפערט מיר פשוט:

— עס איז מיר איינגעפאלען ביים בענשען, אז איך בין ביז אהער געוועזען א דן שלא בפניו... זעהן וויל איך, איך וויל אליין זעהן, און אפשר — האט ער שפעטער צוגעגעבען, — וועט מיר גאט העלפען, איך וועל ארויסראטעווען מיינס א תלמיד.

— ווייסט, שייגעץ, — מאכט ער ווייטער מיט הלצה, — אז אויב דיין רבי איז דער נח, וואס האט ביי מיר געלערענט, קען ער זיין א גדול בישראל, א בריסקער רב אמאל!

אצינד האב איך שוין זיכער געוואוסט, אז דאס איז ער, און דאס הארץ האט ערשט אנגעהויבען צאפלען...

---

און די צוויי בערג האבען זיך צוזאמען געטראפען... אז איך בין אין דער מיט נישט געבליבען אויפ'ן ארט, איז טאקע א נס מן השמים.

דער ביאלער רבי, זכרונו לברכה, פלעגט שמחת תורה ארויס־שיקען די חסידים שפאצירען ארויס דער שטאדט, און ער אליין איז זיך געזעסען אויפ'ן גאניקעל, און געקוקט, און מקבל נחת גע־וועזען.

עס איז נישט געוועזן היינטיגע ביאלע. עס איז געוועזן דאַ־מאָלט נאָר א קליין שטעדטעל. סאַמע קליינע, נידעריגע, געבויטע הייזלעך; אויסער דער שול מיט'ן רבי'נס בית־המדרש. דעם רבי'נס גאַניקעל איז געוועזן אויפ'ן צווייטען שטאָק און מען האָט פון גאַניקעל אַלץ געזעהן ווי אויף דער האַנט — די בערגלעך פון מזרח־זייט, דעם טייך פון מערב... — — און דער רבי זיצט אויפ'ן גאַ־ניקעל און קוקט. דערזעהט עטליכע חסידים, וואָס געהען און שווייגען, ווארפט ער זיי אראָפּ פון דער הויך אַן התחלה פון א ניגון. זיי כאַפּען אונטער און געהען שוין ווייטער זינגענדיג — — און כתות, כתות געהען פארביי, און לאָזען זיך ארויס פון שטאָדט, מיט געזאַנג, מיט אמת'ער פרייד, מיט אמת'ער שמחת תורה... און דער רבי פלעגט זיך נישט ריהרען פון גאַניקעל.

דאַמאָלט אבער האָט דער רבי, אפנים, דערהערט אנדערע טריט. האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז אקעגען געגאַנגען דעם בריסקער רב.

— שלום עליכם, רבי! — מאַכט ער מיט עניוות און מיט זיין זיס קול.

— עליכם שלום, נח! — האָט דער בריסקער רב געענטפערט.

— זיצט, רבי!

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאלער רבי שטעלט זיך פאַר איהם.

— זאָג נאָר, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפגע־הויבענע ברעמען, — וואָס ביסט דו עס אנטלאָפען פון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטען געפעהלט?

— עס האָט מיר, רבי, — ענטפערט ער געלאַסען, — אַטעם פארפעהלט... איך האָב נישט געקאָנט דעם אַטעם כאַפּען..

— ווי הייסט? וואָס רעדסט דו, נח?

— נישט מיר,—פארטייטשט דער רבי מיט א שטילערען קול.

— נאָר מיין נשמה האָט אַטעם פארפעהלט...

— פאַרוואָס, נח?

— אייער תורה, רבי, איז סאַמע דין! אָהן רחמים איז זי! אָהן א פונק חסד איז אייער תורה! און דעריבער איז זי אָהן שמחה, אָהן פרייען אַטעם... סאַמע ברזל ונחשת, אייזערנע חוקים, קופּערנע ־ינים... און סאַמע הויכע תורה, פאַר לומדים, פאַר יחידי סגולה!...

דער בריסקער רב שווייגט און דער רבי זאָגט ווייטער: און זאָגט־מיר, רבי, וואָס האָט איהר פאַר'ן כלל ישראל? פאַר'ן האַליץ־העקער, פאַר'ן קצב, פאַר'ן בעל־מלאכה, פאַר'ן פּראָסטען איד?... בפרט—פאַר א זינדיגען איד? וואָס, רבי, האָט איהר פאַר נ י ש ט לומדים?

דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פאַרשטעהט נישט. וואָס מען רעדט צו איהם. און דער ביאַלער רב שטעהט אַלץ פאַר איהם און זאָגט ווייטער מיט זיין זיס קול:

— זייט מיר מוחל, רבי, נאָר דעם אמת מוז איך אייך זאָגען... האַרט איז געוועזען אייער תורה, האַרט און טרוקען, ווייל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

— די נשמה? — פרעגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכען שטערן.

— אודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פאַר יחידי סגולה, פאַר למדנים, נישט פאַר כל ישראל. און די תורה מוז זיין פאַר כל ישראל! די שכינה מוז רוהען אויף כל־ישראל! ווארים די תורה איז די נשמה פון כל־ישראל!

— און דיין תורה, נח?

— איהר ווילט זי זעהן, רבי?

— תורה — זעהן? — וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

— קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזען!... איך וועל אייך איהר גלאַנץ ווייזען; די שמחה, וואָס שטראַלט ארוים פון איהר אויף אַלע, אויף כל־ישראל!

דער בריסקער רב ריהרט זיך נישט.

— איך בעט אייך, רבי, קומט, נישט ווייט!

ער האָט איהם ארויסגעפיהרט אויפ'ן גאַניקעל. שטילערהייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאַך דערפיהלט: — מענסט נאָכגעהן, — מאַכט ער, — שמעיה, היינט וועסט דו אויך זעהן... דער בריסקער רב וועט אויך זעהן... שמחת תורה וועט איהר זעהן... איהר וועט זעהן אמת'ע שמחת תורה!

און איך האָב געזעהן דאָס איינענע, וואָס אַלע שמחת תורה, נאָר איך האָב א נ ד ע ר ש געזעהן... ווי א פאַרהאַנג איז מיר אוועקגעפאַלען פון די אויגען.

א גרויסער, ברייטער הימעל — ממש אין־סוף, און בלוי, אזוי העל־בלוי איז דער הימעל געווען, אז עס האט מחיה געווען דאס אויג. איבער'ן הימעל זענען געשוואומען ווייסע, ממש זילבערנע, וואלקענדלעך, און אז מען האט זיך אין זיי איינגעקוקט, האט מען געזעהן, ווי זיי ציטערען ממש פאר פרייד, ווי זיי טאנצען אונטער מיט שמחת תורה! הינטען ווייטער האט ארומגענומען די שטאדט א גריגער, ברייטער גארטעל, א טונקעל גרינער. נאר דאס גרינע איז געווען לעבענדיג גרין, אזוי לעבענדיג, גלייך עס וואלט א „חיות" ארומגעפלויגען צווישען די גראזען; וואס אמאל, האט זיך געדאכט, פלאמט ערגעץ אנדערש אויס א חיות, א געשמאק, א לע־בען; — מען האט געזעהן בחוש, ווי די פלעמלעך שפרינגען און טאנצען צווישען די גרעזעלעך... גלייך זיי האלזען זיי און קושען זיי...

און אויף די לאנקעס מיט די פלעמלעך האבען זיך ארומגע־דרעהט כתות און כתות פון חסידים... די אטלאסענע און אפילו די לאסטינגענע קאפאטעס האבען געבלאנקט ווי די שפיגעל, די צור־ריסענע ווי די גאנצע... און די פלעמלעך, וואס האבען זיך ארויס־געריסען פון צווישען די גרעזעלעך, האבען זיך געכאפט און גע־טשעפעט אן די שפיגעלדיגע בגדי יום־טוב, און עס האט זיך גע־דאכט, אז זיי טאנצען ארום יעדען חסיד, מיט התלהבות, מיט ליעב־שאפט... און אלע כתות חסידים האבען געקוקט מיט וואונדערליך דורשטיגע אויגען ארויף צום רבי'נס גאניקעל... און די דורשטיגע אויגען, האב איך געזעהן ממש בחוש, זויגען פון גאניקעל, פון רבי'נס פנים, די ליכט, און וואס מעהר ליכט זיי האבען געזויגען, העכער געזונגען האבען זיי... אלץ העכער און העכער... אלץ לוס־טיגער, אלץ הייליגער...

און יערע כתה האט זיך געזונגען איהר נגון, נאר אין דער לופט האבען זיך די אלע נגונים מיט די אלע קולות אויסגעמישט; און צום רבי'נס גאניקעל איז צוגעקומען א י י ן זמר, א י י ן נגון... גלייך אלע זינגען איין זמר. און אלע זינגען — דער הימעל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פון אונטען זינגט, און די נשמה פון דער וועלט זינגט — — — אלץ זינגט!

רבונו של עולם! איך האב געמיינט, איך צוגעה אין מתיקות... עס איז אבער נישט באשערט געווען.

— מען דארף מנחה דאווגען! — האט פלוצלונג דער בריס־קער רב ארויסגעזאגט שארף; און אלץ איז פארשוואונדען גע־וואר'ען...

שטיל — — דער פארהאנג איז מיר צוריקגעפאלען פאר די אויגען: אויבען — א פשוט'ער הימעל, אונטען — פשוט'ע פאשע. פשוט'ע חסידים אין צוריסענע קאפאטעס... אלטע צוריסענע שטיק־לעך נגונים... אויסגעלאשען די פלעמלעך — איך קוק אויפ'ן רבי'ן. זיין פנים איז אויך חשך — — —

---

זיי האבען זיך נישט אויסגעגלייכט; דער בריסקער רב איז געבליבען א מתנגד ווי פריהער; מיט דעם איז ער אוועקגעפאהרען!

דאך א פעולה האט עס געהאט! גע'רודפ'ט האט ער שוין נישט. —

# משנת חסידים.

עס איז ידוע לכל — די גאנצע וועלט ווייסט, אז דער אדמו"ר פון נעמיראוו האט גערינט דעם רבונו של עולם מתוך שמחה.

וואויל איז דעם אויג, וואס האט זוכה געווען צו זעהן די פרייד, דאס פייער, דעם ברען, טאקע די שמחה אליין, וואס האט פון איהם זכרונו לברכה, ארויסגעשטראלט ווי פון א זון און האט באשיינט און באגאסען דעם גאנצען עולם ווי מיט א גאלדען, פייערדיג ליכט! וואס פאר א תענוג דאס איז געווען!

א איד האט פארגעסען דעם גלות, די צרות, די יסורים די גרעסטע; מען האט זיך אליין פארגעסען; אלע נשמות האבען זיך צוזאמענגעגאסען אין איין פלאם מיט זיין, זכרונו לברכה'ס, נשמה! איי, ווי מען האט זיך געפרעהט! ווי לעבעדיג, ווי ברענענדיג געפרעהט! עס האט ווי פון א קוואל געשלאגען!

פאראנען צדיקים, וואס זענען זוכה צו שמחת־שבת ויום־טוב, דער וואנוואליצער, זכרונו לברכה, האט זיך געריהמט, אז אין זיין נשמה שטעקט א פונק פון דער שמחה פון מוצאי־יום־כפור! אנדערע זענען זוכה צו שמחה נאר ביי א סעודת מצוה, א סיום, א ברית וכדומה...

אבער אונזער אדמו"ר, זכרונו לברכה, האט געהאט די שמחה פון „ברוך ה' יום יום!" און ביז דער לעצטער מינוט, ביז צו דער פטירה, זכותו יגן עלינו!

און היינט זיין זינגען, זיין טאנצען! זיינע זמירות און זיינע רקודים זענען אויסגעזאפט געוועזען מיט רוח הקודש.

— איך בין מגלה — האט ער איינמאל אויסגערופען, און די אויגען, האט מען געזעהן, האבען איהם געשטראלט טאקע ממש מזיו השכינה — איך בין מגלה, אז די גאנצע וועלט איז נישט מעהר נאר א זמר און א טאנץ פאר הקדוש ברוך הוא! אלע זענען משוררים און זינגען זיין לויב! יעדער איד איז א משורר און יעדער אות פון דער תורה הקדושה איז א קול־נגינה, און יעדע נשמה

אין יעדען גוף איז אויך א קול־נגינה, ווארים יעדע נשמה איז אן אות פון דער תורה הקדושה, אלע נשמות צוזאמען זענען די תורה הקדושה אינגאנצען אוןביידע זענען א זמר לפני מלך מלכי המלכים. הקדוש ברוך הוא!

און ווייטער האט ער געזאגט, אז אזוי ווי עס זענען פאראנען אלערליי קולות פון נגינה, אזוי זענען פאראנען אלערליי כלים פון נגינה און יעדער מין נגון איז באהעפט צו דער כלי, וואס קאן אויס־שפילען דעם נגון. און יעדע כלי האט זיך איהר נגון; ווארים די כלי איז דער גוף און דער נגון איז די נשמה פון דער כלי...

און יעדער מענש איז אויך א כלי־נגינה. און דאס לעבען פון א מענש איז א נגון, א פרעהליכער צי א טרויעריגער נגון. און אז מען ענדיגט דעם נגון, פליהט ארויס די נשמה פון גוף און דער נגון, די נשמה הייסט עס, באהעפט זיך צוריק מיט דער גרויסער נגינה פאר'ן כסא הכבוד...

און וועה, האט ער געזאגט, איז דעם מענש, וואס לעבט אהן זיין נגון; דאס איז שוין א לעבען אהן א נשמה, עס איז א גע־קריצעריי און א געקרעכצעריי — עס איז שוין קיין לעבען נישט...

און יעדער כלל איז א באזונדער נגון, און דער צדיק, וואס שטעהט איבער'ן כלל, איז דער קאפעלמייסטער צום נגון פון כלל... און יעדערער פון כלל קאן זיין חלק נגון, און יעדער מוז זיך אנ־רופען אזוי ווי מען דארף און ווען מען דארף, אנישט מאכט ער קאליע דעם נגון. נאר דער קאפעלמייסטער מוז קענען דעם גאנ־צען נגון און פאררינכטען, ווען מען דארף, און הייסען איבער־חזר'ן, ווען מען דארף... און הערט ער א פרעמד קול אין נגון אריין, מוז ער איהם ארויסטרייבען ווי א דבוק, רחמנא לצלן, עס זאל, חס ושלום, נישט איבערפיהרען דעם נגון!

און וואויל, האט ער געזאגט, איז אייך, וואס עס איז אייך באשערט געווארען א פרעהליכער נגון...

און אסך האט ער, זכרונו לברכה, גערעדט פון דעם ענין...

— די למדנים, — האט ער געזאגט — וואס קענען נאר לער־נען פון אויבען אויף, די זענען ווי פרעמדע, וואס האבען הנאה קוקענדיג פון דרויסען אויס'ן מלך'ס פאלאץ און קאנען נישט אריינ־קומען. זיי האבען אפילו די העזה נישט אנצוקלאפען אין טויער. טאמער וועט מען זיי עפענען... זיי קאנען נאר די ווענט זעהן, מיט

רי פענסטער, מיט די קוימענס, מיט די הויכע פאהנען איבער׳ן דאך פון מלך׳ס פאלאץ. טיילמאל זעהען זיי דעם רויך, וואס געהט ארויס פון די קוימענס, און זייער אויער כאפט אמאל עטליכע קולות פון די עבדים ושפחות, וואס דרעהען זיך ארום אין די פאר־שטיבער פון מלך׳ס פאלאץ... אבער די, וואס פארטיפען זיך אין תוך פון דער תורה, וואס באהעפטען זיך מיט דער נשמה פון דער תורה, די קומען אינעווייניג אריין אין פאלאץ, די זעהען דעם גאנ־צען כבוד פון מלך און הערען, ווי מען לויבט און מען זינגט דעם מלך׳ס לויב, און באהעפטען זיך מיט׳ן געזאנג פאר׳ן מלך...

— און יענע, — האט ער געזאגט — וואס געהען ארום פאר׳ן פאלאץ, זענען טיילמאל נאך געגליכענט צו בעלי־מלאכות, וואס מא־כען כלים צו נגינה, און קאנען א כלי־נגינה פאררירכטען. אבער אליין אויף דער כלי שפילען קאנען זיי נישט; טיילמאל האבען זיי פיינע געשיקטע הענט צו מאכען א כלי־נגינה, נאר זיי האבען פארשטאפטע אויערען, און אז מען שפילט אויף דער כלי, וואס זיי אליין האבען געמאכט, הערען זיי נישט, אדער זיי האבען א פאר־שטאפטע הארץ און פארשטעהען נישט, און פיהלען נישט. א גרוי־סער בעל־מלאכה, וואס נעמט שוין די כלי צום מויל, קאן ער זי נאר פרואווען אדער עמיצען עפעס נאכשפילען, נאר קאלט, אהן א נשמה — אבער שפילען, פון זיך א שטייגער שפילען, — דאס קא־נען זיי נישט, אפילו נאר די גרויסע נישט.

— אבער איך, ברוך השם, — האט ער געזאגט, — כאטש איך בין קיין למדן, דאס הייסט קיין בעל־מלאכה נישט, און קאן קיין כלי נישט מאכען, נישט פאררירכטען, שפילען אויף אלע כלים — קאן איך...

— זיי — זאגט ער — זענען די כלים און מיר דער נגון! זיי זענען די מלבושים און מיר די מענשען! זיי זענען גופים און מיר — נשמות!

**וואויל איז די אויערען, וואס האבען אזוינס געהערט!**

---

**וואויל איז די אויגען, וואס האבען זוכה געוועזען צו זעהן די שמחה ביים אדמו״ר אין הויף; נאר דאס אלץ איז געוועזען כטיפה מן הים קעגען דער שמחה אויפ׳ן טעכטערלס חתונה!**

ווער עס האט פיינעלעס חתונה נישט געזעהן, האט קיין גוטס נישט געזעהן!

דאמאלט האט ממש די שכינה זיך אראפגעלאזט און האט אויף אלע גערוהט. א ליכטיגער רוח־הקודש האט אלע ארומגע־נומען... פון גרויס ביז קליין איז געהויכט און געקרוינט געווארען. מען האט געזעהן בחוש, אפילו די קעכינס, די סארווערס, אפילו די בעלי־עגלות, וואס האבען געבראכט די מחותנים... אפילו די פויע־רים, האט ער געזאגט, הויבט ער אויף צו דער מדרגה פון הסידי אומות העולם!...

דער עלטסטער פון אלע, ר׳ צ׳ו, האט מיר געזאגט, און ר׳ צ׳ו האט נישט גערעדט אזוי, אבי צו רעדען, אז דאס איז די ערשטע שמחה פון ששת ימי בראשית אן...

און שטעלט אייך פאר, וואס פאר א רעש עס איז געווארען אין די עולמות העליונים, אז דער רבי איז געגאנגען כלה־טאנץ!

— אוי, — האב איך מיר געוואונשען — ווי נעמט מען אהער אלע די אפיקורסים׳לעך, די לצנים׳לעך, די אלע, וואס קוועטשען און חכמה׳ן זיך, — זאלען זיי זעהן דעם תענוג, די גדולה, די שמחה! עולם־הזה ווילען זיי דאך, זאלען זיי זעהן ווי פון עולם־הבא איז עולם־הזה געווארען, ווי די גאנצע וועלט מיט שמחה איז אריין צו אונז אין שטוב און האט געלייכט ווי די זון! די פיס וואלטען זיי געקושט, זיי וואלטען ערשט זעהן, וואס זייער עולם־הזה איז ווערט!

ווארים גלאט, דעם רבי׳נס א טענצעל, אפילו גאר א וואכעדיג טענצעל, אדורכלאזען זיך איבער דער שטוב, איז דאך אויך געווע־זען אחד מששים בגן־עדן; דאמאלט איז עס אודאי א דריטעל און אפשר גאר א גאנצע העלפט געוועזען!

די כלי־זמר האט דאמאלט א „פרעהליכס" געשפילט. דער עולם, ווי אויף א חתונה, איז געוועזען צושפרייט אין אלע ווינ־קעלעך, טייל האבען געכאפט א טענצעל אין א זייט, אין צווייען, אין דרייען, צי א קליין רעדעל געמאכט; אנדערע האבען געזונגען, געטרונקען, א שטיקעל דור הפלגה ווי אויף א חתונה.

פלוצלונג האט זיך דער רבי, זכרונו לברכה, אויפגעהויבען, געגאנגען אין מיט שטוב אריין און האט זיך אפגעשטעלט.

מיט אַ פינגער האָט ער אַ צייכען געגעבען די כלי־זמר, און זיי האָבען אויפגעהערט צו שפּילען.

דער רבי איז געשטאַנען אינמיטען שטוב, דאָס פּנים האָט געפלאַמט מיט רוח־הקדש, די אויגען האָבען געלויכטען ווי די שטערען, דער אַטלאַסענער קאַפּטאַן האָט געשפּיגעלט און געבליצט, דאָס שטריימעל האָט געגאָסען מיט הונדערטער זילבערנע פּיילען — עס האָט אַנגעכאַפּט דאָס האַרץ, עס האָט פאַרגומען די אויגען...

שטיל איז געוואָרען, אַלע אויגען האָבען זיך געצויגען צום רבי'ן און באַהעפט אַן זיין געשטאַלט. מען האָט דעם אָטעם פאַרהאַלטען — מען האָט געהערט דעם אמורה פון זייגער פון דער זיבעטער שטוב, און אין דער זיסער שטילקייט האָט דער רבי אַנגעהויבען זיין שטילען נגון.

אינמיטען האָט ער אָפּגעהאַקט דעם נגון און האָט אַנגעהויבען ארויסצולאָזען באַזונדערע, אָפּגעריסענע קולות — און דער עולם האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס די אָפּגעריסענע קולות זענען! דאָס זענען געוועזען בשורות טובות, וואָס ער האָט ארויסגעשיקט אין דער וועלט אריין, מבשר און מודיע זיין, אַז פייגעלע תחיה'ס חופה וועט זיין למזל טוב, ובשעה מוצלחת... און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך זעה בחוש, ווי ווייסע טויבען ווי שניי פליהען פון רבינ'ס מויל ארויס, און אין אַ צייט ארום האָט ער, זכרונו לברכה, אויך געמוזט מודה זיין, אַז די קולות זענען געוועזען שמשים, שלוחים געשיקטע צו דער גאַנצער וועלט — צו אַלע חיות, צו אַלע בוימער און גראָזען, צו מדבריות, וועלדער, ימים און טייכען, צו הימעל און ערד, צום גיהנום, צום גן־עדן, צו די אבות, צו דער פמליא של מעלה און האָט אַלע פאַרבעטען אויף די חתונה...

און אַז דער עולם האָט דערפיהלט, אַז די היץ אין שטוב האָט זיך פּלוצלונג געשטאַרקט כפל־כפלים, און אַז ער, זכרונו לברכה, האָט געזעהן, אַז מען איז געקומען, האָט ער צוריקגעצויגען צום זיסען נגון, און האָט איהם אַנגעהויבען זינגען מיט ווערטער, אמרים קדושים! און דערביי האָט ער אַנגעהויבען טאַנצען, און אַלע אויגען האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט און באַהעפט אַן די הייליגע פיס...

וואויל איז טאָקע דעם אויג, וואָס האָט עס געזעהן!

עס איז אַ ידוע לכל, אַז תיכף נאָך הסתלקות פון דעם אדמו"ר און עס האָט געטראָפען, וואָס עס האָט זיך נישט געוואָלט

טרעפען, מיט׳ן איידעם, טאקע מיט פייגעלעס, עליה השלום׳ס. מאן און איך בין געבליבען כצאן בלי רועה, בין איך אויסגעפאהרען גאנץ תפוצות ישראל און געזוכט... און וואס איך האב געוואלט, צו וואס מיין הארץ האט געגלוסט, האב איך אין ערגעץ נישט געפונען! איך האב מיך אנגעזעהן אסך זאכען, הויכע זאכען, מורא׳דיגע זא־כען — האר און נענעל האבען זיך קאפויר געשטעלט. נאר קיין שמחה האב איך אין ערגעץ נישט געזעהן!

עצבות, מרה־שחורה, צובראכענע הערצער... און טרעפט מען יא אביסעל שמחה, איז עס גלאט „משנכנס אדר“ שמחה, סעודת־מצוה שמחה — כל־זמן דאס פלעשעל שטעהט! צו שלמות פון א נגון איז נאכ׳ן אדמו״ר קיינער נישט געקומען... אזוי, דער עולם בורטשעט... ווער שמועסט טאנצען!...

עס זינגט זיך נישט — הילצערנע קולות; עס טאנצט זיך נישט — די פיס ווילען זיך נישט פון דער ערד אפרייסען; אומ־געלומפערטע הענט, א פוילער גוף — קאלט, געפרוירען... און אז מען זינגט שוין און מען טאנצט, — עס איז דאך אמאל אין א יאהר שמחת תורה — רייסט זיך עס: די ווערטער געהען אין איין זייט, דער נגון איז אן אנדער זייט און די פיס טוען זיך זייערס באזונ־דער; זיי האבען צווישען זיך קיין שייכות נישט — דריי פרעמדע האבען זיך צוזאמענגעטראפען און יעדער באזונדער געהט זיך אויף און אפ אין שמוב...

מיט׳ן אדמו״ר צוזאמען איז נסתלק געווארען די שמחה, די נשמה פון טאנצען, פון נגון, פון זמר. נאר ער איינער האט גע־וואוסט, וועלכע תנועות הגוף עס געהערען צו דעם און וועלכע צו יענעם נגון, וועלכע קולות מען דארף צו די און וועלכע צו יענע ווערטער.

נאר — נחזור לענינינו...

:אדמו״ר שטעהט אין דער מיט און זינגט און טאנצט, און מיר שטעהען ארום ענגול בתוך עגול, און זעהען די קולות און הערען די טענץ — און אלע ארום האבען אנגעהויבען זינגען און טאנצען. אפילו די כלי־זמרים האבען אוועקגעווארפען די כלים — עס האט זיי מיטגעריסען — און זינגען און טאנצען, און איך האב אפילו די זכיה געהאט צו טאנצען מיט אדמו״ר פנים אל פנים. אינמיטען

דערזעה איך, אז דער חתן, איינער אליין דער חתן שווייגט, זינגט נישט און טאנצט נישט.

— רבי, — האב איך אויסגעשריען נישט מיט מיין קול, — אפילו די כלי־זמר זינגען און טאנצען און ער נישט.

און דער רבי האט צוגעטאנצט צו מיר און געזאגט: שרעק זיך נישט, האב בטחון אין פייגעלע תחיה׳ס מזל...

און שפעטער, פאר דער סעודה, האט ער מיר איינגערוימט:

— וועסט הערען, ווי ער וועט תורה זאגען. לויט מיין טאנצען. וכך הוה...

די תורה אליין, וואס דער חתן האט גע׳דרש׳ענט, געדענק איך נישט; איהר ווייסט דאך, קיין מופלג אין נגלה בין איך נישט, און נישט אלץ האב איך משיג געווען, בפרט, אז ער האט גערעדט טיף־ליטוויש און אזוי געשווינד, אז עס האבען זיך פייערדיגע רע־דער געדרעהט פאר די אויגען...

נאר די סוגיא איז געוועזען עמוק עמוק — א טיפער ענין...

דער עולם ארום, קיין עין־הרע, עטליכע מנינים מופלגי תורה, האבען געגאפט מיט אפענע מיילער.

דער קאוואלער דין, זכרונו לברכה, דער אייזערנער מח, וואס פלעגט קיינעם נישט אויסהערען, און שפרינגען מיט די פינגער אין די אויגען אריין און שרייען „עם הארץ״! איז געזעסען שטיל און מיט א זיס שמייכעלע אויפ׳ן דראבנעם פנים האט ער גע־הערט און צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ...

און דער גאנצער עולם האט געהערט, נאר איך איינער האב געוואוסט דעם סוד, אז ער זאגט, וואס דער רבי האט געטאנצט. זיי אלע האבען געהערט דאס חצוניות, איך איינער האב געוואוסט דעם תמצית פון דער זאך... און אז איך האב פארמאכט די אוי־גען, האב איך געזעהן דעם רבין טאנצען!

און עס איז געוועזען פונקט אזוי, ווי ביים רבינ׳ס טאנצען...

שטיל איז געווען. אזוי שטיל, אז מען האט געהערט דעם אומרוה פון רבי׳נס זייגער אין דער זיבעטער שטוב... און אין דערמיט איז געוועזען דער חתן, און ארום איז געשטאנען דער עולם עגול בתוך עגול מיט פלאמענדיגע פנים׳ער, ברענענדיגע אוי־גען און פארהאלטענעם אטעם...

כבוד התורה האט אויפ'ן חתן גערוהט, און פון כבוד התורה האט ווי פון א זון ארויסגעשטראלט די ליכט און אנגעצונדען די נשמות — ארום זענען פלאמענדיגע נשמות געשטאנען!

און זיינע ליפען האבען געטאנצט ווי דעם רבינ'ס פיס, און אלע אויגען האבען געהאנגען אויף זיינע ליפען ווי אויפ'ן רבינ'ס פיס, און דער עולם ארום איז פול געוועזען מיט תענוג, מיט מסירת נפש...

דאמאלט איז ער אויך אן אדמו"ר געוועזען...

די נשמה פון כלל...

זיי האבען זיך צו איהם צוגעצויגען ווי אייזענשטויב צו א מאגנעט... ווי מיט א כשוף האט ער זיי מיטגעשלעפט מיט זיך, ווייט, ווייט, אין נאס ארויס, פון שטאדט ארויס, איבער טאל און איבער בערג, איבער ימים און מדבריות...

און די אויגען האבען געלויכטען, ווי די אויגען ביים אדמו"ר און די הענט האבען געארבייט ווי זיינע כשר'ע פיס...

איך זיץ ווי פאר'חלומ'ט, פלוצלונג ריהרט מיר עמיץ די פלייצעס.

איך קוק מיך אום — דער אדמו"ר:

— זעהסט! אזוי האב איך געטאנצט; נאר איין נגון איז נישט אריין, פאר דער טיר שטעהן געבליבען: דעם ווילנער גאונ'ס תלמיד... ע!

דער „ע"! איז מיר אריין אין הארץ ווי א מעסער.

פלוצלונג זאגט ער:

נעה, חיים, געבען די ערלים פון די פוהרען בראנפען.

און וואס דאס האט באטייט, האב איך שוין נישט אנגעהויבען וויסען.

# אַ גלגול פון אַ נגון.

— א טאַלנער נ ג ו ן ווילט איהר?

דאכט זיך אין פלוג אַ קליינינקייט — נעמען אַ נגון פון אַ טאַלנער שלש סעודות און נאָכזינגען! עס איז אָבער נישט אַזוי, ווי עס דאכט זיך!

דער טאַלנער נגון מוז געזונגען ווערען ברב עם, ח ב ר ה מוז איהם זינגען!

אונטערהעלפען ווילט איהר? ניין, ברידער! מיט דער הילף פון פּוילישע חסידים זינגט זיך נישט קיין טאַלנער נגון!

איהר האָט גאָר קיין השגה, קיין ידיעה אין נגינה!

איך הער דאָך אייערע כלי־זמרים, אייערע חזנים! עס גרימ־פּעלט זיך, נישט עס שפּילט, און ביים זינגען רייסט איהר אייך. ווי געקווילעטע הענער! אפילו די סיני נגונים קומען ביי אייך ארויס משונה־ווילד... און אייערע מאַרשען, אייערע קאַזאַקלער? זיי זענען נאָך ווילדער ווי אייערע תנועות און הויות! איהר זאָגט, עס איז חסידות?... ביי אונז זענען אַנדערע חסידים!...

פון וואַנען מ י ר האָבען נגינה? אפשר קומט עס שוין בירושה און אפשר ליגט עס אין דער געגענד!

אין אונזער קיעווער געגענד איז אין בית אָהן אַ פידעלע!

אַ בעל־בתי'ש קינד, אַדער, ווי מען זאָגט אין יענע קאַנטען: אַ טאַטענס אַ קינד, מוז האָבען אַ פידעלע, מוז קאָנען שפּילען...

איהר ווילט וויסען, וויפיעל מאַנסלייט עס געהערען צו אַ שטוב? קוקט אייך די ווענט! וויפיעל עס הענגען פידעלער, אַזוי־פיעל מאַנסלייט!

אַלע שפּילען: עס שפּילט דער זיידע, עס שפּילט דער פאָטער, עס שפּילט דער זוהן...

עס איז נאר אַ שאַד, וואָס יעדער דור שפּיעלט זיך זיינס. ישפּילט אַנדערש, שפּילט באַזונדער!

דער אַלטער זיידע שפּילט סיני־נגונים אָדער אַזוי חזנ׳ישע זאַכען: אַ „כל־נדרי“, „שושנת יעקב“, אַ „גדי קשור־ידים“ — אַ דאגה וואָס? דער פאָטער, אַ חסיד׳ישער מענש, צוגעהט זיך איז אַ גוט־אידישען שטייגער! דער זוהן ווייטער — שפּילט שוין פון נאָטען! מען שפּילט שוין גאָר פון טעאַטער!

אַזוי ווי דער דור, אַזוי איז דער נגון!

*

— וואָס טוען חסידים, אַז עס פעהלט אַביסעל בראַנפען? רעדט מען פון בראַנפען!... זינגען איינער אַליין, אַהן חברה, אַהן אַ ברען פון עולם, קאָן מען נישט; וועל׳מיר ר ע ד ע ן פון נגינה...

נגינה, מוזט איהר וויסען, איז אַ גרויסע זאַך! גאַנץ טאַלנאַ איז געשטאַנען אויף מלוה־מלכה׳ס, און דער עיקר מלוה־מלכה איז געווען דער נגון!

עס ווענדט זיך נאָר, ו ו ע ר עס זינגט און ו ו אָ ס ער זינגט...

מיט די אייגענע צינעל קאָן מען שטעלען אַ שול און אַ קלויס־טער, להבדיל, אַ פּאַלאַץ און אַ תפיסה, און גאָר אַ הקדש!

מיט די אייגענע אותיות שרייבט מען סודות התורה און, להבדיל, דאָס גרעסטע אפיקורסות! און מיט די אייגענע קולות קאָן מען אַרויף צו דער העכסטער מדרגה פון התלהבות און דבקות, און מען קאָן אַראָפּ ביז׳ן שאול תחתית און וואַלגערען זיך דאָרט ווי אַ וואָרים אין בלאָטע!

אַ בריוועל — ווי מען לייענט עס; אַ נגון — ווי מען זינגט איהם!

נעמט, למשל, אַ „פּרעהליכם“; קאָן עס זיין אַ טאַלנער שבת־שירה׳דיגע מלוח־מלכה, — אַ שמחה פון מצוות און מעשים טובים; און עס קאָן זיין די פרייד פון אַן אויסגעלאַסענעם פויגעל אין אַ הפקר־וועלט!

א נגון ברענט, טאקע „תוכו רצוף אהבה“ — אויסגעווייקט איז ער מיט ליעבשאפט; נאר ליעבשאפטען זענען פאראנען אסך: עס איז פאראנען אהבת המקום, אהבת הבריות, א ליעבשאפט צו כל ישראל... איינער אבער האט גאר ז י ך אליין ליעב, צי גאר, רחמנא לצלן, אן א ש ת - א י ש!

א נגון קלאגט זיך, א נגון וויינט, נאר איינער וויינט אויפ'ן נחש, אויפ'ן פארלוירענעם גן־עדן; א צווייטער — אויף גלות השכינה, אויף חורבן בית־המקדש, אויף אונזער דלות און שפלות!... „ראה עמידתנו...“ קלאגט ער זיך, דער נגון... און נאך א נגון וויינט, אז עמיצען איז א יפה פיה אנטלאפען!

עס איז פאראנען א נגון פול מיט בענקשאפט; נאר צו וואס בענקט ער, דער נגון? עס בענקט א נשמה צוריק צו איהר שורש. און עס בענקט אן אלטער כלב אהן ציין צו יונגע יאהרען מיט'ן יונגען יצר־הרע!

נעמט כאטש דאס ליעדעל:

ר' דוד'ל האט געוואוינט אין וואסילקאוו —
אין וואסילקאוו,
און היינט וואוינט ער אין טאלנא;
ר' דוד'ל, ר' דוד'ל האט געוואוינט אין וואסילקאוו,
היינט וואוינט ער אין טאלנא!...

עס זינגען עס טאלנער, עס זינגען עס וואסילקאווער! נאר, אז די טאלנער זינגען, איז עס אן אמת „פרעהליכם“, שפריצט עס און ברענט מיט שמחה, מיט תענוג; זינגען עס אבער וואסילקאווער, איז עס אויסגעווייקט מיט צער און מרה־שחורה! און ווענדען ווענדט זיך עס אן דער נ ש מ ה, וואס מען גיט א ר י י ן אין נגון!...

— — — — — — — — — — — — — — —

דער נגון, מוזט איהר וויסען, איז א סך־הכל פון קולות, אדער, ווי יענע זאגען — טענער.

די קולות אדער די טענער נעמט מען פון דער טבע; זיי איז קיינער נישט מהדש, און אין דער טבע פעהלט נישט קיין קולות.

אלץ האט א קול, זיין אייגענעם קלאנג. אויב נישט גאר א גאנצען ניגון!

די גלגלים, האבען מיר א קימא לן, זינגען; טאג און נאכט — „יום ליום... לילה ללילה..." האבען זייער זמר... מענשען און פייגעל זינגען, חיות ובהמות זאגען שירה... א שטיין אז א שטיין קלאפט, מעטאל קלינגט... וואסער, אז עס לויפט, שווייגט עס נישט; היינט א וואלד! ביים קלענסטען ווינטעל, זינגט ער דאך א „וואלאד", אז אמת'ען, שטילען, זיסען וואלאד! און די באהן, למשל — די חיה רעה, מיט די רויט-פלאמענדיגע אויגען, אז זי לויפט, באטויבט זי נישט מיט איהר געזאנג? אפילו די שטומע פיש, האב איך אין אן אלט ספר געזעהן, גיבען אויך אמאל ארויס פון זיך א קול נגינה. טייל פיש, שטעהט אין ספר, שווימען פון צייט צו צייט צו צום ברעג, קלאפען מיט די עקען אין זאמד, אויף א שטיין אין זענען זיך דערמיט מחיה!

ווענעיג קולות? מען דארף נאר האבען אן אויער, עס זאל די קולות אויפכאפען ווי א נעץ, איינזאפען ווי א שוואם!

נאר פון טענער אליין איז נאך קיין נגון נישט!

א הויפען ציגעל איז נאך נישט קיין הויז!

דאס איז ערשט דער גוף פון נגון; ער דארף נאר א נשמה!

און די נשמה פון א נגון איז שויין א געפיהל פון א מענש: זיין ליעבשאפט, זיין צארן, לייטזעליגקייט, נקמה, הארצבענקעניש, חרטה, צער, — אלץ, אלץ, וואס א מענש פיהלט, קאן ער ארייננעבען אין א נגון און דער נגון — לעבט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווארים איך, רבותים, גלויב, אז דאס, וואס מיך איז מחיה, מוז אליין האבען א חיות, לעבט אליין!

און היינט, אז א נגון איז מיך מחיה, אז איך באקום פון א נגון אן אמת חיות, א נייע נשמה, זאג איך, אז א נגון לעבט...

און א והא ראיה: נעמט א נגון און צושניידט איהם, זינגט איהם קאפויר, כאפט פריהער ארויס די מיט און דערנאך זינגט די התחלה מיט'ן סוף, נו, האט איהר א נגון? בסך הכל האט איהר אלע קולות, עס פעהלט אייך קיין איינציגער טאן, נאר די נשמה איז ארויס! איהר האט א לעבעדיגע ווייסע טויב געקוילעט און אונטער'ן מעסער איז ארויס די נשמה!

עס איז געווארען א מת, א בר־מנן פון א נגון!
אין טאלנא איז ברור כשמש, אז א נגון לעבט!

— — — — — — — — — — — — — —

און א נגון לעבט, און א נגון שטארבט; און מען פארגעסט א נגון, ווי מען פארגעסט א שוכן עפר!

יונג און פריש איז ער אמאל געווען, דער נגון! מיט פריש לעבען האט ער געשפריצט... מיט דער צייט איז ער אפגעשוואכט געווארען, ער האט אפגעלעבט זיין צייט און די כחות זענען איהם אויסגעגאנגען... עבר ובטל איז ער געווארען... דערנאך איז זיין לעצטער הויך אריין אין דער לופט און ערגעץ פארשטיקט גע־ווארען — ואיננו!...

נאר א נגון קאן אויפשטעהן תחית המתים...

פלוצים דערמאנט מען זיך אן אלטען נגון. ער שווימט פלוצים ארויס און רייסט זיך פון מויל אראפ... נישט ווילענדיג, לעגט מען אין איהם אריין א ניי געפיהל, א נייע נשמה, און כמעט א נייער נגון לעבט...

דאס איז שוין א גלגול פון א נגון...

— — — — — — — — — — — — — —

איהר פארשטעהט מיך ווענינ... רעדט מיט א בלינדען וועגען ליכט!

ווייסט איהר וואס? מעשיות האט איהר דאך ליעב, וועל איך אייך דערצעהלען א מעשה וועגען א גלגול פון א נגון... הערט!

---

דריי־פיער מייל הינטער בערדיטשעוו, באלד נאכ'ן וואלד, איז פאראנען א שטעדטעל מאכנאווקע; און אין דעם מאכנאווקע איז געווען א נישט־קשה'דיגע קאפעליע כלי־זמר. נאר דער ראש־וראשון זייערער, ר' חיים'ל האט ער געהייסען, דער איז געווען א בריה פון א מוזיקאנט, — פדהצור בערדיטשעווערס א תלמיד. דער ר' חיים'ל איז נישט געווען קיין מחדש פון נגונים, דאס הייסט: ער איז נישט געווען קיין קאמפאזיטאר; נאר אויספיהרען א זאך, מטעים זיין, פארטייטשען, ממש אריינלעגען אין הארץ — דאס האט ער געקאנט; אין דעם האט שוין זיין גבורה געשטעקט!

א איד איז ער געוועזען א דארער, א טרוקענער. האט ער אבער אנגעהויבען שפילען, איז ער פלוצים געווארען גאר אן אנדערער מענש: די אייביג אראפגעלאזטע ברעמען האבען זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, און פון די שטילע, טיפע אויגען איז געפאלען אן אמת'ע שיין פון רוחניות איבער'ן בלאסען פנים. מען האט געזעהן בחוש, אז ציגנר איז ער נישט קיין היגער. זיינע הענט שפילען אליין, פון זיך, און די נשמה פליהט ערגעץ ארום, הויך, הויך איז עולם הזמרה... טיילמאל פלעגט ער זיך פארגעסען און אנהויבען זינגען אויך. און א קול האט ער געהאט — א קלארנעט. אזוי קלאר און אזוי ריין...

וואלט דער חיים'ל נישט געוועזען קיין פרומער, פשוט'ער איד, כמעט א תם, וואלט ער זיך נישט געקווענלט מיט אכט קינדערלעך אין מאכנאווקע. ער וואלט שוין ערגעץ געשפילט אדער געזונגען אין א טעאטער, און אפשר קאר־חזן געווארען אין א בערלין צי פאריז... נאר אזוינע לייט גיט שויז ארויס פון זיך בעררדיטשעוו. חיים'ל תם זיצט זיך אין דערהיים און בארגט חדשים־לאנג אין אלע שפייז־געוועלבלעך על חשבון פון א בעל־בתי'שער חתונה, וואס מוז דאך אמאל זיין!

און דאמאלט האט זיך פונקט געמאכט א גבירה'שע חתונה! און ביים פער פון מאכנאווקע, ביי בערעל קאצנער'ס אלמנה.

בערעל קאצנער אליין, — ווערגען זאל ער מיך קומען. — איז געוועזען א גרויסער וואכערניק, א קמצן — נאך א גרעסערער. אין מויל אריין האט ער זיך נישט פארגונען... ער פלעגט ארומגעהן און קלייבען קרישקעלעך נאך די קינדערס עסען... אן אייזערען הארץ. האט ער געהאט, דער מענש!

פאר'ן טויט, כמעט אינמיטען דער גסיסה, רופט ער צו דעם עלטסטען זוהן, הייסט זיך דערלאנגען די ביכער, און ווייזט אן מיט א ברוין־בלויען פינגער, וואו עס איז נישט באצאהלט קיין ראטע! און „פראלאנגירען, זאגט ער, חס ושלום! הערסט! בגזרת כבוד־אב!"

דערנאך האט ער צוגערופען דאס ווייב און געהייסען באהאלטען דאס קופער, וואס האט געהאנגען אויף דער וואנט: „מאך איך צו אן אויג, — זאגט ער — איז אלץ הפקר!" און מיט דעם איז איהם די נשמה ארויס!

איבערגעלאָזט האָט ער טאַקע אַ האַלבען מיליאָן!

ווי געזאָגט, חתונה דער טאָכטער מאַכט די אלמנה, און זי איילט צו, ווייל זי וויל זיך אליין אויך לאָזען רעדען אַ שדוך; אַ שטיין איז איהר אַראָפּ פון האַרץ! אויפגעריכט איז זי געוואָרען!...

און אַז חיים׳ל כלי־זמר דאַרף אויך חתונה מאַכען אַ טאָכ־טער, וואַרט ער מן הסתם אויף דער חתונה, ווי אויף משיח׳ן...

פאַלט אָבער איין דער אלמנה, אַז זי וויל אַראָפּברענגען פדהצור׳ן פון בערדיטשעוו.

באשר בכן? עס וועלען זיין קיעווער מחותנים, קיעווער מבינים, וויל זי צום באַדעקענעס אַ נייעם אל מלא רחמים; נישט, זאָגט זי, קיין אַלטע אָפּגעשלאָגענע הושענא! עס קאָסט אַזויפיעל, זאָל נאָך קאָסטען, און זאָלען די קיעווער זעהן!

חיים׳ל איז שיער אויסגעגאַנגען.

אין שטאָדט איז אויך געוואָרען אַ געררודער; מען האָט איהם זעהר ליעב געהאַט, חיים׳לען; און עס איז גלאַט אַ רחמנות אויף אַ איד אַן אביון!... מען לעגט זיך אַריין אויף אַ פשר; און סוף־כל־סוף איז געבליבען, אַז שפּילען זאָל טאַקע חיים׳ל מיט דער קאַ־פּעליע, נאָר פאַר דער חתונה זאָל ער זיך אַראָפּכאַפּען, אויף דער גבירה׳ס הוצאות, קיין בערדיטשעוו און ברענגען פון פדהצור׳ן אַ נייעם אל מלא רחמים.

חיים׳ל כאַפּט עטליכע רובל, — דערפון לאָזט ער איבער אַ גרעסערע העלפט דער ווייב מיט די קינדער — דינגט אַ פוהר, און לאָזט זיך קיין בערדיטשעוו.

און דאָ הויבט זיך אָן די מעשה מיט׳ן גלגול.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי זאָגט מען עפּעס, אַז אַרעמאַן האָט מזל! פאָהרט חיים׳ל פון איין זייט אַריין קיין בערדיטשעוו, און פדהצור פאָהרט פון דער אַנדערער זייט  אַ ר ו י ס  פון בערדיטשעוו! פונקט האָט מען איהם פאַרבעטען קיין טאַלנאַ אויף אַ מלוה־מלכה! דער טאַל־נער, מוזט איהר וויסען, האָט שטאַרק געהאַלטען פון פדהצור׳ן. „סודות התורה“, פלעגט ער זאָגען, „שטעקען אין זיינע נגונים! עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער אַליין ווייסט זיי נישט!“

מילא, חיים׳ל דרעהט זיך אַרום ווי אַן אָפּגע׳סמ׳טער אין די גאַסען.

וואס זאל ער טון? אהיים פאהרען אהן און „אל מלא רחמים“ מאר ער נישט — די וועלט וועט זיך קערען! נאכפאהרען קיין טאלנע, אדער ווארטען, ביז פדהצור וועט צוריקקומען, קאן ער נישט — ער האט אויכגערעכענט הוצאות! די גבירה האט איהם ו ו ע נ י ג וואס געגעבען און איבערגעלאזט דעם ווייב האט ער אסך! האט ער טאקע ווילד צער!

פלוצים דערזעהט ער אין גאס אזא מין סצענע:

שטעלט אייך פאר, אין א שעהנעם, העלען וואכענטאג, געהט זיך איבער דער גאס א ווייבעל, אנגעטאן בגדי שבת ויום־טוב, אדער ווי מען זאגט אין יענע קאנטען, אויסגעפוצט אין האניג און אין עסיג... אויפ'ן קאפ טראגט זי א מאדנעם ציפיק, מיט לאנגע, לאנגע בענדער, סטענגעס פון פארשידענע לעבעדיג־שרייענדיגע קאלירען!

אין דער האנט האלט זי א גרויסע ווייסע, זילבערנע טאץ...

דעם ווייבעל געהען נאך כלי־זמר און שפילען, און דאס ווייבעל געהט טאנצענדיג. טיילמאל שטעלט זי זיך אפ מיט די כלי־זמר פאר א שטוב, אדער פאר א קלייט, און מאכט א טענצעל אויפ'ן ארט... די מוזיק רופט ארויס מענשען פון אלע זייטען, טירען און פענסטער זענען אנגעפראפט — קאפ אויף קאפ...

די מוזיק שפילט, דאס ווייבעל טאנצט, די קאלירטע בענדער צופליהען זיך אין די לופטען, די טאץ בלאנקט און בליצט... דער עולם שרייט: „מזל־טוב“ און ווארפט מטבעות; דאס ווייבעל טאנצט אונטער און כאפט זיי אריין אין טאץ. — די מטבעות בלי־צען און קלינגען צו צום טאקט...

וואס איז עס? א קלייניגקייט: בערדיטשעוו איז א אידישע שטאדט און האט אידישע מנהגים; אזוי איז מען זיך נוהג צוזא־מענצונעמען אויף הכנסת כלה!...

חיים'ל האט געוואוסט פון מנהג. ער האט געוואוסט, אז די ווייבער קלערען זיך אוים טענץ, און פדהצור אליין מאכט פאר יעדעס מאל א נייעם נגון; דאס איז שוין זיין מצוה געוועזען! מען קומט צו איהם, מען דערצעהלט איהם פון דער כלה, פון איהר משפחה, פון שדוך, פון דלות... ער הערט, שווייגענדיג, מיט פאר־מאכטע אויגען, טיילמאל פארשטעלט ער זיך דאס פנים מיט די ־עיט, און אז מען ענדיגט, עס ווערט שטיל, הויבט אן פדהצור צו ברומען א נגון.

דאָס אַלץ האָט חיים׳ל געוואוסט, וואָס דען שטעהט ער מיט אָפענע מויל און אויערען ?

ער האָט נאָר אַזאַ „פּרעהליכם“ נישט געהערט. עס לאַכט און וויינט צוזאַמען ; עס פּיהלט זיך, אי צער, אי תענוג, הארץ־וועה און גליק ; אַלץ אויסגעמישט, צוזאַמענגעשמאָלצען... אַן אמת׳ער יתומה׳ס אַ חתונה !

פּלוצלונג איז ער אונטערגעשפּרונגען : ער האָט, וואָס ער דאַרף !

---

צוריקפאָהרענדיג פון בערדיטשעוו, האָט דער בעל־עגלה אויפ־גענומען פּאַרשוינען. חיים׳ל האָט איהם נישט געווערט. און די פּאַרשוינען, און גראָד מבינים, האָבען דערצעהלט, אַז אַזוי ווי זיי זענען אַריינגעפאָהרען אין וואַלד, האָט חיים׳ל אָנגעהויבען צו זינגען.

געזונגען האָט ער פּדהצור׳ס „פּרעהליכם“ ; נאָר דערפון איז שוין געוואָרען גאָר אַן אַנדער זאַך, דער מזל־טוב פון הכנסת כלה איז מגולגל געוואָרען אין אַן אמת׳ען „אל מלא רחמים“.

אינמיטען שטילען גערויש פון ביימער איז אַרויסגעשוואָ־מען אַ שטילער, זיכער שטילער נגון...

און דעם נגון, האָט זיך געדאַכט, האַלט אונטער אַ גרויסע, נאָר אַ שטילע קאַפּעליע משוררים : דאָס האָבען גערוישט די ביימער אין וואַלד...

שטיל און הארציג האָט זיך דער נגון געקלאָגט ; געבעטען זיך רחמים, ווי אַ קראַנקער בעט אויף זיין לעבען...

דערנאָך הויבט דער נגון אָן צו זיפצען, צו בעטען זיך מיט קורצע אויסגעשרייען ; מען פּיהלט, אַז עמיץ קלאַפּט זיך אין הארץ אריין „על חטא“, — צי איז עס יום־כפּור, צי זאָגט עמיץ ודוי ?

נאָר העכער, און אין איינוועג צובראָכענער, ווערט דער קול ; וואָס אַמאָל אָפּגעריסענער, ווי פון טרערען דערשטיקט, ווי פון יסורים איבערגעהאַקט, — דערנאָך עטליכע טיפערע זיפצען, אַ שאַרפער אויסגעשריי ! איינער... אַ צווייטער און פּלוצלונג רייסט זיך עס אינגאַנצען אָפּ, שטיל, — עמיץ איז געשטאָרבען...

דער נגון וועקט זיך ווייטער אויף, און פאלט שוין אריין אין הייסע, ברענענדיגע געשרייען. און די געשרייען פליהען, יאגען און פלאנטערען זיך; עס ווערט א הימעל־געשריי, א יאמער — ווי ביי א לויה!

און אינמיטען דער לויה שווימט ארויס א דין, ריין קינדיש קול; איז עס נאס, ציטעריג און דערשראקען. —

קדיש זאגט א קינד!

און עס געהט איבער אין א שטייגער: הוריות, דמיונות, טוי־זענדער געדאנקען, וואס געהען לאנגזאם איבער אין זיסע, בארמ־הארציג־זיסע מעלאדיען... עס טרייסט, עס רעדט איין... און מיט אזא גוטסקייט, מיט אזא מסירת נפש, מיט אזא פעסטען גלויבען. אז עס ווערט ווייטער גוט, ווייטער זיס; עס גלוסט זיך ווייטער צו לעבען. עס ווילט זיך לעבען, עס ווילט זיך האפען!

אויסגעגאנגען זענען שיער די מענשען.

— וואס א י ז עס? — פרעגען זיי.

— אן „אל מלא רחמים“, — ענטפערט ר׳ חיים, פאר קאצ־נער׳ס יתומה אן אל מלא רחמים!

— נישט כדאי אפילו, — ענטפערען זיי, — אן עבירה דער נגון, נאר די וועלט וועט איהר אפנעמען, ר׳ חיים׳ל, די קיעווער לייט וועלען אויסגעהן...

---

די קיעווער לייט זענען נישט אויסגעגאנגען!

ביי די קאצנער׳ס איז שוין קיין אידיש בעל־בתי׳שע חתונה נישט געוועזען... און דער אל מלא רחמים האט פאר׳ן עולם נישט געפאסט.

די קיעווער לייט ווילען בעסער טאנצען מיט דאמען. נאך וואס „שטייגער“? נאך וואס „מאראלישע“ זאכען?

און גלאט נאך וועמען אן אל מלא רחמים? נאכ׳ן אלטען קמצן?

דער אלטער קמצן זאל לעבען, וואלט די כלה קיין העלפט נדן נישט געהאט, קיין אויסשטייער אודאי נישט, עס וואלט די חתונה גאר אן אנדער פנים געהאט! זאל ער היינט אויפשטעהן

און זעהן דאס ווייס אטלאסענע קלייד מיט שפיצען, דעם שלייער; זאל ער זעהן די ווייגען, די טארטען, די פישען און פליישען, אונ־טער וועלכע עס ברעכען זיך די טישען, — וואלט ער דאך נאך אמאל געשטארבען און — שוין נישט אזוי לייכט ווי פריהער!

און וואס דארף מען די גאנצע צערעמאניע, די גאנצע באַ־דעקענס... אלטע נארישע מנהגים!

— געשווינדער! — שרייט דער קיעווער עולם.

דער ארעמער חיים'ל! ער האט אפגעשטעלט די קאפעליע. מיט הארצקלאפען געצווינגען דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס... דער פראסטער עולם האט שוין אנגעהויבען פינטלען מיט די אויגען. ביי טייל רינען שוין טרערען, — און דא גיט איינער, א קיעווער, א געשריי:

— וואס איז דא? א חתונה, צי א לויה?

און אז חיים'ל מאכט זיך נישט הערענדיג און שפילט ווייטער, הויבט ער אן, דער קיעווער, צו פייפען...

און פייפען פייפט ער גראד אויסגענומען וואויל... ער האט שוין געכאפט דעם נגון און פייפט איהם כהויה! און פייפט, וואס אמאל געשווינדער, אויסגעלאסענער, ווילדער! און אלץ דעם איי־גענעם נגון!...

די קאפעליע בלייבט שטיל. און עס הערט זיך נאר א מלחמה צווישען דער מאראלישער פידעל מיט'ן עזות־מחוצף'ען פייפען...

און דאס פייפען איז גובר! עס יאגט אונטער דעם סמיטשיק! די פידעל ווייגט שוין גישט, פריהער קרעכצט זי, דערנאך הויבט זי אן צו לאכען!

און פלוצים האט חיים איבערגעהאקט. מיט פארביסענע לי־פען און ווילד־ברענענדיגע אויגען, שפרינגט ער איבער אויף אן אנדערע סטרונע, און הויבט אן נאך געשווינדער צו שפילען, אי־בעריאגען וויל ער דאס פייפען!

ניין, עס איז שוין קיין שפילען נישט געוועזען! די פידעל ווארפט ארויס פון זיך אפגעריסענע געשרייען, געוואלדיגע קולות... און זיי ווארפען זיך, און דרעהען זיך ארום ווי אווירבעל־ווינט, אלץ ארום, דאכט זיך, טאנצט: די שטוב, די קאפעלע, די געסט, די כלה אויפ'ן שטול, חיים'ל אליין מיט דער פידעל...

עס איז קיין פרעהליכס, קיין אל מלא רחמים, עס איז קיין

שפילען! א טאנצענדיג משוגעת איז עס, א ווילד־משונה׳דיגער חולה־נופל, רחמנא־לצלן...

און עס האט אזוי לאנג געדויערט, ביז די סטרונע האט גע־פלאצט.

— בראוואָ, חיים׳ל, בראוואָ! — האבען די קיעווער לייט געשריען...

צי האבען זיי דערמיט דעם אלטען קמצן א טובה געטאן? אז אסור!

---

אין עטליכע יאהר ארום איז דער נגון, מן הסתם דורך איינעם פון די קיעווער לייט, אריין אין טעאטער!

וואס איז אזוינס טעאטער! אלטע משכילים פלעגען גלויבען, אז טעאטער איז בעסער פאר א מוסר ספר, שטארקער פאר׳ן „ראשית חכמה" להבדיל! איהר זאגט אודאי, אז טעאטער איז טרפה ווי חזיר...

ביי אונז זאגט מען, אז עס ווענדט זיך אין דעם, וואס מען שפילט אין טעאטער!

געוועזען איז עס שוין אין ווארשוי...

דאס טעאטער איז פול, קאפ אויף קאפ. די מוזיק הויבט אן שפילען.

וואס שפילט די מוזיק?

א גערויש, א מהומה שפילט זי, — א דור הפלגה! חיים׳לס „אל מלא רחמים", נאר אויפ׳ן ארט פון וואלאך — א מהומה: די כלים יאגען זיך, טרייבען זיך און קנאקען!

עס רודערט, עס קלאפט און עס פייפט... נישט עס דונערט, נישט הייזער פאלען, גלאט א געפילדער! צי גלימשען זיך שדים אויפ׳ן ים הקרח, צי רייסען זיך טויזענטער חיות רעות פון גיהנום ארויס? א ציטערניש נעמט דורך דאס טעאטער!

פלוצים רייסט זיך אריין דער באס! מכלומר׳שט, אין כעס איז ער! ער בייזערט זיך. וואס איז דאס? נאר — פאלש! מען פיהלט, אז ער בייזערט זיך נישט ערנסט. און א מאדנע פייפערל שפרינגט אונטער, עס פליהט דורך די קאפעליע מיט זיגזאגען פון א בליץ און מיט א געלעכטער פון אן אמת׳ען ליץ: כא־כא־כא!

און כי־כי־כי! דער קלארנעט איילט זיך נאד! און מעשים טוט ער. דער קלארנעט! להכעים טוט ער, מען פיהלט בחוש דעם להכעים!

און אצינד ערשט שווימען ארוים דריי־פיער פידלען... און משונה־זים שפילען זיי, די פידלען, משונה־זים, ווי די תאוה אליין, ווי דער יצר־הרע, ווען עס רינט איהם האניג פון מויל! און עס נארט זיך אריין, דאס שפילען, אין די הערצער; עס פליסט אריין ווי א בוימעל און פאר׳שכור׳ט ווי אלטער וויין!

אויפגעפלאמט ווערט דאס טעאטער: די מיילער אפען, און די אויגען בליצען!

און דא הויבט זיך ערשט אויף דער פארהאנג און עס באַ־ווייזען זיך אן „ער" און א „זי" — א „בן־מלך" מיט א „בת־מלכה". און זיי זינגען!

זיי זינגען מיט ווערטער, מיט פלאמענדיגע ווערטער, ווי ברע־נענדיגע שלאנגען פליהען זיי פון די מיילער ארוים! און דאס גיהנום ברענט זיי אויף די פנים׳ער; ווי די טייוולאנים שפרינגען זיי זיך אקעגען! און דאס האלזען זיך, דאס קושען זיך, דאס זינגען און דאס שפרינגען — געהט אלץ שנעלער און שנעלער, און ווערט פייער־פלאמענדיגער מיט יעדער רגע!

און אינ׳ם פייער ברענט שוין דאס גאנצע טעאטער. די גאנצע גאלעריע מיט זכרים און נקבות, מיט די דערהיצט־פארשוויצטע פנימ׳ער און ווילד־פלאמענדיגע אויגען... ווי א מבול האט עס פאר־פלייצט!

און דאס גאנצע טעאטער זינגט!

א ים פון ברענענדיגער תאוה האט זיך אויסגעגאסען — א גיהנום ברענט! שדים טאנצען, מלאכי־חבלה פיהרען א פייערדיג ראד...

דאס איז געווארען פון פדהציר׳ס „הכנסת־כלה". דורך חיים׳לס אל מלא רחמים, מיט׳ן קיעווערם הילף!

---

נאר פאלען האט קיין שיער נישט!

חרוב געווארען איז דאס „אידישע" טעאטער. די „בני־מלכים" זענען צוריק שוסטער און שניידער געווארען; די בת־

מלכה׳ס האבען זיך צוריקגעשטעלט צום קוימען. און מאנכע די טעאטער־נגונים זענען מגולגל געווארען אין שארמאנקעס...

אונזער נגון איז שוין קוים צו דערקענען!

אן אויסגעקראכענער דיוואן ליגט אויסגעשפרייט אויף א הויף... צוויי מענער אין לייבקאליער מאכען קונצען, צוזאמען מיט אן אויס־געדארט בלאס מיידעלע, וואס זיי האבען ערגעץ גע׳גנב׳עט...

איינער כאפט א לייטער אויף א צאהן. פייל פון בויגען לויפט דאס מיידעלע ארויף ביז׳ן העכסטען שטאפעל, און שפרינגט פון דארטען אראפ, און בלייבט שטעהן אויפ׳ן צווייטענס אקסעל! דער ערשטער דערלאנגט איהר דערוויי׳ל אין פלייצע; זי מאכט עטליכע קאזשיאלקעס אין דער לופט, און בלייבט שטעהן, פאר׳ן עולם אין הויף, מיט אן אויסגעשפרייטער האנט, און בעטעלט א נדבה!

עס איז אויך א טעאטער, נאר א טעאטער פאר געמיינע ליים! פאר משרתים און דינסטען!

אונטער׳ן הימעל שפילט מען, קאסט עס ביליג, קויפט מען קיין בילעטען נישט, ווארפט מען צווייערס און דרייערס! און זי מאכט עס אזוי קונציג, דאס דארע מיידעלע!

דיקע טראפען שוויים רינען איהר פון רויט געמאלטען פנים, אין די איינגעפאלענע אויגען ברענט א צער, — נאר דאס זעהט נישט דער עולם; זי אטעמט שווער, דאס הערט ער נישט! ער זעהט נאר די שעהנע קונצען, ער הערט נאר די שעהנע מוזיק פון שארמאנקע!

און די נשמה אין דעם דארען גוף פון ארעמען, גע׳גנב׳עטען קינד, און דער ארעמער נגון אין דער הייזעריג־בלעכערנער שאר־מאנקע, —ביידע קרעכצען, וויינען און צאפלען, ביידע בעטען זיך תקון...

---

עס איז אבער באשערט געוועזען, אז פדהצור׳ס „הכנסת כלה“ זאל אויפגעריכט ווערען! געהענדיג פון הויז צו הויז, וואנדערענדיג פון שטאדט צו שטאדט, האבען די קונצענמאכער אזוי לאנג מיט־געשלעפט דאס ארעמע קינד, ביז עס איז, לא עליכם, קראנק גע־ווארען...

עס איז געווען אין ראדזשיוויל, ביי דער גרענעץ. דארט האבען זיי דאס קראנקע קינד איבערגעלאזט הינטער א צוים און זענען די גרענעץ אריבער. יאג נאך דעם ווינט אויפ'ן פעלד! האלב נאקעט מיט ברוינע־בלויע צייכען פון שלעג אויפ'ן לייב, איז עס גע־לעגען אין א היץ!

רחמנות'דיגע לייט האבען דאס קינד אויפגעהויבען און גע־טראגען אין הקדש אריין... אויסגעהאלטען האט דאס קינד א טי־פוס, און ארויס איז עס פון שפיטאל א בלינדע אויף ביידע אויגען!

און אצינד בעטעלט דאס ארעמע קינד. פון הויז צו הויז געהט עס, פון טיר צו טיר און בעטעלט...

און כמעט זי רעדט נישט... זי קאן מיט ווערטער נישט בעט־לען... זי שטעלט זיך ערגעץ אפ, און ווארט; דערזעהט מען זי נישט, הויבט זי אן זינגען איהר נגון, מען זאל זי דערהערען... און דער נגון איז פון דער שארמאנקע!

און וואס זאגט אצינד דער נגון?

רחמים בעט ער זיך! רחמנות פאר אן אומגליקליך קינד...

„שלעכטע מענשען האבען מיך ארויסגע'גנב'עט פון א גוטען טאטען, פון א הארציגער מאמען, פון א ווארעמער און זאטער היים!"

„מען האט מיך ארויסגעריסען פון אלעם גוטען; אויסגעניצט און ארויסגעווארפען ווי א שאל פון אן אויסגעגעסענער נוס!"

„רחמנות פאר אן ארעם, ארעם קינד!"

און נאך בעט זיך דער נגון:

„עס איז קאלט און איך געה נאקעט; הונגעריג בין איך אויך... און דעם קאפ, וואו אנידערצולעגען, האב איך אויך נישט... און בלינד בין איך דערצו!"

אזוי האט דער נגון געבעטען, און דאס איז געווען זיין ערשטע מדרגה ארויף — מען האט דורך איהם צדקה געגעבען!

---

אין ראדזשיוויל איז געווען א איד א למדן... ער איז אפילו קיין מתנגד נישט געווען, קיין חולק אודאי נישט, נאר ער האט פשוט קיין צייט נישט געהאט צו פאהרען... ער האט די גמרא נישט פארמאכט!

פאַר בטול תורה האָט ער מורא געהאַט!

מען זאָל איהם אין בית־המדרש נישט מבטל זיין פון למוד, פלעגט ער זיצען און לערנען אין דערהיים; דאָס ווייב זיצט א גאַנצען טאָג אין קלייט, די קינדער — אין חדר.

עס פלעגט איהם אמאָל דורכפליהען אין קאָפּ א רעיון: אפשר פאַהרען ערגעץ? דאָס האָט איהם דער יצר טוב, מן הסתם, אונ־טערגעזאָגט. וואָס טוט דער יצר הרע? פאַרשטעלט ער זיך אין יצר טוב און ענטפערט: מהיכא־תיתי, אודאי דאַרף מען אמאָל פאָהרען! נאָר עס איז נאָך צייט: מען דאַרף פריהער ענדיגען די מסכתא, י ע נ ע מסכתא!... און אַזוי זענען אַוועק חדשים און יאָהרען!

פון הימעל האָט מען אָבער, אפּנים, געוואָלט, ער זאָל קומען צו ר' דוד'לען!

מאַכט זיך אַזאַ מעשה:

איינמאָל זיצט ער זיך, דער למדן, און לערענט, און דערהערט א געזאַנג פאַר דער טיר; בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין:

— אז מען זיצט און לערענט, דאַרף מען נישט הערען, וואָס איז גאַס, וואָס פאַר דער טיר טוט זיך! מען דאַרף בטל ווערען אין דער תורה!

ער הערט דאָך אָבער פאָרט; נעמט ער און פאַרשטאָפּט זיך מיט די פינגער די אויערען. דער נגון גנב'עט זיך אָבער פאָרט אריין; אונטער די פינגער גנב'עט ער זיך. ווערט ער נאָך מעהר בייז, כאַפּט ער מיט כעס די לאַנגע באָרד אין מויל אריין און, ביי־סענדיג די האָר, לערענט ער ווייטער! מיט נחת לערענט ער!

דער נגון לאָזט נישט אָפּ. ער הערט איהם וואָס אמאָל שאַר־פער. אינמיטען דערפיהלט ער, אז עס איז קול באשה — א מיידעל זינגט! ניט ער שוין א געשריי ארוים אויף א קול: חצופה! אַוועק פון מיין הויז! געהט דער נגון אַוועק... נאָר, א מעשה נורא — מען זינגט שוין נישט, און ער הערט ווייטער! דער נגון זינגט זיך איהם אַליין אין אויער, אין דער נשמה! מיט כח קוקט ער אין ספר אריין, מיט כח וויל ער זיך דורכנעמען מיט דער סוגיא, עס נוצט נישט! דעם למדנ'ס נשמה ווערט וואָס אמאָל פולער און פולער מיט'ן נגון...

פארמאכט ער די גמרא און שטעלט זיך דאווגען מנחה.

ער קאן אבער נישט, נישט לערנען, נישט דאווגען, גארנישט! ווי א זילבערנער גלעקעל קלינגט אין איהם דער נגון! דער מענש האלט עס נישט אויס! ער געהט ממש אויס פאר צער! עס געהט אוועק א טאג, א צווייטער, א דריטער — ער פאלט שיער נישט איין א מרה שחורה אריין... ער פאסט תעניתים — עס העלפט נישט! ער קאן דעם נגון נישט פטור ווערען! ער וועקט איהם ביי־נאכט פון שלאף!

און דאס איז א מענש, וואס האט, זייט ער לעבט, קיין מנחה פאר אן עמוד נישט געדאווענט; כמעט קיין קול נגינה פון זיך נישט ארויסגעגעבען! שבת פלעגט ער די זמירות אפזאגען און אויס'ן ארט פון זינגען — לערנען א בלאט גמרא!

פארשטעהט ער דאך, אז עס איז נישט פשוט!

„מעשה שטן!" טראכט ער און פאלט ביי זיך אפ גאר אינ־גאנצען.

דאכט זיך, אז אצינד מוז מען שוין פאהרען?

פרעגט אבער דער יצר־הרע: יא פאהרען, נאר וואוהין? צדיקים איז דא אסך, — וועלבער איז דער אמת'ער צדיק, ביי ועמען קאן מען באמת א פעולה האבען? הויבט אן דער למדן צו קלערען.

באקומט ער נאך א וואונק פון אויבען.

מאכט זיך א מעשה און ר' דוד'ל טאלנער מוז עוקר זיין און פאהרען איבער ראדזשיוויל...

די מעשה פון דער מסירה ווייסט איהר אודאי. און זאגען זאג איך אייך, אז עס איז אן עונש געוועזען! מען האט נישט געדארפט ארויס'גנב'ענען ר' דוד'לען פון וואסילקאוו און פיהרען קיין טאל־נא; מען האט נישט געדארפט מבייש זיין קיין שטאדט! און חרב ונחרב איז דאס וואסילקאוו, נעבעך, געווארען!

די גאסטהייזער האט מען פארמאכט; ארום און ארום די קרעטשמעס זענען בטל געווארען! עד ככר לחם זענען זיי, לא עליכם, געקומען...

נא דיר! מסר'ט מען און טאלנא ווערט אויך חרוב!

ר' דוד'ל האט געהאט א גאלדענע שטול, מיט אן אויסגע־

קריצטען פסוק: דוד מלך ישראל חי וקים! מאכען מוסרים דערפון א פאליטיקע און עס שלאגט אן אין פעטערבורג...

מילא, מיר ווייסען, אז עס איז געווען בבחינת: מאן מלכי רבנן... נאר געה פארטייטש עס די גענעראלען אין פעטערבורג!

חכלל, ר׳ דוד׳ל מוז עוקר זיין, האלט ער, דורכפאהרענדיג, שבת אין ראדזשיוויל, און אונזער ראדזשיווילער למדן געהט למזל צום שלש סעודות!

דער יצר־הרע גיט זיך אבער נאך נישט אונטער. ער קומט אריין און זעהט א קליין אידעלע, טאקע א פיצעל אידעלע זיצט אויבען אן ביים טיש, מען זעהט נישט מעהר ארויס נאר א גרויס. נאר א גרויס שטריימעל מיט זילבערנע האר, וואס פאלען איהם אויפ׳ן פנים! מען זיצט שווייגענדיג, מען זאגט קיין תורה נישט... אנטפאלט איהם טאקע, דעם למדן, דאס הארץ...

דאס איז עס און נאר? טראכט ער דער למדן.

נאר ר׳ דוד׳ל האט איהם שוין דערזעהן און גיט א זאג:— זעץ דיך, למדן.

און באותו הרגע איז ער שוין צו זיך געקומען. ער האט שוין געכאפט ר׳ דוד׳לס א בליק, עס האט איהם שוין א בריה געטון ביי דער נשמה!

איהר האט אודאי געהערט פון טאלנערס אויגען! אין זיינס א בליק האט געשטעקט אי שררות, אי קדושה, אי גבורה; וואס איהר ווילט האט אין בליק געשטעקט!

און, אז ר׳ דוד׳ל זאגט: זעץ דיך, מאכט מען שוין דעם למדן אן ארט ביים טיש. זעצט ער זיך און ווארט

און אז ר׳ דוד׳ל זאגט ווייטער:

— מען איז מכבד דעם למדן מיט א נגון! אנטפאלט איהם דער מוטערס מילך: ער — און א נגון...

נאר עמיץ דערלאנגט איהם שוין אין פלייצע: אז ר׳ דוד׳ל חייסט, זינגט מען! מילא, זינגט ער!

און ער הויבט, נעבעך, אן מיט א ציטער; און ער שמאמעלט קוים ארויס אן התחלה פון א נגון. און וואס וויל ער זינגען, דער למדן? מן הסתם דער יתומה׳ס נגון; קיין אנדערען קאן ער נישט! און ער ציטערט, און שמאמעלט, און זינגט. און דער נגון ווערט שוין ווייטער אן אנדערער! ער האט שוין א ריח תורה, א יניקה

פון קדושת שבת, מיט א הרהור תשובה פון א איד א למדן... און זינגענדיג, דערפיהלט ער, דער למדן, דעם נגון, און הויבט אן וואס א רגע בעסער און פרייער צו זינגען...

אינמיטען הויבט אן ר' דוד'ל, ווי זיין שטייגער פלעגט זיין, שטילערהייט אונטערצוברומען. דער עולם דערהערט און כאפט אונטער. מיט'ן עולם צוזאמען צוהיצט זיך דער למדן אויך, ער קריגט א ברען! ער איז שוין גאר ארויס פון די כלים, — ער זינגט טאקע!

און דער נגון הויבט זיך אן פלוצים צו גיסען ווי א „נהר־די־נור“ — א פייערפלאמענדיגער טייך... און די פאליעס שלאגען אלץ ברייטער און העכער. אלץ פייערדיגער און פלאמענדיגער!

און עס ווערט דעם נגון שוין ענג אין שטוב, און ער רייסט זיך דורך די פענסטער אין גאס אריין! און עס גיסט זיך אין גאס אריין א ים פון קדושה, פון פייערדיגער קדושה; און נבהל ונשתומם רופט דער עולם אין גאס:

— דער יתומה'ס נגון! דער יתומה'ס נגון!

---

דער נגון האט באקומען תקון און דער למדן אויך!

פאר'ן אוועקפאהרען האט איהם ר' דוד'ל אוועקגענומען אן א זייט און געזאגט א פאר ווערטער.

— למדן — האט ער איהם געזאגט — האסט מבייש געווע־זען א בת ישראל! דו ביסט אויפ'ן שרש פון איהר נגון קיין מבין נישט געוועזען! האסט זי גערופען חצופה!

— גיט מיר, רבי, א תשובה דערויף — בעט זיך דער למדן.

— נישט נויטיג, — מאכט דער רבי, זכרונו לברכה.—אויפ'ן ארט פון תשובה טו בעסער א מצוה!

— וואס פאר א מצוה, רבי?

— מאך דעם מיידעל חתונה; הכנסת כלה איז א גרויסע מצוה!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און צינד הערט די צווייטע זייט פון דער מעשה:

אין עטליכע יאהר שפעטער, אז דאס מיידעל האט שוין לאנג

חתונה געהאט מיט אן אלמן א סופר, איז מען ערשט געוואר גע־
ווארען, פון וואנען זי קומט ארוים!

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס מיידעל איז דעם אלטען קאצנער'ס אן אייניקעל! און די מעשה איז אזוי געווען:

דער איידעם זיינער, דער קיעווער, איז זיך אמאל געגאנגען מיט'ן ווייב אין טעאטער אריין אויף א גאנצען אווענט, און טאקע דעם אווענט האט מען זיי אװעקגע'גנב'עט דאס איינציגע קינד...

נאר אפגעבען זיי די טאכטער האט מען שוין נישט געקאנט...

די מוטער האט שוין לאנג נישט געלעבט און דער פאטער איז שוין לאנג געווען אין אמעריקא...

# מקובלים.

אין די שלעכטע צייטען, פאלט אפילו תורה — די בעסטע סחורה — אויך.

פון דער לאשטשיווער ישיבה איז מעהר נישט געבליבען נאר דער ראש ישיבה — ר' יעקעלע, מיט איין איינציגען תלמיד.

דער ראש־ישיבה איז אן אלטער דארער איד, מיט א לאנגער צושויבערטער בארד, מיט אלטע, אויסגעלאשענע אויגען; למך, זיין געליעבטער תלמיד, איז א יונגערמאן, אויך א דארער, א הויכער, א בלאסער מיט שווארצע געקרייזעלטע פאות, ברענענדיגע, שווארצע, אונטערגעשלאגענע אויגען, פארברענטע ליפען, און א ציטערי־גען שפיציגען גארגעל;ביידע — מיט „אויפגעכראשעטע" הער־צער, אהן העמדער, ביידע אין לאבעס; דער ראש ישיבה שלעפט קוים נאך א פאר פויערישע שטיוועל, דעם תלמיד אהן זאקען פאל־לען די שוסטער־שיך אראפ פון די פיס.

דאס איז געבליבען פון דער באריהמטער ישיבה!

דאס פארארעמטע שטעדטעל האט אלע מאל וועניגער גע־שיקט עסען, געגעבען טעג; זענען זיך די ארעמע בחורים צוקראר־כען! ר' יעקעל אבער וויל שוין דא שטארבען, און זיין תלמיד — לעגען איהם די שערבלעך אויף די אויגען.

און זיי ביידע ליידען אויך אמאל הונגער. פון וועניג עסען קומט וועניג שלאפען, פון גאנצע נעכט נישט שלאפען און נישט עסען — א חשק צו קבלה!

ממה נפשך — דארף מען אויפזיין גאנצע נעכט און הונגערען גאנצע טעג, — לאז מען כאטש דערפון א נוצען האבען, זאל כאטש זיין: תעניתים מיט סגופים, זאלען זיך כאטש עפענען אלע טויערען פון דער וועלט מיט סודות, רוחות און מלאכים!

און זיי לערנען שוין קבלה א צייט!

צינד זיצען זיי ביים לאנגען טיש, איינע אליין. ביי יעדען איז צינד נאך מיטאג, ביי זיי איז נאך פאר פרישטיק. זיי זענען דאך געוואוינט דערצו. — דער ראש ישיבה פארגלייסט די אויגען און רעדט; דער תלמיד זיצט אונטערגעשפארט אויףביידע הענט מיט'ן קאפ און הערט.

— אין דעם זענען דא — זאגט דער ראש ישיבה — אסך בחינות: איינער קאן א שטיקעל, איינער א האלבען, איינער א גאנצען נגון. — דער רבי, ז"ל, האט געקענט א גאנצען נגון, אפילו מיט א צושפיל! — איך (האט ער צוגעגעבען טרויעריג) האב קוים די זכיה צו א פיצעלע, אט אזוי גרויס...

ער האט אפגעמאסטען א פיצעל פון דארען פינגער און האט ווייטער געצויגען:

— עס איז פאראנען א נגון, וואס מוז האבען ווערטער: דאס איז נאר א נידעריגע בחינה... עס איז פאראנען א העכערע בחינה: א נגון, וואס זינגט זיך אליין, נאר אהן ווערטער — א ריינער נגון! נאר ד ע ר נגון דארף נאך האבען א קול... און ליפען, דורך וועלכע דאס געהט ארויס! און ליפען — פארשטעהסט דו — זענען דאך גשמיות! און דאס קול אפילו, עס איז אן עדלער גשמיות, כשמיות איז עס!

לאז זיין, אז דאס קול שטעהט אויף דער גרענעץ צווישען רוחניות און גשמיות!

נאר סיי ווי סיי דער נגון, וואס הערט זיך מיט א קול, וואס העננט אפ פון די ליפען, איז נאך נישט ריין, נאך נישט אינגאנצען ריין... נאך נישט קיין אמת'ער רוחניות!...

דער אמת'ער נגון אבער זינגט זיך נאר אהן א קול... עס זינגט זיך אינעווייניג, אין הארץ, אין די געדערעם!

אט, דאס איז דער סוד פון דוד המלך'ס ווערטער: „כל עצמותי תאמרנה"... אינ'ם מארך פון די ביינער דארף זינגען. דארט דארף זיין דער נגון — דער העכסטער שבח פאר גאט ברוך הוא! דאס איז נישט דער נגון פון א בשר ודם, דאס איז קיין אויסגעטראכטער נגון! דאס איז שוין א חלק פון נגון, מיט וועלכען גאט האט די וועלט באשאפען; פון דער נשמה, וואס ער האט אריינגעזאסען אין איהר..

און אזוי יינגט די פמליא של מעלה! אזוי האט געזונגען דער „איד“, זכרונו לברכה!

דעם למוד האט איבערגעהאקט א צושויבערטער יונג מיט א שטריק ארום די לענדען — א טרעגער. ער איז אריינגעקומען אין בית־המדרש, אנידערגעשטעלט א שיסעל גריץ מיט א שטיקעל ברויט אויפ׳ן טיש נעבען ראש־ישיבה, און מיט א גראב קול גע־זאגט: „ר׳ טעבעל שיקט דעם ראש־ישיבה עסען!“ און האט זיך איבערגעדרעהט, און, ארויסגעהענדיג, צוגעגעבען: „שפעטער וועל איך קומען נאך דער שיסעל!“

ארויס דורך דעם גראבען טרעגער־קול פון דער געטליכער הארמאניע, האט זיך דער ראש־ישיבה שווער אויפגעהויבען און איז, נאכשלעפענדיג די גרויסע שטיוועל, צוגעגאנגען צום כיור זיך וואשען.

געהענדיג, האט ער ווייטער גערעדט, נאר מיט וועניגער התלהבות, און דער תלמיד האט איהם פון זיין ארט נאכגעיאגט מיט די אויפגעשפיצטע אויערען און ברענענדיגע פאר׳חלומ׳טע אויגען.

— נאר — זאגט ווייטער ר׳ יעקעל מיט א טרויעריגער שטי־מע — איך האב אפילו די זכיה נישט משיג צו זיין, אין וואס פאר א בחינה דאס איז! אין וועלכען שער דאס קומט! זעהסט דו, — גיט ער שוין צו מיט א שמייכעל, — די סגופים מיט די צרופים, וואס מען דארף דערצו, די וויים איך, און איך וועל זיי דיר נאך אפשר היינט איבערגעבען!

דעם תלמיד קריכען שיער די אויגען אויס; ער האלט אפען דאס מויל צו כאפען יעדעס ווארט. נאר דער רבי האקט אפ, ער וואשט זיך, ווישט זיך די הענט, זאגט „שאו ידיכם“, געהט צוריק צום טיש און מאכט, מיט ציטעריגע ליפען, די „המוציא“...

מיט ציטעריגע דארע הענט הויבט ער אונטער די שיסעל. די פארע פארדעקט איהם מיט א ווארעמען דונסט דאס ביינינגע פנים; דערנאך שטעלט ער זי צוריק, נעמט דעם לעפעל אין דער רעכטער האנט, און ווארעמט די לינקע האנט אין ראנד פון שיסעל. דער־ביי צוקוועטשט ער מיט דער צונג אן די גאלע דזשיאנסלעס די רעשט „מוציא“ מיט זאלץ.

אנגעוואָרעמט דאָס פּנים מיט די הענט, קנייטשט ער שטאַרק איין דעם שטערן, ציהט צוזאַמען די בלאַנע־בלויע דאַרע ליפּען, און הויבט אָן בלאָזען!

ביי דער גאַנצער צייט האָט פון איהם דער תּלמיד קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט. און, בשעת דעם רבי'נס ציטערדיג מויל איז אַקעגען געלאָפען דעם ערשטען לעפעל גריץ, האָט איהם עפּעס אָנ־געכאַפּט ביים האַרץ; ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און האָט זיך אינגאַנצען איינגעצויגען.

אין א פאָר מינוט אַרום איז אַריינגעקומען נאָך א יונג מיט נאָך א שיסעל גריץ מיט ברויט:

„ר' יוסף שיקט דעם תּלמיד אָנבייסען!“

נאָר דער תּלמיד האָט נישט אַוועקגענומען די הענט פון פּנים.

דער ראש־ישיבה האָט אַוועקגעלעגט דעם לעפעל און איז צו־געגאַנגען צום תּלמיד. א ווייַלע האָט ער מיט שטאַלצער ליעבע אויפ'ן געקוקט, דערנאָך האָט ער איינגעהילט די האַנט אין דער פּאָלע און אָנגעריהרט איהם דעם אַקסעל.

— מען האָט דיר געברענגט עסען, — וועקט ער איהם מיט א פריינדליך קול. טרויעריג און לאַנגזאַם האָט דער תּלמיד אַוועק־גענומען די הענט פון פּנים. און דאָס פּנים איז נאָך בלאַסער גע־וועזען, און די אונטערגעשלאָגענע אויגען האָבען נאָך ווילדער גע־ברענט.

— איך וויים, רבי! — ענטפערט ער — נאָר איך וועל נישט עסען הייגט!

— דער פיערטער תּענית? — האָט דער ראש־ישיבה גע־פרעגט, פאַרוואונדערט.

— און אַהן מיר? — גיט ער צו מיט א פרעטענסיע.

— עס איז אַן אַנדער תּענית — ענטפערט דער תּלמיד, — עס איז א תּענית־תּשובה!

— וואָס רעדסט דו? דו — און א תּענית תּשובה?

— יאָ, רבי! א תּענית־תּשובה... א רגע פריהער, ווען איהר

**האט אנגעהויבען עסען, האב איך געהאט א הרהור... עובר צו זיין אויף לא־תחמוד?**

---

אין דער זעלבער נאכט, גאנץ שפעט, האט דער תלמיד גע־וועקט דעם רבי'ן. זיי זענען ביידע געשלאפען, זיך קעגענאיבער, אויף בענק אין קלויז.

— רבי! — רבי! — האט ער גערופען מיט א שוואכען קול.

— וואס איז? — האט זיך דער ראש ישיבה אויפגעכאפט דערשראקען.

— איך בין צינד געווען אין דער הויכער מדרגה...

— ווי אזוי? — פרעגט דער ראש־ישיבה נאך אביסעל פאר־שלאפען.

— עס האט אין מיר געזונגען!

דער ראש־ישיבה האט זיך אויפגעזעצט:

— ווי אזוי, ווי אזוי?

— איך ווייס אליין נישט, רבי, — האט דער תלמיד מיט נאך א שוואכערען קול געענטפערט,—איך האב נישט געקאנט שלאפען, האב איך מיך פארטיפט אין אייער שמועס... איך האב געוואלט דוקא קענען דעם נגון... און איך האב פאר גרוים צער, וואס איך קען נישט דעם נגון, אנגעהויבען וויינען... עס האט אין מיר אלץ געוויינט; אלע אברים האבען געוויינט פאר'ן רבונו של עולם!

דערביי האב איך געמאכט די צרופים, וואס איהר האט מיר איבערגעגעבען... א וואונדערליכע זאך: נישט מיט'ן מויל, נאר עפעס אינעווייניג... פון זיך אליין! ראפטום איז מיר ליכטיג גע־ווארען... איך האב געהאלטען צו די אויגען, און עס איז מיר גע־ווען ליכטיג, זעהר ליכטיג, זעהר שטארק ליכטיג!...

— אט! — בויגט זיך צו דער ראש ישיבה.

— דערנאך איז מיר געווארען פון דעם ליכט אזוי גוט, אזוי לייכט... עס האט זיך מיר געדאכט, אז איך וועג גארנישט, אז מיין גוף האט די וואג פארלוירען, אז איך קאן פליהען...

— אט! אט!

— דערנאך בין איך געווארען לוסטיג, לעבעדיג, לאכענדיג... דאס פנים האט זיך מיר נישט גערוהרט, די ליפען אויך נישט, או:

איך האָב דאָך געלאַכט... און אַזוי גוט, אַזוי האַרציג, אַזוי נחת'־דיג געלאַכט!

— אַט! אַט! אַט! — מתוך שמחה!

— דערנאָך האָט עפּעס אין מיר געברומט, ווי אַז אָנהויב פון אַ נגון געברומט.

דער ראש־ישיבה איז אָראָפּגעשפּרונגען פון זיין באַנק און איז מיט אַמאָל געווען ביים תלמיד:

— נו — נו.

— דערנאָך האָב איך געהערט, ווי עס האָט אין מיר אָנגע־הויבען זינגען!

— וואָס האָסט דו געפיהלט? וואָס? וואָס? זאָג!

— איך האָב געפיהלט, אַז אַלע חושים זענען מיר פאַרשטאָפּט און פאַרמאַכט, און עפּעס אינעווייניג זינגט... און אַזוי ווי מען דאַרף — גאָר אָהן ווערטער, אַט אַזוי...

— ווי אַזוי? ווי אַזוי?!

— ניין, איך קאָן נישט... פריהער האָב איך געוואוסט... דער־נאָך איז פון'ם זינגען געוואָרען... געוואָרען...

— וואָס איז געוואָרען — וואָס?...

— אַ מין שפּילען... גלייך, להבדיל, איך וואָלט אינעווייניג אין מיר אַ פידעל געהאַט, אָדער גלייך יונה כלי־זמר זאָל אין מיר זיצען און שפּילען זמירות, ווי ביים רבי'ן צו טיש! נאָר עס האָט געשפּילט נאָך בעסער, נאָך עדעלער, מיט נאָך מעהר רוחניות! און אַלץ אָהן אַ קול, אָהן אַ שום קול — ס אַ מ ע רוחניות!...

— וואויל איז דיר! וואויל איז דיר! וואויל איז דיר!

— צונד איז אַלץ אַוועק! — מאַכט טרויעריג דער תלמיד. — עס האָבען זיך מיר צוריק געעפענט די חושים, און איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד, אַ־זוי מי־ד!... אַז איך...

— רבי, — האָט ער ראַפּטום אַ געשריי געטאָן, זיך אָנכאַ־

פענדיג ביים הארץ, — רבי! זאגט מיט מיר ודוי! מען איז גע־
קומען נאך מיר! — עס האט דארט אין פמליא של מעלה א זיג־
גערל פארפעהלט! א מלאך מיט ווייסע פליגעל!... רבי! רבי!
שמע ישראל! שמעעע... יש...

---

דאס גאנצע שטעדטעל, ווי איין מענש, האט זיך געוואונשען
אזא טויט, נאר פאר'ן ראש ישיבה איז נאך װעניג.

— נאך א פאר תעניתים, — קרעכצט ער, — וואלט ער
שוין געשטארבען „בנשיקה"!

# שהשמחה במעונו.

זיי שרייען אלץ אינאייגעם: עולם חזה!

עולם־הזה ווילען זיי, לוסטיג ווילען זיי זיין, פרעהליך... שמחה ווילען זיי האבען, א טעם פון לעבען פיהלען...

און איך זאג אייך: שהשמחה במעונו...

די קוואל פון שמחה איז ער... פון איהם שטראלט זי ארוים!

שמחה שטעקט אין דער תורה, אין מצוות און מעשים טובים, אין נשמות פון צדיקים, — אין אלעם דעם, וואס האט א יניקה פון דארט! פון גלאנץ פונ'ם כסא־הכבוד!

אויפ'ן גאנצען עולם־הזה — זאג איך אייך — ליגט א טרויער, א מרה־שחורה; אלץ איז איינגעטונקט און איינגעהילט אין עצבות, אין אומעט...

ווארים וואס? ולשמחה מה זו עושה? מיט וואס האט מען זיך צו פרעהען?

אין דעריבער דארף יעדע זאך תקון... יעדע זאך מוז אויסגע־לעזט ווערען פון דער מרה־שחורה, פון דער פארגליווערטקייט, אין וועלכע אלץ פארפאלט, צהן דעם שטראל פון זיין גנאד!

---

א „והא ראיה":

מיר טרינקען און זיי טרינקען...

וואס פאר א טעם האט א טרונק־בראנפען אין שענק... און — וואס פאר א טעם האט א טרונק־בראנפען אין שטיבעל ביי א סיום, ביי א יאהר־צייט, אדער גלאט ביי א פשוט'ען שלש־סעודות!

ביי זיי לאזט זיך דער בראנפען נישט טרינקען, און עס

גלוסט זיך איהם גאַרנישט צו טרינקען; נאָר דער יצר־הרע חייסט! ער רעדט אַז און זיי פאָלגען... דעריבער נעמט מען אַ קאָפּ און מען פאַרקרימט זיך — די נשמה אין מענש שרומפּט זיך איין, ציהט זיך צוזאַמען פאַר וועהטאָג, דעריבער פאַלט איין די הויט און קנייטשט זיך ווי אַ פאַרמעט...

מאַכט מען אָבער איבער דער משקה אַ ברכה, טרינקט מען זי לשם מצוה, איז מען זי מתקן... לאָזט זיך די משקה טרינקען און די נשמה האָט נחת פון טרינקען און וויל טרינקען!...

---

זיי ריהמען זיך, אַז זיי עסען מיט דרך־ארץ!

נו, האָב נישט קיין דרך־ארץ, אַז מען איז פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט און פאַר'חושכ'ט ווי אַז אַלטער, איינגעפאַלענער קוימען. וואָס האָט שוין לאַנג קיין פונק פייער נישט געזעהן...

זיצען זיי טאַקע שטייף און קאַלט ווי אייז: איינער קאָן דעם צווייטען נישט ליידען; אַ טאַטע מיט אַ זוהן קאָנען פון איין שיסעל נישט עסען! אפילו זאַלץ־מעסטלעך שטעלט מען יעדען באַזונדער... פון וואַנען־זשע זאָל זיין שמחה?

שמחה שטעקט אין דער נשמה, און וואָס האָט די נשמה דערפון, אַז דער גוף פרעסט?

און וואָס איז טאַקע דער סוד פון תרומות ומעשרות, פון חלה־נעמען, פון פאַרצייטישע אָרעמע סעודות, פון אַן אורח בעטען צום טיש... פון ברכות מאַכען, פון זמירות זינגען...

זיי ווילען פרעהליך זיין! גאַרנישט אָפּגעטיילט פאַר אַ מצוה־זאַך, אָהן אַ ברכה, אָהן זמירות, און נעמט מען פאַר בושה אַהיים אַן אורח, זעצט מען איהם אַוועק ביי די דינסטען אין קיך...

אין קיך איז אפשר פרעהליך — נאָר אין די שטובען, זאָג איך אייך, אין די שטובען איז טויט, טויט ווי אַלע טויטע!

---

איך הער ווי איהר לייענט אייערע שירים...

פון דער לבנה האָט איהר שטאַרק נחת... איך הער דאָך: די

שעהנע, זיסע, בלאסע לבנה, זאגט איהר... און פון כוכבים ומזלות רעדט איהר מיט ליבע, און אויך פון דער טבע, פעלדער, וועלדער, טייכען...

א י ך זאג אייך: פרישע לופט איז אמת׳ בפרט, אז מען ליידט אויף דער ברוסט — א רפואה־שלמה! נאר שמחה אין דער טבע האב א י ך געפיהלט (איך בין דאך אויך אמאל יונג גע־וועזען) פאר הושענא־רבה... פארטאג — א גרויער הימעל — שטיל. — צווישען סטראסטינעס רינט דער טייך... — פיק־פיק! — רופט זיך פון ערגעץ אן א נפש׳ל, — טס־טס! — אן אנדערס... און איך געה מיר, ביים ברעג, און שנייד מיר הושענות...

פון כוכבים ומזלות איז דאך נישט דא וואס צו רעדען... נאר די לבנה, פון וואס מיינט איהר האט זי איהר חן באקומען?

פון אונזער קדוש־לבנה!...

גלויבט מיר, ווען נישט קדוש־לבנה, ווען נישט דאס ליכט, וואס מיר שיקען ארויף צו דער לבנה — וואלט זי אויסגעזעהן נא־ריש, נאר נאריש, אזוי נאריש ווי א צינערנער הקדש־טעלער!

---

נאר א והא־ראיה — אן אמת׳ע מעשה!

אמאל איז געוועזען א בן מלך, איז ער געוועזען אנגעזאפט מיט מרה־שחורה... די דאקטוירים האבען געוואלט דערקלערען, פון וואנען די מרה־שחורה נעמט זיך: האבען טייל געזאגט, אז ער האט שלעכטע אויגען, אז אלץ, אויף וואס זיי קוקען, קומט ארויס געל. גרין און געל... מען האט אבער געזוכט אלערליי ברילען צו די אוי־גען, און קיין איינציגע האט נישט געהאלפען...

אנדערע האבען דערקלערט, אז ער האט עפעס געמוזט יונגער־הייט איינשלינגען, עפעס א ממא חיה׳לע, און עס האלט זיך אין דער נשמה, און פאר׳מאוס׳ט איהר דאס לעבען, האט מען צו דעם אויך קיין רפואה נישט!

ווי עס איז, דער מלך האט איהם געוואלט ראטעווען, פרעהליך מאכען, משמח זיין, ער האט איהם געקויפט כלי־כסף וכלי־זהב... פון דער גאנצער וועלט האט מען איהם צונויפגעפיהרט אלערליי

בשמים, אלערליי קריסטאלען און אזוי טייערע חפצים — עס האט נישט געהאלפען!

מען האט איהם געשטעלט א פאלאץ אין א גארטען, און אין דעם גארטען האט מען געפלאנצט אלערליי בוימער, אלערליי גע־וויקסען און בלומען; מען האט אויסגעשיט די וועגען מיט גאלדי־גען זאמד; מען האט אויסגעגראבען א טייך און פארגאסען מיט פריש קוואל־וואסער, לעבענדיג וואסער, און אויפ'ן וואסער האבען געשוואומען די ווייסע גענז, מיט די לאנגע ווייסע העלזער, וואס וויגען זיך אויפ'ן וואסער אזוי רוהיג, אזוי שעהן, ווי די נשמות אין גן־עדן — — עס האט אלץ נישט געהאלפען...

און אויף אלעם, — זאגט דער בן מלך, — ליגט א מרה־שחורה... דער בוים וואקסט, זאגט ער, מיט מרה־שחורה, די בלו־מען בליהען מיט מרה־שחורה, דאס וואסער — זאגט ער — וויינט אין דער שטיל, גלייך עס וואלט אויף עפעס געטרויערט, און די ווייסע גענז דערמאנען איהם נאר אין תכריכים.

און די זיסע פירות, די וויין־עפעל, די גראנאטען, די וויינ־טרויבען, אלץ — זאגט ער — איז ביטער, ביטערליך און נודנע...

דאס ערגסטע איז געווען, אז דער בן־מלך האט אין גארטען אין וואסער, אדער אין פאלאץ אין א שפיגעל זיין אייגען פנים דערזעהן...

— איך בין טויט, — פלעגט ער שרייען, — אויף מיין פנים ליגט נישט קיין שיין פון לעבען...

און איינמאל האט זיך פלוצלונג אלץ פארענדערט!

דער בן־מלך האט זיך פלוצים צולאכט!

פלוצים איז אלץ אין גארטען געווארען גרין און לעבענדיג און שעהן — אלץ האט אנגעהויבען לעבען און ער אויך.

און וואס מיינט איהר, איז געשעהען? א קלייניגקייט!

אויפ'ן וועג, פארביי דעם גארטען, איז געגאנגען א צדיק. מיד און פארשמאכט איז ער געגאנגען: אויף א ברית, אויף פדיון־שבויים, איך ווייס?

נאר מיד איז ער געווען און געליטען האט ער הונגער און דורשט; אט, אט וועט דער צדיק חלש'ען, ער וועט פאלען! דאס וויל מען אבער אין הימעל נישט דערלאזען.

רייסט זיך אָפּ אַן עפּעל פון אַ בוים און פאַלט דעם צדיק צו די פיס...

הויבט ער אויף דעם עפּעל, מאַכט אַ ברכה, בייסט אריין — און שוין! באותו הרגע איז פון אַלץ אַראָפּ די מרה־שחורה, פאַר־שוואונדען דער כשוף, אַלץ איז געוואָרען מלא שמחה!

וואָרים ווי איך זאָג אייך: שהשמחה במעונו!

# א שמועס.

עס איז א ווארעמער, אמת־יום־טוב'דיגער טאג און ר' שכנא — א הויכער, דארער איד, א שריד ופליט פון די אלטע קאצקער — און ר' זרח, אויך א דארער, נאר א קליין־געוואקסענער איד, א נשאר פון די אלטע בעלזער — לאזען זיך הינטער דער שטאדט ארוים שפאצירען. יונגערהייט, זענען זיי זיך שונאים געוועזען. שונאים אויף טויט און לעבען. ר' שכנא האט געפיהרט די קאצקער געגען די בעלזער און ר' זרח — די בעלזער נעגען די קאצקער! היינט, אויף דער עלטער, אז די קאצקער זענען געווארען „נישט דאס וואס אמאל", און די בעלזער האבען פארלוירען דעם ברען, האבען זיי זיך ביידע אפגעטיילט פון די חברות, זענען זיי ביידע ארוים פון די שטיבלעך, וואו שוואכערע חסידים, נאר אינגערע און שטארקערע לייט האבען איבערגענומען די הנהגה.

אין בית־המדרש, ווינטער ביים אויווען, האבען זיי שלום גע־מאכט; און ציינד, חול־המועד פסח, ביים ערשטען שעהנעם טאג, געהען זיי ביידע שפאצירען.

די זון שיינט אויף א ווייט בלויען הימעל. פון דער ערד רייסען זיך ארוים די גרעזעלעך; מען זעהט ממש בחוש, ווי א מלאך שטעהט ביי יעדעם גרעזעל און שלאגט: וואקס! וואקס! מחנות פייגעלעך צופליהען זיך, זוכענדיג פאראיאהריגע נעסטען — — און ר' שכנא מאכט צו ר' זרח'ן:

— קאצקער, פארשטעהסט, — אמת'ע קאצקער, מיין איד, פון די היינטיגע איז נישט כדאי צו רעדען, — נאר אמת'ע אלטע קאצקער האלטען גארנישט אזוי שטארק פון דער הגדה...

— נאר פון די קניידלעך? — שמייכעלט ר' זרח.

— אוים קניידלעך, — ענטפערט ר' שכנא ערנסט, — לאר נישט! דו ווייסט דעם סוד פון „לא תסגיר עבד אל אדוניו"?

— פאר מיר — זאגט דער בעלזער מיט א שמאלצער עניוות.
— איז געגוג צו וויסען די כונות פון דאוונען.
ר' שכנא מאכט זיך נישט הערענדיג און זאגט ווייטער:
— מילא, דער פשט איז דאך פשוט: אז עס אנטלויפט א קנעכט א משרת, א פויער, — טאר מען איהם, על פי דין תורה נישט כאפען, נישט בינדען און נישט איבערגעבען צוריק צום פריץ. צום בעל־הבית; מן הסתם, אז א מענש אנטלויפט, קאן ער שוין נישט אויסהאלטען... איז שוין סכנת נפשות! נאר דער סוד איז אויך גאר פשוט: דער גוף איז בבחינת עבד, — — ער איז א קנעכט צו דער נשמה! דער גוף איז א בעל־תאוה, ער זעהט א שטיק חזיר, אן אשת־איש, אן עבודה זרה, ווייס איך וואס — שפרינגט ער פון דער הויט ארויס; זאגט אבער די נשמה: לא תעשה! מוז ער שווייגען. און פארקעהרט — די נשמה וויל א מצוה טון — מוז דער גוף טון, מעג ער זיין מיד, געהרג'עט... מוזען די הענט ארבייטען, די פיס לויפען, דאס מויל רעדען... פארוואס? דער פריץ, די נשמה הייסט! און פונדעסטוועגען: לא תסגיר! איינגאנצען איבערגעבען דעם גוף צו דער נשמה טאר מען אויך נישט. די פייערדיגע נשמה וואלט איהם פארברענט, אש פון איהם געמאכט. און, ווען דער רבונו של עולם זאל וועלען נשמות אהן גופים, וואלט ער קיין וועלט נישט באשאפען! און דעריבער האט דער גוף אויך זיינע זכיות'ען... „כל היושב בתענית נקרא חוטא" (דער וואס פאסט אסך, הייסט א זינדיגער) — דער גוף דארף עסען! ווער עס וויל פאהרען, מוז שפייזען דאס פערד! קומט ווייטער א יום־טוב, א יומא דפגרא — פרעה דיך אויך! נעם א קאפ בראנ־פען, פרעה דיך, גוף, אויך! און די נשמה האט הנאה, און דער גוף האט הנאה: די נשמה — פון דער ברכה, דער גוף — פון קאפ! פסח, זמן חרותנו — קום אהער, גוף, כאפ א קניידעל! און ער ווערט דאדורך געהויבען, נתעלה! ער קומט צו שמחת מצוה! — אוים קניידלעך, ברודער, לאך נישט!

ר' זרח איז מודה, אז דער ענין איז טיף און לאזט זיך הערען; ער אבער עסט נישט קיין שרויה!

— האסט דו הנאה פון מצות...

— ווער האט מצות צו דער זעט? — שמייכעלט ר' זרח,— און גלאט — וואו נעמט מען ציין צו די מצות?

— ווי אזוי דען ביסט דו מקיים „ושמחת בחגך“ בנוגע צום גוף?

— איך ווייס? אויב ראזשינקע־וויין שמעקט איהם — מילא! איך אליין האב ווילד הנאה פון דער הגדה. איך זיץ און זאג, און צעהל די מכות, און צעהל, און טאפּעל זיי און מאר נאכאמאל א כפל...

— מגושם!

— מגושם? פאר אזוי פיעל צרות און ענויים קשים... פאר אזוי לאנג גלות השכינה? — איך מיין, מען דארף מאכען א מנהג, מען זאל זאגען זיבען מאל די מכות, זיבען מאל שפוך חמתך! דער עיקר — די מכות; מחיה בין איך מיך מיט זיי! איך וואלט נאר געוואלט עפענען די טיר ביי די מכות... זאלען זיי הערען! וואס האב איך מורא? — זיי פארשטעהען דען לשון הקודש?

ר' שכנא שוויינט א וויילע, דערנאך דערצעהלט ער כהאי לישנא:

— הערסט, ביי אונז האט זיך געטראפען אזא מעשה! איך זאל נישט זאגען קיין גוזמא, אפשר אין צעהנטען הויז פון רבי'ן, זכרונו לברכה, האט געוואוינט א קצב. איך זאל נישט זינדיגען מיט די רעד, — ער איז שוין אויפ'ן עולם־האמת, — א מגושמ'ער קצב, א קצב שבקצבים! א קארק ווי א שטיער־אקס, ברעמען ווי די בארשטען און הענט ווי די קלעצער! הײנט — א קול! אז ער רעדט, דאכט זיך, עס דונערט פון ווייטען, חיל שיסט! ער איז, דאכט זיך, א בעלזער חסיד געוועזען.

— נו, נו... — ברומט ר' זרח.

— כ'לעבען! — ענטפערט ר' שכנא קאלטבלוטיג, — ער פלעגט דאווענען מיט משונה־ווילדע הויות, מיט אלערליי אויבער־קולות און אונטער־קולות. ביי זיין „תזכרו“, האט זיך געדאכט, אז מען שפריצט מיט וואסער אויף פייער!

— מוחל, מוחל!

— היינט זיי דיך משער! וואס פאר א מהומה עס ווערט, אז אזא בחור זעצט זיך צו דער הגדה!... מען הערט יעדעס ווארט ביים

רבי'ן אין שטוב! מילא — א קצב, זעצט ער ווי א קצב; לאכט מען פון טיש. דער רבי, זכרונו לברכה, — קוים, קוים, וואס ער ריהרט מיט די ליפען; מען זעהט דאך בחוש, אז ער שמייכעלט... שפעטער אבער, אז דער „חתן־דנן" האט אנגעהויבען צעהלען די מכות, אז זיי האבען איהם אנגעהויבען ארויספליהען פון מויל ווי די קוילען, און ער זעצט נאך דערביי אין טיש אריין ווי מיט א האמער, אז מען הערט, ווי די כוסות קלינגען, — איז דער רבי, זכרונו לברכה, אריינגעפאלען אין אן אומעט, אין עצבות...

— אין עצבות — יום־טוב — פסח? וואס רעדסט דו?

— מען האט טאקע געפרעגט!

— און וואס האט ער געענטפערט?

— ; ער רבונו של עולם אליין, — האט ער געזאגט — איז ביי יציאת מצרים אריינגעפאלען אין עצבות!

— וואו האט ער עס גענומען?

— א מדרש! אז די בני ישראל זענען אריבער איבער'ן ים, און דאס וואסער האט פארדעקט און פארטרונקען פרעה וכל חילו, האבען די מלאכים אנגעהויבען זאגען שירה. שרפים ואופנים זענען זיך צופלויגען אין אלע זיבען הימעל מיט א זמר, מיט א בשורה טובה! אלע כוכבים ומזלות האבען אנגעהויבען זינגען און טאנצען! און די גלגלים. — קאנסט דיר פארשטעלען. וואס פאר א שמחה עס איז געווען, די טומאה איז איינגעזונקען געווארען! נאר דער רבונו של עולם האט אלע אפגעשטעלט, פון כסא הכבוד האט זיך געהערט א קול: מעשה ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה? — מיינע קינדער טרינקען אין ים, און איהר פרעהט אייך און זינגט! ווארים פרעה וכל חילו, — דעם כח הטומאה אליין, האט אויך גאט באשאפען... ורחמיו על כל מעשיו, כתיב!

— מילא! — זיפצט ר' זרח.

ער שווייגט א ווילע און דערנאך פרעגט ער:

— אויב עס איז ווייטער א מדרש, וואס האט ער אויפגעטאן?

ר' שכנא שמעלט זיך אפ און זאגט ערנסט:

— ערשטענס, בעלזער נאר, איז קיינער נישט מחויב מהדיש

צו זיין: אין מוקדם ומאוחר בתורה... דאס אלטע איז ניי, דאס נייע איז אלט... צווייטענס, האט ער אונז מגלה געווען דעם סוד, פארוואס מען לייענט די הגדה, אפילו די מכות פון דער הגדה, מיט א טרויעריגען סיני־נגון, וואס איז טאקע דורכגענעצט מיט עצבות. און — דריטענס, האט ער דערמיט פארטייטשט א פסוק: אל תשמחה ישראל אל גיל כעמים. מגושם, גראב פרעה זיך נישט! דו ביסט ניש טקיין פויער!... נשמה איז נישט קיין אידישע זאך.

# „תורה".

— „תורה" זאל איך זאגען? — —

וואס פעלט אייך איין, רבותים? ווי קומט צו אייך  אונ־ זער תורה?

צי אייערע נשמות זענען נישט געשטאנען ביים בארג סיני?

— סלקא דעתך — ווער זאגט: ניין?!

„איין בורא, זאגט איהר, איין תורה און איין פאלק ישראל".

— מאי קא משמע לן? ווער זאגט אנדערש?

אבער זעהט, רבותים! אין להרהר אחרי מידותיו — זיצט ער און איז מזווג זווגים; זאגט ער ארבעים יום קודם יצירת הולד: בת פלוני לפלוני! קומט אויס, אז אונזערס א בר־נש — ר' בערעל טווארימשאווער מאכט חתונה מיט... נו, מיט המפורסם ר' ישראל גאלדענבערג — נאר אז אנדער דרך — א איד א בעל הבית, פיהרט שוין א שעהן נגיד'יש הויז — נאר אויף אן אנדער אופן!... א מתנגד. יונגערהייט, הערט זיך, אז אברך געווען אויף קעסט, — האט ער אויסגעפאטשט א איד פאר „ויצמח פרקניה" אין א מקום־קדוש... לעת זקנה — פון פני העיר, פרנס חודש... און א שטאט! פאהרט ער יאהר ביי יאהר מיט בני ביתו אין באד אריין... טאקע ערשט געקומען מחוץ לארץ, שיינט קיין עין־הרע, ווי די זון... נו... און עס איז געווען אין א שעה מוצלחת, דער זווג האט עולה יפה, נושא פירות געווען, און א פרי עץ הדר, ווי די באבע זאגט... היוצא מזה? ס'וועט זיין צום מזל א ברית אחן מיר זענען צוזאמען ביי א סעודת מצוה, ביי א שלום זכר — מען עסט ארבעס און פלוימען מיט ראזשינקעס!

אמת? נאר זעהט — איין כנופיא, די איינענע מאכלים... און פונדעסטוועגען — נישט אלע עסען גלייך!

„כאכילתכם כך עבודתכם" און פארקעהרט...

המפורסם ר׳ ישראל גאלדענבערג צופט ווי א פויגעלע שבת שירת — מסתפק במועט, דעם מאגען צוליעב... און דאס בערדעל זאגט נאך צו די לעפצען: חצי שלי והצי שלך... און שוין, אפגע־שאקעלט פון בערדעל. — זאל איהם וואויל באקומען! און אין עס דארט זיצט משלנו — א חסיד׳ל, אז אויסגעהונגערטס נעבעך און כאפט, און שלינגט... איך בין מסופק, צי ער וועט מקיים זיין „ואל כליך לא תתן" — אין דערהיים א פלונית׳טע מיט בנים!

וואס ביסטו רויט געווארען, שוטה? דלות איז קיין פסלות...

„כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — די נשמה דארף אויך עסען, און איהר מאכל איז וואס? — תורה!... נישט אלע אבער זענען גלייך תופש... דערצו האט נאך יעדער זיינע מנהגים, זיינע דרכים... פאראן א בור סיך, און לא עליכם, א חולה, וואס כבולעו כך פולטו.

חס־ושלום, איך וויין אויף קיינעם נישט אז מיט׳ן פינגער...

אט האט המפורסם דער מחותן ר׳ ישראל דערצעהלט פאר שלש סעודות חדושים פון באד... א בארג עד לב השמים! אויפ׳ן הור־ההר, אויפ׳ן סאמעראדנע שפיץ־בארג איז געווען „שכר־הליכה" — א גאנצע סביבה כבעל כף היד! דאס אויג האט זיך נישט גע־קאנט אנזעטיגען! גנים ופרדסים, שטעדט און שטעדטלעך און היכלות־פאלאצען — פון תרגום־שני ארויס! און בארג־ארויף, האט ר׳ ישראל גאלדענבערג דערצעהלט, פיהרען כמה וכמה וועגען, קור־צע און לאנגע, מיט גרויסע מניעות, קליינע מניעות... און אויסגע־טראטענע וועגען פאר סוסים! אזוי האט ער דערצעהלט...

איהר האט געמיינט, איך ליג און דרימעל... איך האב גע־הערט... אויבען האט ער געזאגט — איז דער אויר לנשימה — כמעט שוין סאמע רוחניות! און ביי חלושי־ריאה, וואס דארפען מעהר גשמיות, לאזט זיך בלוט פון דער נאז!... נעהען זיי נישט ביז ארויף, און האבען זייער שכר הליכה אינמיטען וועג: קאווע מיט שמאנט! אזוי האט ער דערצעהלט.

זעהט איהר: מיר חסידים קריכען אויף די גלייכע וועגט! גלייך ארויף! און איהר, זייט מיר מוחל, מתנגדים: בעל־בת׳יש, מתינות... גלייך מיט די פערד!

שא! שא! כ׳וויל, חס ושלום, קיינעם נישט מביש זיין!

— — — — — — — — — — — — — —

כ׳וויל איך זאגען א גלייכווערטעל, און ביים איזרו, דעם פארמשעווער רב׳ס א מלתא דבדיחותא. „מתנגדים, האט ער געזאגט, זענען דער נגוד פון חסידים“...

אין סידור שטעהט: „תשובה, תפלה וצדקה“... און פון אויבען, מיט קליינע אותיות: „צום, קול, ממון“ — יא?

זאגען מיר חסידים כסדר: ראשית חכמה: צום! זאל דער חומר וויסען, אז ער איז קיין פריץ נישט, אז נישט ער האט צו שאפען, אז ער איז נאר א טפל... מען דארף איהם האבען: מען דארף פיס, נאכצולויפען א מצוה! מען דארף הענט: תפלין צו לעגען, אן אתרוג און לולב צו האלטען! מען דארף א מויל אויף תורה ותפלה! מען דארף א מאגען אויך — איבער וואס וואלט מען ברכה געמאכט? — מזמן לזמן מוז מען אבער ווייזען דעם גוף, אז נישט ער איז דער עצם עניין, נישט ער איז דער תוך, אז נישט „ואכלת“, נאר „וברכת“ איז דער עיקר!...

דערנאך נעהט: „קול“, מען זיצט און לערענט, מען דאווענט; עד לב השמים דאס קול! מען רייסט איין זיבען הימלען אין עבודה מתוך שמחה: מען זינגט א זמר... און ערשט נאר, נאר צים סוף נעהט: „ממון“ — א אידעלע דארף די מטבע אויך! המפרנס אשתו ובניו... און אלערליי געלט: למוד־געלט, צדקה־געלט... און מען איז דאך אין גלות — „לא־יחרץ“־געלט אויך! זאל מיך עשו נישט פארזארגען! שקיל טובך!... פארשטופט מען איהם ס׳מויל! זאל ער מיך נישט מדריך זיין! לערען מיך נישט, פארגעס אן מיר!

און היינט: געלט אויף א תאוה׳לע!

— — — — — — — — — — — — — — —

איהר מיינט, אז אזא איד למשל, ווי איך, וואס פאהרט נישט אין באד אריין, וואס האט קיין מעבעל נישט, ביי דער טיר קיין גלעקעל נישט, און אין שטוב קיין שפיגעל נישט — איז גאר קיין בעל־תאוה נישט? אוי־אוי! דער יצר־הרע טרעפט צו מיר אויך! נאר, זעהט איהר, רבותים, א כיטרע אידעל בין איך! איך לאז מיך נישט! איך לעג דאס שמד׳קייט אין דער יראה אריין! דער יצר־הרע קלאפט אן, איך עפען! וואס ווילסט דו, בעל־דבר? זעץ דיך, רעד דיינע דבורים! רעדט ער! וואס רעדט ער? ער רעדט מיך צו צו א מלבוש! איך זאג נישט: ניין! פארקעהרט. מוכן ומזומן בין איך! וואס ווילסט דו? אילאה? ראציבארע? אדרבא! און איך

מאַך מיר אַ בגד לכבוד שבת ויום־טוב! — ווילסט „שעהן“? גוט — קויף איך מיר נאָך אַ ברעסטער טלית, טיקטינער ציצית, נאַ־וואַגראַדער תפלין! לאָזט ער אַפּ אַ ווײַלע... געהט ער אַוועק און קומט צוריק. וואָס ווייטער? דירה נאה? מהיכא־תיתי? אַ סוכה פון סוכה־לאַנד, אויסגעהאַנגען מיט ארץ־ישראל־פּירות... אין אַ צייט אַרום געהט ער און שטאַמעלט עפּעס וועגען אכילה ושתיה; איך זאָג נישט: ניין! פאַראַן סעודת מצוה, אַביסעל פיינע משקה צו קדוש און הבדלה און אַ פּאָר מאָל אין יאָהר עסט מען קרעפּ־לעך אויך, און דעריבער טאַקע געהט נאָך „צום“ און „קול“, ממון — ממון אויף אַ תאוה'לע!

און איהר האָט אויך דאָס זעלבע סדור'ל, די אייגענע ווערטער זאָגט איהר, נאָר איהר זייט מהפך דעם סדר. מיר — ישר און איהר — הפוך.

הויבען הויבט איהר אָן ביי „ממון“!

איהר מוזט האָבען גרויסע דירות... און עס מוז הענגען ר' יחזקאל'ע פּרעגער'ס פּאָרטרעט... און איהר ווערט גאָר בעלי־סודות און פאַרהענגט די פענסטער, מען זאָל חלילה נישט אַריינקוקען נישט צו דער צייט! און מעבעל מוז זיין, און קרעפּלעך — יאָ מנהג, נישט מנהג — איז אַ מאכל! און מען פאָהרט אַמאָל אין באַד אַריין אויך... און עס ווילט זיך אַביסעל כבוד, הן אין שטוב, הן אין גאַס, הן אין בית־המדרש, און מען מוז גוטע שדוכים טון, מיט גרעסערע עשירים... מען זוכט אַן אַנהאַלטעניש... און אַז מען געהט אַוועק פון דער וועלט, אין מען איז, ווי ר' יחזקאל'ע פּרעגער קיין פּאָרטרעט נישט געוואָרען, מוז מען איבערלאָזען אַ זכר: אַ מויער! אַן עסק, אין וועלכען די יורשים זאָלען קאָנען אַריינקריכען בראשו ורובו און שוין קיין ליכטיגע וועלט נישט זעהן... מיט איין וואָרט: מען דאַרף זיין, מען מוז זיין אַ נגיד, איין „קול“ — מען שרייט גע־וואַלד: אַ נגיד! און זאָל זיך דער הימעל שפּאַלטען, וואָס וועט איהר שרייען? מ—מון! עס ווילט זיך דוקא קרעפּלעך! אַ פּשוט'ע זאַך: ביי אונז איז אַלץ בבחינת מן: איז דער קוגעל פעט, מהיכא־תיתי! איך קאָן אָבער עסען אַ שטיקעל נעכטיג ברויט, און אַז איך וועל וועלען, וועל איך זאָגען: ס'אַ המן־טאַש! און עס וועט זיין אַ המן־טאַש, איך וועל פיהלען דעם טעם פון מאָן מיט האָניג! אַ מתנגד אָבער מוז האָבען דברים כהויתן — על פּי פּשט! — איז

טאקע דער עיקר „ממון“ — און אז דער עיקר, פארשטעהט איהר מיך, איז ממון, זאלט איהר עס מיר מוחל זיין, פאלט מען שוין אריין אין קבצנות... אויפ'ן טיש — א געשוירען טישטוך, נאר אז מען זעצט זיך צום טיש, נעמט מען עס אראפ און מען לעגט אבי וואס... א קאנאפע, פאטער־שטולען, שטולען — געדעקט מיט סאמעט — נאר איבערגעצויגען מיט גרויע לייוועגט... זיצען זיצט איהר אויף לייוועגט!... און, זייט מיר מוחל — די טיר, אז מען געהט עסען, ווערט פארשלאסען... „כל דכפין ייתי וייכול“ איז א פסוק אין דער הגדה, געמאכט געווארען, דער דובנער מגיד זאל זיך האבען אויף וואס צו שטעלען און זאגען א משל... ווארים דא, וואו דער עולם־הזה ווערט אן עיקר, האט מען טאקע קיין עולם־הזה נישט...

כ'לעבען, נישט גלייך, רבותים... וואס האט איהר אראפגעלאזט די קעפ?

כ'האב דאך אייך מקדים געווען, אז סיי־ווי א גלייך ווערטעל, א מלתא דבדיחותא...

דער חלוק פון מתנגדות ביז חסידות שטעקט אביסעל טיפער. ווי דען? הויבט די אויגען אויף, רבותים, כ'וויל עס אייך מקרב זיין צו דער השגה...

הערט!

תורה — ווייסט איהר דאך — איז נמשלה למים — וואסער! ריין וואסער, קלאר וואסער, לעבעדיג וואסער!

נו, אז תורה איז וואסער, וואס טוט א מתנגד?

נעמט ער און שווימט! פון אויבען...

פארט א שטיקעל סכנה, ס'איז דאך פארט מים שאין להם סוף?

איז פאראן אן עצה!

נעמט מען אונטער'ן ארעם: א י י ן פענכבער — דעם שלחן ערוך, דעם צ ו ו י י ט ע ן — דעם חיי־אדם, און מען לעגט זיך אויף זיי פרקדן, און מען שווימט... מאכט זיך א שוימעל: א שטיקעל דקדוק אין פירוש רש"י... א גע'חכמ'ט פירוש'ל אין מצודת ציון ומצודת דוד... א נוטריקון'דעל אין בעל הטורים — שעהן! א מחיה! עס געהען די אויגען איבער — ממש א זילבערנע שוים! כסף טהור!

איינער כאפּט גאָר אַן עיך־יעקב, אַ פּרק משניות — הו! דער געחם שוין טריט־וואַסער! נאָר דעם קאָפּ נעצט ער אַלץ נישט איין; דער קאָפּ בלייבט טרוקען! אַלץ נישט קיין סכנת־נפשות!

און אַז אַ מתנגד איז גאָר אַ איד אַ למדן, — וואָס טוט ער? שווימט ער קלאַפּטער, און מאַכט אַמאָל אַ נאַרעק... אַמאָל לאָזט ער זיך טיף אַראָפּ, אויף ווי לאַנג דער אָטעם לאָזט, און געפינט אין דער טיפעניש און ברענגט אַרויף — מרגניתא טבא! אַ פּערל פון קעסעל־גרוב!

און אַז אַ מתנגד איז גאָר אַן עלוי? שפּרינגט ער אין וואַסער אַריין, און — מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, — איז ער וואָס? אַ קונצען־מאַכער!

איך וויל, חלילה, נישט מקפּח זיין שכר כל בריה... און לאָמיך וועלען! אַז הקדוש ברוך הוא וויל נישט! געזאָגט תורה נמשלה למים — איז געזאָגט! אָבער אַז דער יסוד איז מים, איז — מים, זענט איהר קאַלטע פיש!

און וואו איז דער והסנה בוער באש?

תורה איז דאָך נמשלה לאש אויך, און פּאַראַן: אש אוכלה אש... פייער שב'פייער! דאָס זעהט איהר איז שוין א ו נ ז ע ר תורה! אונזער תורה ברענט... אונזער תורה לייכט... אונזער תורה — —

איך וויל עס אָבער פּאַרט מקרב זיין צו דער השגה!

איך וויל, איהר זאָלט פאַרשטעהן דעם ענין פון „אונזער“ תורה...

וואָס עס הייסט: אַ גוטער איד, אַ צדיק זאָגט „תורה“... לכאורה: מאי כולי האי? נעם אַ ספר און קוק אַריין! עס איז אָבער נישט אַזוי! — וואַרט, איך בין ערב, איהר וועט מקבל נחת זיין...

„כי נר מצוה ותורה אור...“

יאָ... די מצוה, רבותים, איז אַ ליכט — נאָר אַ ליכט לייכט נישט, כל־זמן מען צינדט זי נישט אָן... אַ מענש קאָן זיין אַ ליכט־ציהער, האָבען אַ פּוד ליכט אין שטוב. און אַרומגעהן אין דער פינסטער, און טאַפּען אין די ווינקעלעך! תורה־אור — מצוה דאַרף כונה... מען דאַרף וויסען דעם כוון פון דער מצוה...

אסך מצוות טוט איהר... נאָר מתוך עצבות...

אַ מצוה שלא בכונה איז אַ טויטע מצוה... אַ בר־מינן.

הענט האבען געלעגט תפלין, ס'מויל האט געזאגט ברכה, די פיס זענען געגאנגען אין מקום־קדוש אריין, די נאז האט געשמעקט בשמים בשעת הבדלה — אבער די ג ש מ ח איז דערביי נישט געווען... די כונה האט געפעהלט! מען האט נישט אנגעצונדען די ליכט!

און פעהלט ליכט, פעהלט שמחה...

און מענשען טוען מצוות אין געהען ארום אין עצבות, פארמרה־שחורה'טע פנים'ער, פאר'חושכ'טע אויגען. און מען זיפצט. און מען קרעכצט...

שמחת מצוה פעהלט!

פרעה דיך, אז א טויט קינד איז געבוירען געווארען!

אסך מצוות טוט איהר... נאר מתוך עצבות...

צדקה גיט איהר פון רחמנות... „נא — נעם און געה!" מען דארף פטור ווערען פון דעם ארעמאן... מען שיקט איהם אפילו אפ אין שטוב אריין, אבי זיין פרצוף נישט צו זעהן... מען לערענט אפ א בלאט גמרא א טאג: א חוק! אפגעארבייט ווי א שכיר יום! א קליין שטיקעל קאטארגע! יום־טוב — מאכט מען בשר ודגים און צימעס קאכט מען... נאר — ווי ווערט מען שוין פון דעם יום־טוב פטור... א מחיה דאס דריטע שטערנדעל איז מוצאי־שבת! ווי אויפ'ן גואל צדק ווארט מען דערויף! א שמחה דאס איז שמיני של פסח — א גלעזעל ביר! מען מעג שוין! און מוצאי־פסח די חמץ'דיגע סעודה! און בסוד סודות, בעט איהר דאך טל ומטר אויף סוכות — איהר זאלט קאנען עסען אין שטוב!

ש מ ח ה פעהלט אייך! ווייל איהר טוט אלץ מיט'ן גוף, אהן די נשמה... ווייל אייערע מצוות זענען גופים אהן נשמות, נישט אנגעצונדענע ליכט!

און מיינט נישט... לאו כל אדם זוכה צו ליכטיגע לעבעדיגע מצוות... אמת — „ולא עם הארץ חסיד", אהן „תורה־אור", אהן תורה, שנמשלה לאש, קאן מען קיין חסיד נישט זיין... אבער נישט אלע חסידים זענען הסידים...

קומען זיך טאקע צוזאמען צום צדיק קאלטע נשמות, געפרוירענע נשמות, אידען מיט ליכט אין די בוזעמס, נאר זיי ברענען נישט, זיי לייכטען נישט... מען קומט פאר'עצב'עט, פאר'חשכ'ט... נאר מען קומט צום צדיק, מען קומט נאך תקון, נאך ליכט... און

דער צדיק, אז ער זעהט עס, זעצט ער זיך און זאגט „תורה“... און זאגען זאגט ער תורה, שנמשלה לאש... די תורה, וואס ברענט און „צינדט אן די ליכט“... די מצוות, וואס זענען געטאן געווארען שלא בכונה, באקומען כונה... צינדען זיי זיך אן און הויבען אן לייכ־טען... פון „מתים בל יחיו“ ווערען ברענענדיגע, לייכטענדיגע נשמות, פון בר־מנן'ס — שרפים ואופנים...

און ליכטיג ווערט, און שמחה, און צהלה, ריצה, אהבה, אחוה ורעות...

עס פלאמט...

וואס־זשע האט פועל יוצא געווען דער צדיק?

ער האט מקיים געווען די מצוה: בהעלותך את הנרות!

ער האט גענומען פון „אור זרוע לצדיק“ און אנגעצונדען אלע ליכט!...

און אז אלע ברענען? פארשטעהט איהר דאך, איך דארף דאך אייך נישט אין מויל ארייגלעגען — אז עס צינדען זיך אן אלע ליכט — ווערט ליכטיג, ווערט פרעהליך, ווערט התלהבות, ווערט דבקות... ווערט — —

נאר דאס איז שוין נישט פאר אייך... גענוג — שמחה! שמחת מצוה, שמחת יום־טוב — —

וואס טוט איהר ימים־נוראים?

משנכנס אדר לאכט איהר, קומט מזל בתולה — וויינט איהר!

א מתנגד לעבט על פי „לוח“...

שנייצט איהר די נעז און קלאגט!...

איהר ווערט בעל־בכיה'ס, ווי די נשים! און עס ציטערט אויף אייך די הויט.

וואס טוט זיך ביי אונז ימים נוראים? מען טאנצט, מען זינגט! מען געהט אפילו גאר שפאצירען! אז עס איז ליכטיג גע־ווארען, אז עס האט זיך צופלאקערט — געה וויין!

דאס איז טייטש „ותורה אור“ — דעם צדיק'ס תורה איז אור! — —

נאר האלט איך שוין ביי אור, וויל איך אייך שוין דערצעה־לען א שיחה, דאס וועט איהר שוין אודאי משיג זיין! איהר וועט אפילו הנאה האבען! איהר ווייסט דאך: שני מאורות — א זון מיט א לבנה. די זון האט ליכט און ווארעמקייט און די לבנה,

מילא, ווייסט איהר דאך, איהר האט דאך עפּעס ליעב די לבנה, איהר זייט דאך מיט דער לבנה שמעלקע שבשמעלקע, אייערע איננ־לער שרייבען דאך שירים און קרעכצען צו דער לבנה — די לבנה האט נאר ליכט אליין...

איז ער, זאל לעבען, אמאל געזעסען ביים פענסטער — ביז השמשות.

צווישען מנחה ומעריב, פלעגט ער ליעב האבען צו זיצען ביים פענסטער, בשעה שאינו יום ואינו לילה... קומט ארויס די לבנה. זעהען מיר בחוש, אז זי קומט ארויס אומישנע פון ענן מקבל פּנים זיין... שמייכעלט ער... און דרעהט זיך אוים צו אונז און גיט א פרעג, צי מיר ווייסען נישט פון דעם דין תורה, וואס די לבנה האט געהאט... ווייסט מען נישט; דערצעהלט ער.

די זון — דערצעהלט ער — האט דאך משמורת בייטאג, איז איהר ווארעם; די לבנה אבער האט אבער דאך משמורת ביינאכט, איז איהר קאלט... שטעלט זי זיך איינמאל פאר'ן בית־דין של מעלה מיט א טענה: עס איז איהר קאלט! וואס־זשע וויל די לבנה?— מען זאל איהר מאכען א בגד! זאגט בית־דין של מעלה: צדקה ממני! ס'קומט איהר א בגד! שיקט מען תיכף ומיד נאך אלע חייטים מארבע כנפות הארץ, זיי זאלען איהר מאכען א בגד! זאגען די חייטים, אז זיי זענען עס נישט ביכולת צו מאכען! פּארוואס. ווילט איהר פרעגען, פּשוט, ווייל זיי ווייסען נישט, ווען א מאס צו נעמען: א גאנצען חודש — אדער זי וואקסט אדער זי פאלט אפּ...

הא?

וואס זאגט איהר?

מען זאל איהר מאכען שלשים בגדים!

כ'האב געוואוסט, אז דאס וועט איהר משיג זיין!

דאס האט טאקע, ער זאל לעבען, אויפגעטאן!

# אויב נישט נאָך העכער.

— — — — — — — — — — — — — — —

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות־צייט יעדען פריהמאָרגען נעלם ווערען, פאַרשווינדען!

מען פלעגט איהם נישט זעהן אין ערגעץ: נישט אין שול, נישט אין ביידע בתי־מדרשים, נישט ביי אַ מנין, און אין דערהיים אודאי און אודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפען. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין און אַרויסגעגאַנגען; גע׳גנב׳עט ביים רבי׳ן האָט מען נ י ש ט, אָבער קיין לעבעדיג באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

וואו קאָן זיין דער רבי?

וואו זאָל ער זיין? מן הסתם אין הימעל! ווייניג געשעפטען האָט אַ רבי פאַר ימים־נוראים צו פאַרזאָרגען? אידעלעך, קיין עין־הרע, דאַרפען פרנסה, שלום, געזונט, גוטע שדוכים, ווילען גוט און פרום זיין, און די זינד זענען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זיינע טויזענט אויגען קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער. און ער זעהט, און פאַרקלאָגט, און מסר׳ט... און — ווער זאָל העלפען, אז נישט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אַנגעקומען אַ ליטוואַק, לאַכט ער! איהר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסר־ספרים האַלטען זיי ווייניג, דערפאַר שטאָפען זיי זיך אָן מיט ש״ס ופוסקים. ווייזט דער ליט־וואַק אַ בפירוש׳ע גמרא, — די אויגען שטעכט ער אויס: אפילו משה רבינו, ווייזט ער, האָט ביים לעבען נישט געקאָנט אַרויף־אויפ׳ן הימעל, נאָר געהאַלטען זיך צעהן טפחים אונטער׳ן הימעל! נו, געה שפּאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— וואו דען קומט אהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציהט מיט די אקסעל, און תוך כדי דבור (וואס א ליטוואק קאן!) איז ער זיך מיישב, צו דערגעהן די זאך.

---

נאך דעמזועלבען פארנאכט, באלד נאך מעריב, גנב'עט זיך דער ליטוואק צום רבי'ן אין חדר אריין, לעגט זיך אונטער'ן רבי'נס בעט, און ליגט. ער מוז אפוואר־ען די נאכט און זעהן, וואו דער רבי קומט אהין, וואס ער טוט סליחות־צייט.

אן אנדערער וואלט אפשר איינגעדרימעלט און פארשלאפען די צייט; א ליטוואק טוט זיך אן עצה: לערענט ער זיך אויסענ־ווענינ א גאנצע מסכתא! איך געדענק שוין נישט, חולין צי נדרים!

פארטאג הערט ער, ווי מען קלאפט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאפען א צייט. ער הערט איהם שוין אפשר א גאנצע שעה קרעכצען.

ווער עס האט געהערט דעם נעמיראווער קרעכצען, ווייס, וויפיעל צער פאר כל־ישראל, וויפיעל יסורים עס האט געשטעקט אין זיין יעדען קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגעהן, הערענדיג דאס קרעכצען! א ליטוואק האט דאך אבער אן אייזען הארץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך: דער רבי, זאל לעבען, א ו י פ ' ן בעט, דער ליטוואק א ו נ ט ע ר ' ן בעט.

---

דערנאך הערט דער ליטוואק, ווי די בעטען אין הויז הויבען אן סקריפען... ווי די בני־בית כאפען זיך ארויס פון די בעטען, ווי מען מורמלעט א אידיש ווארט, מען גיסט וואסער אויף די נעגעל, עס קלאפען אויף און צו די טירען... דערנאך איז דער עולם ארויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינסטער, דורכ'ן לאדען שיינט קוים אריין א קליין ביסעל ליכט פון דער לבנה...

מודה האט ער געווען, דער ליטוואק, אז ווען ער איז געבלי־בען איינער אליין מיט'ן רבי'ן, איז איהם באפאלען אן אימה. די

הויט איז שוין איהם אויפגעלאפען פאר שרעק, די וואורצלען פון די פאות האבען איהם געשטאכען אין די שלייפען ווי די נאדלען.

א קליינינקייט: מיט'ן רבי'ן, און סליחות־צייט, פארטאג, אליין אין א שטוב!...

א ליטוואק איז דאך אבער איינגעשפארט, ציטערט ער ווי א פיש אין וואסער און ליגט.

---

ענדליך, שטעהט דער רבי, זאל לעבען, אויף...

פריהער טוט ער, וואס א איד דארף טון... דערנאך געהט ער צו צו דעם קליידער־אלמער און נעמט ארויס א פעקעל... עס באַ־ווייזען זיך פויערשע קליידער: ליינוואנטענע פלודערען, גרויסע שטיוועל, א סיערמיענגע, א גרויס פוטערען היטעל מיט א ברייטען לאנגען לעדערנעם פאס, אויסגעשלאגען מיט מעשענע נעגעלער.

דער רבי טוט עס אן...

פון דער קעשענע, פון סיערמיענגע, שטארט ארויס אן עק פון א גראבען שטריק... פון א פויערשען שטריק!

דער רבי געהט ארויס; דער ליטוואק — נאך!

דורכגעהענדיג, טרעט אפ דער רבי אין קיך, בויגט זיך איין, פון אונטער א בעט נעמט ער ארויס א האק, פארלעגט זי אונטער'ן פאס און געהט ארויס פון שטוב.

דער ליטוואק ציטערט, נאר ער טרעט נישט אפ.

---

א שטילער, ימים־נוראים'דיגער פחד וויגט זיך איבער די טונ־קעלע גאסען. אפט רייסט זיך ארויס א געשריי פון סליחות פון ערגעץ א מנין, אדער א קראנקער קרעכץ פון ערגעץ א פענסטער... דער רבי האלט זיך אלץ אין די זייטען פון די גאסען, אין די שאַ־טען פון די הייזער... פון איין הויז צום אנדערען שוואימט ער ארויס און דער ליטוואק נאך איהם...

און דער ליטוואק הערט ווי זיין אייגענע הארץ־קלאפען מישט זיך צוזאמען מיט'ן קול פון רבי'נס שווערע טריט; אבער געהן

געהט ער, און קומט צוזאמען מיט'ן רבי'ן אויס דער שטאדט ארויס.

---

הינטער דער שטאדט שטעהט א װעלדעל.

דער רבי, זאל לעבען, נעמט זיך אין װעלדעל אריין. ער מאכט א דרייסיג־פיערציג טריט און שטעלט זיך אפ ביי א בוימעל; און דער ליטוואק װערט גבהל ומשתומם, זעהענדיג, ווי דער רבי נעמט ארויס פון פאס די האק און שלאגט אין בוימעל אריין.

ער זעהט, ווי דער רבי האקט און האקט, ער הערט ווי דאס בוימעל קרעכצט און קנאקט. און דאס בוימעל פאלט, און דער רבי שפאלט עס אויף ליפעס... די ליפעס — אויף דינע שייטלעך; און ער מאכט זיך א בינטעל האלץ, נעמט עס ארום מיט'ן שטריק פון קעשענע, ער ווארפט דאס בינטעל האלץ איבער די פלייצעס, שטעקט צוריק אריין די האק אינ'ם פאס, לאזט זיך ארויס פון װאלד, און געהט צוריק אין שטאדט אריין.

אין א הינטערגעסעל שטעלט ער זיך אפ ביי אן ארעם, האלב איינגעבראכען הייזעל און קלאפט אן אין פענסטערל.

— װער איז? — פרעגט מען דערשראקען פון שטוב ארויס. דער ליטוואק דערקענט, אז עס איז א קול פון א אידענע, פון א קראנקער אידענע.

— יא! — ענטפערט דער רבי אויף פויעריש לשון.

— קטא יא! — פרעגט מען ווייטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווייטער, אויף מאלארוסיש לשון: װאסיל!

— װאס פאר א װאסיל און װאס ווילסט דו, װאסיל?

— האלץ, — זאגט דער פארשטעלטער װאסיל. — האב איך צו פארקויפען! זעהר ביליג... בחצי חנם האלץ!

און, גישט װארטענדיג אויף תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אריין.

---

דער ליטוואק גנב'עט זיך אויך אריין און, ביים גרויען ליכט פון פריהען מארגען, זעהט ער אן ארעמע שטוב, צובראכען, ארעם

כלי־בית... אין בעט ליגט א קראנקע אידענע, פארוויקעלט מיט שמאטעס, און זי זאגט מיט א ביטער קול:

— קויפען? מיט וואס זאל איך קויפען? וואו האב איך, ארעמע אלמנה, געלט?

— איך וועל דיר בארגען! — ענטפערט דער פארשטעלטער וואסיל, — אינגאנצען זעקס גראשען!

— פון וואנען וועל איך דיר באצאהלען? — קרעכצט די ארעמע אידענע.

— נארישער מענש, — מוסר'ט זי דער רבי, — זעה, דו ביסט אן ארעמע קראנקע אידענע און איך געטרוי דיר דאס ביסעל האלץ. איך בין בטוח, אז דו וועסט באצאהלען; און דו האסט אזא שטאר־קען, גרויסען גאט, און געטרויסט איהם נישט... און האסט אויף איהם אויף נארישע זעקס גראשען פאר'ן בינטעל האלץ, קיין בטחון נישט!

— און ווער וועט מיר איינהייצען? — קרעכצט די אלמנה. — איך האב דען כח אויפצושטעהן? מיין זוהן איז אויף דער אר־בייט געבליבען.

— איך וועל דיר איינהייצען אויך. — זאגט דער רבי.

---

און, אריינלעגענדיג דאס האלץ אין אויווען, האט דער רבי, קרעכצענדיג, געזאגט פון סליחות דעם ערשטען פזמון...

און, אז ער האט אונטערגעצונדען, און דאס האלץ האט פרעה־ליך געברענט, האט ער געזאגט, שוין אביסעל לוסטיגער, פון די סליחות דעם צווייטען פזמון...

דעם דריטען פזמון האט ער געזאגט, ווען עס האט זיך אויס־געברענט און ער האט די בלעך פארמאכט...

---

דער ליטוואק, וואס האט דאס אלץ געזעהן, איז שוין געבליבען א נעמיראווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערצעהלט, אַז דער נעמיראָווער הויבט זיך אויף, סליחות־צייט, יעדען פריהמאָרגען, און פליהט אַרויף אין הימעל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכען, נאָר צוגעבען שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

# בערעל דער שניידער.

ערב יום־כפור. אין בערדיטשעווער שול. צוגעפאלען איז די נאכט.

די זקנים האבען אפגעזאגט: „על דעת המקום ועל דעת הבריות..." צוגאנגען זיך אויף זייערע ערטער. ר' לוי יצחק שטעהט ביים עמוד. ער דארף זאגען „כל־נדרי" און — שווייגט.

אלע אויגען הענגען אויף זיין רוקען. אין עזרת נשים — א שטילקייט, ווי אויפ'ן ים פאר א רעש. ער וועט אנהויבען, און אפשר, ווי זיין שטייגער איז אמאל, מיט אן הקדמה. וועט זיך פריי־הער אויס'טענ'ען, כדבר איש אל רעהו, מיט'ן רבונו של עולם — אויף מאמע־לשון...

נאר ר' לוי יצחק שטעהט, איינגעהילט אין קיטעל און טלית פאר'ן עמוד און שווייגט.

וואס באטייט עס?

זענען די שערי תפלה אזוי שפעט נאך פארמאכט? האט ר' לוי יצחק קיין כח נישט אנצוקלאפען? ער שטעהט מיט'ן קאפ אבי־סעל איבערגעבויגען, מיט אן אויער ארויף, גלייך ער הערט עפעס פון דארט? וויל ער הערען אויפשליסען?

און פלוצלונג דרעהט זיך ר' לוי יצחק אוים צום עולם און גיט א רוף:

— שמש!

לויפט דער שול־שמש צו; פרעגט ער איהם:

— בערעל דער שניידער שוין דא?

דער עולם ווערט נבהל ונשתומם. דער שמש שטאמעלט: ער ווייס נישט; הויבט זיך אן אומצוקוקען. ר' לוי יצחק אליין קוקט זיך אויך אום.

— ניין, ער איז נישטא! — זאגט ער. — אין דערהיים געבליבען. און ווענדט זיך נאך אמאל צום שמש:

— געה אהיים צו בערעל שניידער און רוף איהם אהער! זאג, איך, לוי יצחק דער מרא דאתרא, רופט.

געהט ער, דער שמש.

בערעל דער שניידער וואוינט אין שול־געסעל, נישט ווייט פון שול. ווארט מען נישט לאנג. קומט ער, בערעל שניידער, אהן קי־טעל און טלית, אין דער וואכעדיגער קאפאטע, מיט אן אנגערוק־טען פנים און אויגען — האלב בייזע, האלב צושראקענע, און געהט צו צו ר' לוי יצחק'ן:

— איהר האט מיך גערופען, רבי, בין איך צו א י י ך גע־קומען!

„צו אייך" איז ער מטעים.

שמייכעלט ר' לוי יצחק.

— זאג נאר, — מאכט ער, — בערעלע, וואס רעדט מען עס אזויפיעל פון דיר אין דער הויך? עס איז דאך פול מיט דיר די פמליא של מעלה. עפעס א רעש האסטו אנגעמאכט: מען הערט נישט מעהר, נאר: בערעל דער שניידער און בערעל דער שניידער.

— אהא! — מאכט בערעל שניידער מיט נצחון.

— האסט עפעס א טענה?

זאגט ער: אודאי!

— צו וועמען?

— צום רבונו של עולם! — זאגט ער.

דער עולם ארום וואלט דעם שניידערוק צוריסען; ר' לוי־יצחק צושמייכעלט זיך נאך ברייטער:

— אפשר וועסטו, בערעל, דערצעהלען, וועגען וואס עס געהט?

— אדרבא! — זאגט בערעל דער שניידער, — מהיכא תיתי...

— זאגט ער — איך קאן אפילו פאר אייך א דין־תורה האבען! זאל איך טענ'ען?

— רעד.

טענ'עט ער, בערעל דער שניידער:

— איבער'ן גאנצען זומער לא־עליכם, רבי, קיין שטאך אר־בייט נישט געהאט... נישט פון א איד, נישט, להבדיל, פון א פויער. כאטש לעג זיך, — זאגט ער, — און שטרעק אויס די צונג.

— אי — גלויבט זיך נישט ר׳ לוי יצחק׳ן — זרע אברהם, יצחק ויעקב זענען דאך רחמנים בני רחמנים, געדארפט זיך פארטרויען.

— דאס נישט, רבי, איך זאג נישט און איך נעם נישט!

קיין מתנת בשר ודם וויל ער נישט. ער האט אזא חלק אין רבונו של עולם, ווי יענער...

וואס ער האט יא גענומען, — א מיידעל האט ער, האט ער עס אוועקגעשיקט דינען. ערגעץ אנדערש, אין א גרעסערער שטאדט אריין, געשיקט.

זיצט ער אזוי אין דערהיים אוןווארט, וואס זיין ליעבער נאמען וועט טון...

פאר סוכות. די טיר עפענט זיך. אהא! דערוואַרט זיך: און עס קומט טאקע אריין א שליח מיוחד פון פריץ, מען רופט איהם אונ־טערשלאגען א פעלץ.

גוט. דער רבונו של עולם שפייזט! פאהרט ער, קומט ער אין פאלאץ אריין. מען פיהרט איהם אין א חדר מיוחד אריין. מען גיט איהם איבער אן אויבערשלאג און מען גיט איהם איבער פעלעכלעך.

— זאלט איהר זעהן, רבי, פיקסינע פעלעכלעך! פון פוקסען־לאנד...

עס איז דאך כל־נדרי־צייט, איז איהם ר׳ לוי יצחק מזרז:

— הכלל, האסטו אונטערגעשלאגען, גענומען דיינס בשלמות. וואס איז ווייטער געשעהען?...

— א קלייניגקייט איז געשעהען: דריי פעלעכלעך זענען גע־בליבען.

— האסטו זיי צוגענומען?

— נישט אזוי לייכט, רבי, ווי עס רעדט זיך! אז מען קומט ארויס פון פאלאץ שטעהט ביי דער בראם א שומר. האט ער א חשד, באזוכט ער. טוט די שטיוועל אויס. און געפינט מען, רבי. ביי מיר, חס ושלום, פעלעכלעך, האט דער פריץ כלבים, האט דער פריץ ריטער...

— נו, וואס האסטו גענומען?

— איז דאך אבער בערעל — בערעל שניידער! גאה איך מיר, רבי, אין קיך אריין, בעט, מען זאל מיר אהיים געבען א ברויט...

— פת עכו״ם, בערעל!

— נישט, חלילה, צום עסען, רבי! — מען האט מיר גענע־

כען א ברויט, א גרויס ברויט. איך געה דערמיט צוריק אין שטוב אריין, שנייד עס אויף, הויל עס אויס, קנעט דאס ווייכע אזוי לאנג אין די הענט, ביז עס ווערט דורכגענומען מיט שוויים און ווארף עס דעם כלב, וואס ליגט אין חדר. א כלב האט ליעב מענשען־שוויים. און די דריי פעלעכלעך פאק איך אין אויסגעהוילטען ברויטעל אריין. און געה.

ביי דער בראם:

— וואס טראגסט דו, זשידיקעל, אונטער'ן ארים?

ווייז איך: א ברויט!

איך קום בשלום אריבער און אביסעל ווייטער מאך איך שוין פיס... און געה נישט מיט'ן וועג, איבער די קשאקעס געה איך. פעלד אויס, פעלד איין: א קורצער וועג — א פעלד־וועג.

געה איך און טאנץ אביסעל אונטער: און אתרוג וועט זיין. א לולב'ל! נישט קהל'ס. נישט געבארגט... טייערע פעלעכלעך...

הויבט אבער אן די ערד אונטער מיר עפעס צו ציטערען... איך דערקען שוין דאס ציטערען. א רייטער יאגט הינטער מיר, מען יאגט מיך נאך! דער מאמעס מילך ווערט מיר אנטרונען. מן־הסתם, אי־בערגעצעהלט די פעלעכלעך... אנטלויפען איז נאריש, א רייטער, דעם פריץ'ס א פערד... כאפ איך, קודם כל, דאס ברויטעל און ווארף אין די קשאקעס אריין. מאך מיר פונדעסטוועגען א סימן, א גוטען סימן, און שטעל מיך אפ. מען רופט שוין:

— בערקא! אה, בערקא!

דאס איז ער, דעם פריץ'ס קאזאקעל. איך דערקען זיין קול־כעל! איינוועניג, רבי, ציטערט! די נשמה איז אין די קנעבעל, נאר בערעל שניידער דרעהט זיך אויס, און געהט אקעגען, מכלומר'שט כאחד האדם.

ווייזט זיך אויס — אן אומזיסטע שרעק!

איך האב פארגעסען א הענגער אנצונעהען, האט מען נאך מיר א רייטער געשיקט.

און ער שלעפט מיך שוין אויפ'ן סוס ארויף. דרעהט עס אויס, מען רייט שוין...

בענש איך אין הארץ גומל, נעה אן דעם הענגער און געה צו־ריק.

איך קום צום סימן: ואיננו — נישטא דאס ברויט!

שוין לאנג נאך שניט; קיין בן אדם געהט דא נישט. קיין פוי־געל אין דער וועלט וועט אזא משא נישט אויפהויבען... פארשטעה איך, ווער עס האט עס געטאן...

פרעגט ר' לוי יצחק:

— ווער?

— ער! — ענטפערט בערעל שניידער, און טוט מיט'ן פינגער צו דער הויך — דער רבונו של עולם, זיין מעשה ידו, רבי! און איך ווייס פארוואס... ער, דער האר דער גרויסער, וויל נישט, אז זיין קנעכט, אז איך, זיין בערעל דער שניידער, זאל נעמען יתור...

— נו, אודאי — מאכט ר' לוי יצחק ווייך — על פי דין...

— דין — שמין! — מאכט בערעל. — ער ווייסט, אז א מנהג ברעכט א דין. און נישט איך — זאגט ער — האב יתור בא־שאפען, א מנהג פון קדמונים!

— און ווידער — טענ'עט ער — פארקערט: איז דער רבונו של עולם אזא גרויסער, שטאלצער פריץ, און וויל נישט, אז דער ארעמסטער עבד פון זיינע עבדים, זיין קנעכט בערעל דער שניי־דער, וואס דינט ביי איהם, זאל נעמען יתור, — זאל ער געבען פרנסה. זאל ער, ווי א פריץ, געבען ארדינאריע!

נ י ש ט דאס און נ י ש ט דאס, וויל ער נישט!

— וויל איך — זאגט ער — דעם רבונו של עולם נישט דינען. איך האב — זאגט ער — א נדר געטאן: אוים!

גיט דער עולם ארום א ברום, ווי א בער. הויבען זיך הענט — וויל מען צולויפען. ר' לוי יצחק מאכט:

— שא!

דער עולם בלייבט שטיל און ר' לוי יצחק פרעגט בנעימות:

— און וואס ווייטער, בערעל?

— גארנישט! — דערצעהלט ער. — איך קום אהיים, איך וואש מיך נישט. איך עס אומגעוואשען. מיין פלונית'טע וויל עפע־נען א מויל, — א פלאסק! איך לעג מיך; אהן קריאת־שמע לעג איך מיך. די לעפצען ווילען אליין זאגען: איך פארבייס מיט די ציין. אין דערפריה: קיין ברכה, קיין נטילת ידים, קיין דאוונען, קיין טלית ותפלין. „גיב עסען!" מיין פלונית'טע מאכט פים פון שטוב ארוים. אין דארף אריין, צום פאטער, צום ארענדאר געלאפען איז אהן א ווייב! איך האב נאך הנאה דערפון. איך, ווי איך, איך בין

בערעל שניידער. זי, א שוואכע אידענע, זאָל זי  נ י ש ט  זיין אין דער מיט! און איך טו מיר מיינס: קיין סוכה, קיין אתרוג, קיין לולב, איך נעם אמאָל אביסעל; יום־טוב מאך איך קיין קדוש נישט. לאו! שמחת־תורה, כאַפּ איך, ווי מרדכי נאך דער גזרה, און טו אַן א זאַק איבער׳ן קאָפּ. להכעיס!

קומט סליחות־צייט, ווערט אביסעל קאַלאַמוטנע. דער שמש קלאַפּט, דאָס האַרץ קלאַפּט, עס ציהט... בין איך דאך אבער בערעל שניידער! א וואָרט האַלט איך! איך דעק מיך צו איבער׳ן קאָפּ, איך האַלט אוים! נישט זעהען... עס קומט ראש־השנה — איך ריהר מיך נישט. עס קומט די צייט פון שופר בלאָזען, כאַפּ איך שטיקער וואַטע און פאַרשטאָפּ די אויערען... עס רייסט, דאָס האַרץ רייסט, א צער בעלי־חיים, רבי... און איך מאוס מיך פאַר מיר אליין. נעה ארום אומגעוואַשען, אן אומריינקייט. א שטיקעל שפּי־געלע הענגט, איך דרעה עס איבער צו דער וואַנט, איך וויל מיין פּרצוף נישט זעהן... דער עולם, דערהער איך, געהט צו תשליך...

ער בלייבט שטיל א ווייל און שפּרינגט באַלד אונטער!

— אבער געַרעכט, רבי, בין איך! אפּטרעטען מיט גאַרנישט וועל איך נישט!

טראַכט ר׳ לוי יצחק א ווייל און פרעגט:

— און וואָס זשע ווילסטו, בערעל שניידער?... ווילסט פּרנסה?

בערעל באַליידיגט זיך:

— קיי און שפּיי פּרנסה! פּרנסה האָט ער געזאָלט פריהער געבען! און פּרנסה קומט יערען! דעם פויגעל אין דער לופט, דעם ווערימעל אויף דער ערד. פּרנסה איז אָרדינאַריע, צינד וויל בערעל שניידער מעהר!

— זאָג, בערעלע, וואָס.

און בערעל שטעלט זיך אָפּ:

— אמת, רבי, יום־כפור איז נאָר מכפּר אויף עבירות שבין אדם למקום?

— אמת!

— און עבירות שבין אדם לחברו — נישט?

— ניין!

גלייכט זיך בערעל שניידער אוים אין דער חויך, ווי א סטרו־נע, און זאגט פעסט און הויך:

— וויל איך, בערעל שניידער, אנדערש זיך נישט אונטערגע־בעז, אנדערש צוריק אין דער דינסט צום רבונו של עולם נישט אריינטרעטעז, ביז דער רבונו של עולם וועט נישט דאס יאהר, מיר צוליעב, מוחל זיין די עבירות אויך! בין איך גערעכט, רבי?

— גערעכט! — ענטפערט ר׳ לוי יצחק — און האלט דיך — זאגט ער — ביי דער דעה, מען וועט דיר מוזען נאכגעבען...

און ער קערט זיך אום צום עמוד, קוקט ארויף, הערט זיך איין א ווײַלע און איז באלד מבשר:

— האסט גע׳פועל׳ט, בערעל! געה נאך קיטעל און טלית!

## שמחה שבשמחת.

**כידוע,** איז ביי אנשי שלומינו ראש־השנה שטענדיג א פרעה־ליכער יום־טוב.

מיר זענען דאך קייז מתנגדים נישט. מען ווערט נישט אזוי פארציטערט מאימת יום־הדין.

מיר ווייסען דאך, אז מען שטעלט זיך נישט פאר א פרעמדען סטראפטשע, אז עס משפט א טאטע. דער אבינו שבשמים משפט! איז מען מאקע טועם אביסעל משקה, כאפט מען א טענצעל נאכ'ן דאווענען...

נאר איינמאל האב'מיר א ראש־השנה געהאט. — איבער אלע ראש־השנה'ס.

אנגעהויבען האט זיך עס ווי תמיד. נאך באלד אין ע ר ש־ט ע ן טאג, פ א ר מוסף איז געווארען א פלאם!

וואס איז נעשעהען:

דער אלטער, כמנהגו, לאזט גאנץ ימים־נוראים קיינעם צום עמוד נישט צו. ער פארלאזט זיך נישט אויף קיינעם!

דאווענט ער פאר'ן עמוד.

ו ו י א ז ו י ע ר ד א ו ו ע נ ט, דארף איך אייך נישט פארצעהלען.

דאווענט ער און קומט צו „לאל עורך דין."

גיט ער אויף זיין שטייגער און מיט זיין קול־נגינה א געשריי:

— „לאל עורך דין!"

הערצער ציטערען, הימלען שפאלטען זיך!

און אזוי ווייטער און ווייטער:

„לבוחן לבבות"... „לגולה עמוקות"...

קומט ער אבער צו „לצופה נסתרות" — ברעכט זיך איבער

דער קול. עפּעס פאַלט ער, עפּעס ציטערט ער; דער חתוך הדבור ווערט אויך אַזן אַנדערער. „לקונה" איז אָפּגעפאַלען. „עבדיו" קומט אַרויס מיט ספקות, „ביום דין" — מיט חולשות.

און פּלוצלונג בלייבט ער גאָר שטיל! ער שווייגט: אַ רגע, צוויי, דריי און נאָך מעהר. און אַ רגע איז אַ יאָהר: שרעק, דער אָטעם שטאָקט. עזרת נשים איז ווי פאַר'חלש'ט געוואָרען; אויס רעש!

פּלוצלונג גיט ער זיך אַ ריהר. אַ ציטער אויפ'ן גאַנצען גוף. און די שטילקייט, די אָנגעזאָפּטע מיט פחד און אימה, ווערט דורכ־געריסען מיט אַ שמחה'דיגען:

— „לרחם עמו ביום דין".

און עס געהט מיט אַ לאַנג געדרעהטען חדוה'דיגען שלשלת. און כל עצמותיו — די פּיס כאַפּען אַ טענצעל ביים עמוד. און אַזוי געהט שוין דער שחרית עד גמירא.

ווי מיט באַנייטע כחות.

און פאַר מוסף האָט ער אונז דערצעהלט, וואָס עס איז גע־שעהען.

אַ קליינינגקייט איז געשעהען:

כידוע, אַז מען דאַוונט פון סדור, צי פון מחזור אַרויס, לויפען די אויגען פ אַ ר די לעפּצען. זאָגען דעם אַלטענס לעפּצען: „לצופה" און די אויגען דערזעהען שוין „לקונה".

און ווי ער דערזעהט „לקונה", פאַלט איהם איין, אַז עס איז כולו מוקשה, אַז ער פאַרשטעהט קיין פירוש המלות נישט. וואָרים באמת: וואָס טייטש?

ווער ווען קויפט קנעכט ביים משפט?

און ער האָט קיין תירוץ נישט. און ווערט ממש מבולבל, און שווייגט!

ווייל מען דאַרף אָבער נישט דאַרט אויבען, אַז דעם אַלטענס תפלה זאָל, חס ושלום, מטורף ווערען, ו ו י י ז ט מען איהם, וואָס טייטש.

און ווי ער מאַכט די אויגען צו, נאָכצוטראַכטען, שפּאַלט זיך פאַר איהם דער הימעל און ער זעהט!

די בית־דין־שטוב זעהט ער:

די בית־דין־שטוב פון אויבען. דעם אמת'ען מקום המשפט! אט דער טיש, די וואַנשאַל.

איז אבער נאָך, אפנים, פריה.

נאָך קיינער נישט געקומען.

קוקט ער זיך דערווייל אום: פינף טירען האָט די בית־דין־שטוב. צוויי טירען פון די זייטען; רעכטס א טיר און לינקס א טיר. אויף דער רעכטער טיר איז אויפגעשריבען: „סניגור"! פון דאַנען וועט ער קומען. אויף דער לינקער: „קטיגור"! דער קומט פון קעגענאיבער.

און דריי טירען אויבען־אַן, הינטער טיש און וואַנשאַל, ביי דער מזרח־וואַנט.

איז די מיטעלסטע טיר פון די דריי פארמאכט, און די טירען רעכטס און לינקס — אפען.

איבער דער פארמאכטער מיטעל־טיר איז אויפגעשריבען: „פמליא של מעלה". און מצד ימין ושמאל, דורך די אפענע טירען זעהט מען:

רעכטס — דער אפענער גן־עדן. אבות און צדיקים, באשטראַלט מזיו השכינה, זיצען מיט די קרוינען אויף די קעפ און לערנען; זיי האָבען, אפנים, קיין יום־הדין נישט!

און לינקס — דער אפענער גיהנום.

אין גיהנום איז שטיל. דער גיהנום איז לער; יום־טוב — שטראָפט מען נישט, פייניגט מען נישט. זענען די רשעים פריי, און די משחיתים, אפנים, מיט עפעס אנדערש פארנומען. און מתוך המעשה וועט איהר געוואר ווערען, מיט וואָס זיי זענען געווען פאר־נומען, — נאָר דאָס פייער ברענט, פלאַקערט.

„ואשו לא תכבה", ווי אין פסוק שטעהט.

און ווי ער קוקט אַזוי, עפענט זיך די רעכטע זייטען־טיר און עס קומט אריין דער סניגור מיט'ן פעקעל זכיות אונטער'ן אָרעם. א קליין פעקעלע. א שלעכט יאָהר פאר מצוות ומעשים טובים גע־ווען. קומט ער אריין, זעהט די לינקע טיר פון קעגענאיבער איז צו, פארשטעהט ער, אז דאָרט זאַמעלט מען די כתבים לענגער. א יאָהר געווען — א גערעטעניש פאר זיי!... לאָזט ער דאָס פעקעל אַראָפּ פון אונטער'ן אָרעם און זעצט זיך דערווייל גאַנץ אבל'דיג.

דערנאך עפענט זיך די טיר פון דער לינקער זייט. צוויי משחיתים, מיט א פאק אויף די אקסעל, קומען אריין. געבויגען פון דער משא. מען הערט, ווי אונטער איהר דיביינדלעך קנאקען, און זיי ווארפען אראפ די משא, אטעמען אפ, און זאגען, ארויסגעהענדיג, הויך, דער סניגור זאל הערען:

— נאך קיין מן המעשר נישט. פארלעך וועלען נאך טראגען. אלע לאפיטוטען קלייבען צונויף, אוצרות גאנצע.

ווערט דעם סניגור זעהר קאלמוטנע, פארהילט ער זיך דאס פנים און קרעכצט.

ער מיינט: קיינער הערט נישט.

די פמליא של מעלה איז נאך באסכתיא... אין גן־עדן איז מען מיט תורה פארנומען; דער גיהנום — לער!

זיצט דאך אבער צווישען עולם אין גן־עדן אויך ר׳ לוי יצחק מבערדיטשעוו, דערהערט ער!

ער איינער האט נאך נישט פארגעסען, אז פאר די יושבי חשך וצלמות, אויפ׳ן עמק עכור אונטען, איז היינט א יום־הדין, און אויב עמיץ קרעכצט אויפ׳ן עולם־אמת, געהט עס אודאי וועגען זיי. איז ער מפסיק משנתו און קוקט זיך אום.

זעהט ער, ווער עס קרעכצט — דער סניגור אין בית־דין־שטוב קרעכצט!

מוז מען שוין אודאי דערגעהן די סבה.

פוילט זיך נישט ר׳ לוי יצחק, הויבט זיך שטיל אינמיטען דער סוגיא אויף, שלייכט זיך אויף די שפיץ נעגעל ארוים פון טיש, פון גן־עדן אין בית־דין־שטוב אריין און דערזעהט דאס פעקעל מיט׳ן פאק... פארשטעהט ער, ווי עס האלט... האט ר׳ לוי יצחק קיין לאנגען ישוב נישט. געהט צו און הייבט אויף מיט אלע כחות דעם פאק, און גיט איהם א שליידער איבער׳ן טיש, דורך דער אפענער לינקער מזרח־טיר, צום גיהנום, אין אש מתלקחת — איז גיהנום־פייער אריין, און דער פאק ברענט און ווערט פארברענט.

קומען צוויי אנדערע משחיתים׳לעך. ווייטער מיט א פאק. זיי געהען ארוים, ר׳ לוי יצחק כאפט דעם פאק, ווארפט, טרעפט, דער פאק ברענט, ווערט פארברענט, נישטא!...

און אזוי דעם דריטען, דעם פיערטען און אזוי אלע. ווי די משחיתים׳לעך קערען זיך אפ, דער פאק פליהט שוין זיין וועג.

ענדליך, דער לעצטער פאַר ברענט נאַך, און דער משחית אליין — אשמדאַי קומט אַריין. ברייט, מיט ששון ושמחה; אַ פּלאַג! קיין זכר פון זיינע פּעק! ער קוקט זיך אום, זעהט, וואָס עס ברענט, דערזעהט ר׳ לוי יצחק׳ן, וואָס וויל שוין צוריק שפּרייזען אין גן־עדן אַריין, — קיין נאַר איז ער נישט, פאַרשטעהט ער, ווער און וואָס, כאַפּט ער איהם אָן ביי דער האַנט און גיט אַ געשריי:

— גנב!

הילכט עס אָפּ!

לויפט מען זיך צוזאַמען פון גן־עדן. עס עפענט זיך די מי־טעל־טיר; די פמליא של מעלה קומט אַרויס. דער סניגור הילט אָפּ דאָס פּנים און שפּרינגט אויף.

— וואָס איז דאָ געשעהען?

דערצעהלט ער, דער משחית, וואָס עס איז געשעהען. ר׳ לוי יצחק׳ן האָט ער ממש ביי דער האַנט געפּאַקט, און דער זאַק דער לעצטער ברענט נאַך; דער שוועדסטער געוועזען.

נכרים דברי אמת; ר׳ לוי יצחק לייקענט נישט.

יעשעהען איז עס.

פרעגט מען דעם משחית, וואָס ער וויל? וואָס פאַר אַ פּסק? האָט ער אויך נישט קיין לאַנגען ישוב. על־פּי דין וויל ער. „ונמכר בגנבתו“ שטעהט. זאָל מען ר׳ לוי יצחק׳ן פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט; באַלד אויפ׳ן אָרט, בפומבי, אין בית־דין שטוב. ווער עס וויל, זאָל קויפען. ער אַליין איז אויך אַ בעלן! ער וועט שוין אָפּ־נעמען זיין היזק.

און גערעכט איז ער. דאָס מוז די פמליא של מעלה מודה זיין; אַ ליציטאַציע מוז זיין. און פאַרפאַלען, רעכענט מען, וועט ר׳ לוי יצחק נ י ש ט ווערען, — דער גן־עדן וועט נישט לאָזען.

און צוויי צדדים שטעלען זיך ביי דער וואַגשאַל: דער משחית פון איין זייט, און דער גאַנצער גן־עדן פון דער צווייטער.

ר׳ לוי יצחק שטעהט אין דערמיט. גלייך נישט איהם מיינט מען דאָס.

און מען הויבט אָן וואַרפען פּדיון אין די שאָלען אַריין; רעכטס און לינקס.

און מען שטייגערט!

די פמליא של מעלה זעצט זיך ביים טיש און קוקט.

טרעט ארויס אברהם אבינו און ווארפט אין דער שאָל אריין זיין ערשטע מצוה; אלס צולאג — זיין הכנסת אורחים.

ווארפט נאָך איהם יצחק — די עקדה; יעקב — זיין תמימות, זיין זיצען אין געצעלט און לערנען, בשעת עשו איז ארומגעלאָפען מיט כלי־זיי און געשאָסען אין די וועלדער... קומט נאָך יעקב'ן — רחל און ווארפט די קרייטעכצער — די דודאים אין שאָל אריין. ווארפען אנדערע אמהות ווארפען דערנאָך צדיקים... יעדערער מיט תשואת חן זיין האָב און גאָב.

האָט אבער דער משחית באהאלטענע אוצרות אין זיין מלוכה, אז אין לשער ואין לספר. און נאָך יעדען ווארף אין דער רעכטער זייט, גיט ער א ווארף לינקס. און זיין שאָל פאלט און פאלט, און ער ווארפט אַן אוצר נאָך אַן אוצר. פון אונטער דער ערד, פון אונטער די הרי־חושך... פון אלע באהאלטענע מקומות אין זיין גאַנצער מלוכה... אוצרות — עין לא ראתה! ער מוז איהם האָבען, ר' לוי יצחק'ן! פאר א קעסעל־הייצער אין גיהנום וועט ער איהם מאַ־כען. און גיט נאָך א רים אראָפּ די קרוין פון קאָפּ און גיט א ווארף אין שאָל אריין, כאפּט זי א טרייסעל און גיט מיט אמאָל א פאָל. אראָפּ, אראָפּ...

שלעכט.

דער גן־עדן האָט אלץ פארפאַסט.

דער לעצטער טרעט צו דער סניגור און ווארפט זיין פעקעל זכיות. די שאָל דערפיהלט עס נישט. דאָס צינגעל גיט קיין מינ־דעסטעי ציטער נישט...

און דעם משחית'ס פנים פארקרימט זיך אויף א נצחונ'דיגען שמייכעל, און אין די אויגען דער נצחון ברענט און פלאַקערט. און די רעכטע האַנט לעגט ער שוין ארויף אויף ר' לוי יצחק'ס אקסעל, און מיט דער לינקער ווייזט ער איהם צו דער גיהנום־טיר...

ווערט א מהומה: פארשפילט ר' לוי יצחק'ן... ווערט א רעש, א געטומעל: וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

און דער רעש וואַקסט...

ער וואַקסט און ווערט פלוצלונג געשפאָלטען.

פון דער הויך דערהערט זיך א קול.

א קול פון כסא הכבוד אראָפּ.

— א י ך קויף איהם!

עס ווערט שטיל, און דער רבון כל העולם רופט אין דער שטילקייט:

— איך גיב מעהר! „כי לי כל הארץ". איך גיב פאר ר' לוי יצחק'ן די וועלט!

שווארץ איז געווארען דעם משחית'ס פנים. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ראס האט דער אלמער אונז דערצעהלט פאר מוסף, און מאלט אייך, וואס פאר א מוסף, וואס פאר א ראש־השנה עס איז געווארען!

דער קטרוג פארברענט; א כתיבה וחתימה טובה אין קעשענע! ר' לוי יצחק — אויסגעקויפט; דער סוד פון „לקונה עבדיו בדין" — אנטפלעקט...

ס'איז געווארען שמחה שבשמחה.

# כ ר ת.

דער אלטער איז געווען גרויס...

שייך צו זאגען „גרויס”? הייסט עס, אויף אונזער מאס גע־מאסטען?

נאר, עס רעדט זיך אזוי.

און — א באהאלטענער געווען.

דהיינו? ג ע ז ע ה ן האט מען ווייניג: נאר ווייניג. און דאס, וואס מען האט שוין ממש געזעהן, האט מען ערשט נישט פארשטאנען.

האט מען זיך געפרואווט, איז מען אריינגעפאלען. אין פלוג, למשל, דאכט זיך, ד א ס האט ער געמיינט. מאכט זיך, אין א רגע ארום, א מעשה קאפויר, — להד"ם! — עס האט זיך גארנישט אנגעהויבען!

א השפעה האט מען געפיהלט, בפועל ממש געפיהלט: אין דעם איז קיינער קיין רגע נישט מספק געווען. א איד לאזט זיך אין וועג אריין צום אלטען, און וואס א טריט ווייטער פון דער־היים, וואס א שריט נעהנטער צום צדיק, פיהלט ער זיך אלץ גע־הויבענער, גרינגער, עפעס ממש פליהענדינער. א שטיק נאך א שטיק פאלט אראפ דאס גשמיות: מיט יעדען טריט וואקסט ווי אויף הייוועו דאס רוחניות. בא, א איד האט נאר, ארויסגעהענדיג, די מזוזה געקושט, און שוין שמחה! ווייס איך — נאר־וואס דאס פעקעל פון וואנט אראפגענומען, — טלית ותפלין מיט אביסעל צירח לדרך, — א איד האט נאר דערמאנט אז דער נסיעה, ווי זאגט א איד? אם ירצה השם, עס וועט זיין הוצאת הדרך, גיב איך זיך א לאז צום אלטען — און שוין! עפעס האט שוין אינוועניג אויפגעפלאמט, צושטראלט זיך, ממש א לעמפעל: מען האט אריינ־געגאסען תרישען בוימאויל, — שמן זית אריינגעגאסען!

אבער, אז דער איד איז געקומען, דער איד איז שוין דא, און ער זעהט גארנישט, ממש גארנישט, און דאס מקצת מן המקצת, וואס ער זעהט, איז דער שכל נישט משיג — פאלט מען אביסעל ביי זיך אפ... און א קימא־לן האבען מיר: אז מען פאלט ביי זיך, פאלט מען מיט אן אמת! זעהט מען שוין נ א ך ווענינער, און ווע־ניגער בטחון, ווענינער אמונה... איז דער מח נאך ווענינער תופס און דאס לב נאך ווענינער משיג...

מאנכע פלעגען טאקע אפפאהרען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נעמט, למשל, דאס גערטעל.

א גערטעל האט דער אלטער געהאט, האט ער עס געהאלטען ארומגעצאמט און אפגעשלאסען.

מאי טעמא? חס ושלום, א צר עין און פארגינט נישט, א איד זאל זיך אפרוהען אין שאטען פון זיין בוימעל? אדער א ברכה מאכען און דערקוויקען זיך איבער א פרי?

טאפט מען אין דער פינסטער און מען זאגט: די בחינה פון „גן נעול“ — א פסוק אין „שיר השירים“; „אחותי כלה“ איז די כנסת ישראל.

נו, גוט, לשם מה — צו וואס?

זאגט מען אויף יחוד, אויף התבודדות.

יחוד, גוט. א צדיק מוז האבען יחוד. אבער פארוואס אין גארטען, נישט אין שטוב? מען קאן זיך דאך פארשליסען חדר לפנים מחדר. — ווי טוען אלע גוטע אידען?

ענטפערט מען: תחת כפת הרקיע — אונטער'ן פרייען הימעל וויל ער יחוד. הימעל און ער — און ש ו י ן...

אבער ווען קומט ער אין גערטעל אריין?

לאזט זיך אויס, אז געהן אין גערטעל אריין געהט דער אלטער נאר פאר ימים־נוראים, און דוקא ביינאכט, און פאר דער ערשטער סליחה!

געפינט מען ווייטער א תירוץ: טאקע פאר ימים־נוראים. דאמאלט טאקע שמועסט ער זיך אויס אויג אין אויג און ביחידות מיט דער פמליא של מעלה; אהן א מחיצה פון א סופיט מיט א דאך.

לעגט זיך עס אביסעל אויפ'ן שכל; ווערט מען אבער געוואר, אז איינמאל, געהענדיג ביינאכט אין גערטעל אריין, האט ער מיט־

גענומען א שער, א גרויסע גארטען־שער. מען האט זי גאר פריהער אויף די אויגען נישט געזעהן...

ווי קומט התבודדות מיט דער פמליא של מעלה צו א שער? בלייבט מען שטעהן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין גערטעל, האט מען געוואוסט, וואקסען עפעל־בוימער.

הינטער דער שטאדט,ביים טייכעל, איז פאראן א שטיקעל בערגעל.

אז מען געהט צו תשליך און מען קריכט אויפ'ן בערגעל ארויף, אדער די קינדער, ל"ג בעומר, אז זיי געהען שפאצירען אויפ'ן בער־געל — זעהט מען ־דאס גערטעל מיט אלע בוימלעך.

געוואוסט האט מען אויך, אז נישט אלע בוימלעך אין גערטעל זענען גלייך.

אויף דעם ענין האט זיך אמאל אפגעשטעלט איינער פון די מקורבים. צי האט ער אליין מעהר נישט געוואוסט, אדער נישט געוואלט מגלה זיין מעהר, ווי ער האט געוואלט, — גערעדט האט ער — א ז ו י, געלאזט פאלען א פאר ווערטער.

אבער דאס האט ער בפירוש געזאגט, אז נישט אלע בוימלעך זענען גלייך.

עס זענען פאראן, זאגט ער, אילני סרק — לעדיגע בוימלעך, וואס טראגען גאר קיין פירות נישט. א בוימעל — אן עקר, רחמנא לצלן. און עס איז פאראן א בוים, וואס טראגט שלעכטע פירות. דער לעדיגער בוים, זאגט ער, ברענגט, לכל הפחות, זאגט ער, צו קיין מכשול נישט. דער מיט די שלעכטע פירות אבער ברענגט אמאל צו א ברכה לבטלה. די מראה נארט אפ, מען מאכט א ברכה, מען כאפט אין מויל אריין און מען שפייט אויס — א ברכה לבטלה געווען! די שלעכטע פירות אבער קאנען האבען תקון אין פייער, אויב זיי זענען גאר קיין סם נישט: מען קאכט, מען מאכט ברכה און מען עסט... אבער דער אמת'ער „עץ עושה פרי", ווי אין פסוק שטעהט, ניט גרייטע פירות. זיי דארף מען נישט מתקן זיין; מאך ברכה און עס פון בוים... און עסענדיג, האסט דו הנאה, און מיט דער ברכה האסט דו געהויבען די פרי און דורך דער פרי געבענשט דעם בוים!... און איז נאך די פרי א הדר, ווי דער פסוק זאגט: תאוה לעינים, דאס הייסט: א פארגליסטונג צו די אויגען, — נעמט מען

נאך די פרי צו פעהנער שמחת תורה, האט מען פריחער דעם תענוג פון הדור מצוה, איז מען מקיים: זה אלי ואנוהו, דערנאך ערשט מאכט מען א ברכה און — זאל דיר וואויל באקומען...

עס איז אבער, זאגט ער, פאראן נאך א העכערע מדרגה. די מדרגה פון „תפוח בעצי היער“ — די בחינה פון „הכהן הגדול מאחיו“ צווישען בוימער, — פון אזא בוים — זאגט ער, און גיט א שמייכעל איבער'ן גאנצען פנים — פון אזא בוים נעמט מען פירות אויף יין צו קדוש און הבדלה...

געזאגט האט ער עס, דער מקורב, אין כלליות, אזוי, אין דער וועלט אריין: ערב שבת געווען, שיר השירים געזאגט, אויפ'ן פסוק זיך געשטעלט...

געוואוסט אבער האט מען, אז דער אלטער מאכט קדוש און הבדלה נאר אויף עפעל־וויין, און אז דעם עפעל־וויין מאכט די רבי'צין מיט איהרע אייגענע הענט און אונטער זיין השגחה... און רוקא פון די פירות פון גערטעל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז געווען ביי אונז א פרוש — א שווייגענדיגער.

דאווענט לערענט און רעדט נישט א ווארט.

מילא, א איד רעדט נישט, רעדט ער נישט. ער וויל נישט רעדען. בפרט, אז דער איד איז, לא־עליכם, א חולה; א כשל ברך; עס איז איהם פשוט שווער צו רעדען, אפשר אזא נדר גע־מאן; אפשר אזא תשובה, און א קשיא אויף א מעשה, אפשר א נדר! א איד צאמט זיך ארום פאר אן עבירה; 'אז מען רעדט נישט, זינדיגט מען נישט!

סיי־ווי־סיי, דער פרוש רעדט נישט. איז מען געוואוינט צום שווייגענדיגען פרוש. ווייס מען.

מאכט זיך און דער פרוש רעדט!

און ווען? פאר דער פטירה!

איינמאל ביינאכט, מיין פרוש פאלט אויף דער באנק „אני־דער, מיר נישט דיר נישט, און הויבט אן צאפלען. — וואס איז דיר פרוש־לעבען? שוים איבער'ן מויל!

געווען באותו מעמד אין בית־המדרש זענען מיר זאלבעדריט: איך און נאך צוויי אידען. ביינאכט געווען, פאר סליחות. וואס איז צו מאכען? וועט מען ביי איהם זיצען, ביז דער עולם וועט קומען;

נישט ווייט צו סליחות. דעם אלטען מודיע זיין לוינס נישט; ער ווייסט אליין... אינדרויסען — א ווינט. מילא, ווינט איז ווינט; „אף ברי", ווי אין פיוט שטעהט, עס געהט דערצו. זאלען די שווי־בען ציטערען... א פיש אין וואסער ציטערט! הויבט זיך אבער דער פרוש אויף, דערהערט אפנים, קוקט צום פענסטער, לעגט צו דאס אויער, מאכט זיך מיט דער פלאכער האנט א טראמפייטעל ביים אויער, — הערט זיך בעסער איין. מען זעהט בחוש, ער הערט זיך איין! און פלוצלונג — ער רעדט! דאס פנים פלאמט, די אויגען גרויסען און גרויסען זיך און דאס מויל איז אפען און רעדט!

נישט אלץ כאפט דאס אויער, און נישט אלץ, וואס דאס אויער כאפט, קומט אין הארץ, צי אין מח אריין, — אז אימה איז אונז באפאלען; איך הער, ווי ביי מיינע חברים קלאפט א צאן אן א צאן. איך הער, ווי מיין אייגען הארץ קלאפט.

אבער אסך איז געבליבען אין זכרון.

— מען דארף, — זאגט ער, און די שוים יאגט און יאגט, — מען דארף, אז אלע בוימער זאלען זיין גלייך; אז אלע זאלען נתעלה ווערען צו דער העכסטער מדרגה. מיט'ן תוך — צו „עץ עושה פרי", און אין חיצוניות — צו „תאוה לעינים", — שעהן און גע־בענשט זאל זיין... שעהן און געבענשט! און אלע זאלען געבען יין לקדוש ולהבדלה... און ווער דארף עס טון? ווער איז מחויב צו הויבען די אילנות? דער צדיק, זאגט ער, דער צדיק. ער דארף עס טון, ער מוז עס טון; ער איז דער בעל־הבית פון פעלד, און פון גארטען דער בעל־הבית...

און ער טוט עס, דער צדיק.

— נעמט — זאגט ער — דער צדיק הדור, אין דער מסוגל'־דיגער נאכט, אין דער רעכטער צייט, די שער און געהט אין גער־טעל אריין, אין אפגעשלאסענעם גערטעל אריין.

נעמט ער, זייענדיג אין גערטעל, האבענדיג די שער אין האנט, אין דער מסוגל'דיגער נאכט, אין דער רעכטער שעה, און שניידט־אפ צווייגלעך פון גוטען בוים, און געהט־צו צום שלעכטען בוים, און שטעכט מיט די שפיצען פון דער שער אין שלעכטען בוימס שטאם אריין, און שטעקט אין שפארע אריין א צווייגעלע פון גוטען בוים... דאס — זאגט ער — איז דער סוד פון „הרכבה", פון אי־בערפלאנצען דער סוד...

קאן אבער — זיפצט ער אפ — גארנישט נעהאיבען ווערען אהן יסורים. טוט אלע וועה, וויינען אלע; דער גוטער, ווי דער שלעכטער בוים... דאס גאנצע גערטעל וויינט...

עס וויינט דער גוטער בוים: זיינע צווייגעלעך זענען איהם א שאד! אויף זיינע קינדערלעך וויינט ער, דער גוטער בוים. אויף זיין זאמען, וואס ווערט פון איהם אפגעריסען, פארוואגעלט און אוועקגעטראגען... דעם סוד פון הרכבה ווייסט ער נישט, אפילו דער גוטער בוים טרייסטען קאן ער זיך נישט...

וויינט דער שלעכטער בוים: פארוואס שטעכט מען מיך? איך וויל נישט קיין פרעמד גוטס. עס טוט איהם נאך מעהר וועה... דעם סגר פון הרכבה ווייסט ע ר אודאי נישט, פארשטעהט ער נישט, האט ער אודאי נישט קיין טרייסט...

וויינט אויך דער גערטנער, וואס האט הארץ פאר אלע זיינע בוימלעך, און רחמנות אויף אלע: פארוואס, וויינט ער, קאן אהן יסורים גארנישט געשעהען? און פארוואס ווערט דער סוד פאר די בוימער נישט אנטפלעקט?

און טרעפען טרעפט זיך אפט: דער שלעכטער בוים נעמט דאס גוטע נישט אן; קוים האט זיך דער גערטנער אפגעווענדט, ווארפט ער ס'גוטע פון זיך ארויס, שליידערט עס אוועק... קומט דער ווינט און הויבט אויף, און טראגט אוועק... איבער דעם צוים, אין דער וועלט אריין, אין הפקר אריין... ווערט א יללה פון די פאר־וואגעלטע: פון דערהיים ארויס, אין ערגעץ נישט געקומען, פון ווינט געטראגען... נע־ונד, כף־הקלע... אין הפקר אריין...

און ער פאלט צוריק ארונטער דער פרוש...

— — — — — — — — — — — — — — —

איז אין הויף ביים אלטען א תינוק געווען — א אינגעלע אזוינס, „ינוקא" האט מען איהם גערופען! — א מיחוש אין קע־פעלע... מען האט איהם אמאל צום אלטען געבראכט און עפעס איבערגעלאזט. דרעהט עס זיך ארום אין הויף. א אינגעל מיט א כיחוש: נישט ער דאווענט, נישט ער לערענט, נאר אוינאנעם עפעס אזוינע גרויסע. ער קוקט און עפעס ווערט מען פון קוק ממש אומ־רוהיג, עפעס א הארבע קשיא קוקט אויף אייך, עפעס א צער פון אן אייבינען תיק"ו... געה וויים — און געה טרייב איהם, אז דער

אלטער, ווען ער גערט איהם פארביי, לעגט ער איהם די הענט אויפ'ן קעפעל...

און בשעת ווען דער פרוש איז אזוי ארונטערגעפאלען מיט'ן קאפ, און דאס מויל האט געשוימט, און די לעפצען האבען אלץ אינאיינעם געברומט: צער. נאר מיט יסורים... דער ווינט טראגט. חוץ למחנה, הפקר — — —

עפענט זיך פלוצלונג די טיר מיט א רעש, פאלט אריין דער תינוק, פארציטערט; די אויגען פול טרערען, ער זעהט גארנישט, ווי ער געהט. די הענט ווארפען זיך, אין די הענט ווארפט זיך א צווייגעל. דער ווינט, זאגט ער, האט פארבארגען. פון גערטעל ארויס, איבער דעם צוים געשליידערט... און צוואויינט זיך פלוצלונג אויף א קול מיט א יללה:

— כרת! כרת!...

נעה ווייס...

# נסים ונפלאות.

## 1.

### דאָס בוימעל.

זעהסט דאָס בוימעל? וואָס וואַקסט דערויף? גאַרנישט! נאָדלען!

און דאָס בוימעל איז אמאָל אַז עץ עושה פּרי געוועזן — אַז עפּעל־בוים!

עס איז נישט גרעסער געוועזן, ווי אַצינד, נאָר אַ קרוין האָט עס געהאַט — זהב טהור! גאָלדענע עפּעל האָט עס געטראָגען!

זאַפטיגע, ווייניגע, איז מויל זענען זיי צוגאַנגען; און גרויסע, ווי די פויסטען!

ער, זאָל לעבען, האָט זיי ביים טיש געגעסען; מקורבים פלע־גען פון זיי באַקומען אויף שהחיינו; דעם רבי'נס אייניקלער, זאָלען לעבען, פלעגען זיי נעמען שמחת תורה צו די פאָהנען...

דאַכט זיך, אַ בוימעל קאָן דערמיט יוצא זיין? וואָס? זענען אָבער די צווייגען אַריבער איבער דעם צוים איין גאַס — אין רשות הרבים אַריין, און דאָס איז אַ מכשול, אַ גרוים מכשול געוועזן!

תינוקות של בית רבן — איינגלער געהען איבער דער גאַס פון חדרים — רייסט מען, איז מען עובר אויף „לא תגנוב“.

רעדט מען דערפון ביים טיש, אויפ'ן אויער; ער, זאָל לע־בען, דערהערט עס אָבער, רונצעלט ער, זאָל לעבען, דעם שטערן, הויבט אויף די ברעמען, דער עולם ווערט פאַרציטערט, מען מיינט ער וועט שילטען — מעניש זיין!

איז אָבער, זעהט אויס, גובר מדת הרחמים.

עפענט ער, זאָל לעבען, אָבער די כשר'ע לעפצען און גיט אַ זאָג: מפקיר!

די קינדער זענען נאך קיין „בר־עונשין“ נישט.

האט זיך אבער מיט דעם נישט געענדיגט די זאך.

איינמאל קומט ער, זאל לעבען, ארויס אויפ׳ן גאניקעל, קוקט, אפילו עטוואס מרה־שחורה׳דיג צום הימעל ארויף — מי יודע, וואס ער האט עפעס געזעהן — דערהערט ער א גערויש, גיט ער זאל לע־בען א קוק איבער׳ן גארטען, זעהט ער, ווי א קליין תינוקת׳ל, נאך, מחילה, מיט׳ן העמדעל אין דרויסען, שפרינגט קעגען בוימעל, און שפרינגט, און וויל כאפען מיט׳ן מיילכעל, מיט די הענטלעך, און די תאוה אין די אויגעלעך ברענט — דער יצר־הרע פון „לא תחמוד“...

„נתן עיניו בו“, גיט ער זאל לעבען א בייזען קוק אויפ׳ן בוי־מעל און שוין! אן אילן סרק — א נאדעל בוימעל!

דאס אינגעל איז שיער נישט פון זינען אראפ פאר שרעק...

און יערע האלבע נאכט, ווען אלעם שלאפט איין, הערט מען, ווי דאס בוימעל קרעכצט און קלאגט זיך: „עס מאכט איבער מיר קיינער קיין ברכה נישט, עס האט קיינער פון מיר קיין הנאה נישט...“

און עס דארט דאס בוימעל, פאר צער, פאר גרויס בענקע־ניש!

## 2.

## די סוכה.

מעלין בקודש — דאס איז אמאל, בימי הגראף — אז אל־טאנקע געווען, און אז ער, זאל לעבען, האט ביי די יורשים פון גראף דאס שטיקעל נחלה אפגעקויפט, איז פון דער אלטאנקע א סוכה געווארען — און אין דער סוכה האט ער, זאל לעבען, התבודדות געהאט...

וואס עס מאכט זיך פאר א צרה, אויף שונאי ישראל, געהט ער אין סוכה אריין און — טוט!

מען קאן נישט זאגען, אלע גוטע אידען טוען — ער [illegible] זיך אבער מוסר נפש. ער שפארט זיך איין: ער וועט נישט ארויס־קומען פון סוכה, ביז ער וועט נישט פועל׳ן... און ער זיצט פיש

דער ליולקע־ציביק אין מויל און פּיפּקעט — א וואָלקן מיט רויך נעמט איהם אָרום, און פון וואָלקן קוקען זיינע אויגען אַרויס. פול עצבות, פול תפלה און טייל מאָל — עקשנות!

איינמאָל האָבען זיך צוזאַמענגענומען די שרי המלכות צו מאַ־כען נייע פּונקטען, נייע גזרות, הייסט עס...

מילא, לא אלמן ישראל, גוטע אידען הויבען אָן רעש'ן! מען מאַכט אסיפות, מען איז גוזר תענית, מען זוכט חטאים, מען שיקט א שליח מיוחד קיין ארץ ישראל אויף ר' שמעון בן יוחאי'ס קבר — און ער, זאָל לעבען, זיצט אין סוכה...

זיצט און פּיפּקעט...

און דאָ ווערט וואָס אַמאָל ערגער...

דער שליח מיוחד איז נפטר געוואָרען אויפ'ן וועג... און דאָ העלפט קיין ממון און קיין דמים — גאָרנישט! אַלע שרים פון אַלע שבעים אומות, און פאַרשטעהט זיך, דער שר של יון בראש, האַל־טען זיך שטאָל און אייזען; און דער קטרוג איז גרויס, און מען הויבט דערוויייל שוין אָן איבערצורייסען ערובין, פאַר'חתמ'נען מיקואות, צוטרייבען חדרים... אויף טייל ערטער ברענט מען גאָר ש"ס אין די גאַסען.

און ער, זאָל לעבען, זיצט און פּיפּקעט!...

איין טאָג, דעם צווייטען, ויהי ביום השלישי, דערפיהלט ער, זאָל לעבען, אַז, לא עליכם, דאָס חולשות וואַקסט, אַז די כחות גע־הען איהם, חס ושלום, אויס. גיט ער זיך א שטעל אויף, א לויף צו און א פּראַל אויף דאָס פענסטערל פון סוכה און גיט א געשריי אַרויס: עצים ואילנות, גיט מיר אייער כח! דשאים ועשבים — איך בין אויף אייך גוזר, גיט מיר אַוועק אייער גאַנצען כח!

וואָס מיינט איהר? זיי האָבען נישט געגעבען?

און עס איז, לא עליכם, א שנת בצורת — א הונגער געוועזען! לעדיגע זאַנגען — שמרוי! מיהלען האָבען זיך אָפּגעשטעלט, סוחרים — בדיל הדל געוואָרען, בהמות — אהן פּאַשע געבליבען, און עס איז כמעט קיין פּרי אויף קיין שהחינו געוועזען...

אָבער אַסך פּונקטען זענען בטל געוואָרען; ערובין, מקואות חדרים, ש"ס — זענען געבליבען!

## 3.

## זיין חוש תריח!

איינמאל, עס האט נאר וואס אויפגעפלאקערט דאס מחלוקת — וועגען וואס, ווייסט איהר דאך, — איז פון יענעם צד ארויס־געשפרונגען איינער א שמואל שוחט און האט דערלאנגט א מסירה...

באשר בכן: ער, זאל לעבען, פיהרט א מלוכה, איז א מורד במלכות און נאך... און נאך... המן'ס בלבולים...

און אזוי ווי מען איז געוואר געווארען פון דער מסירה, איז טאקע דער שמואל שוחט תיכף ומיד נעלם געווארען; וואס האט מען געמיינט! ער, זאל לעבען, האט'ם מעניש געוועזן, די ערד האט'ם איינגעשלונגען... הערט מען זיך טאקע אויף צו שרעקען, ווערט גרינגער אויפ'ן הארץ; „כן יאבדו" זאגט מען, מן הסתם וועט ער, זאל לעבען, פון אלע מאכען אש! מען האט אפילו קיינעם אין גובערניע נישט געשיקט!

און פון דער העלער הויט, מען באפאלט דאס הויז! ר'איז קוים דורכ'ן פענסטער אנטלאפען...

און ער, זאל לעבען, איז נתחיב געווארען חובת גלות... איז ער, נעבעך, נע ונד... פון קהלה צו קהלה... און טרעפט אומעטום שונאים.. קומט ער, זאל לעבען, איין מאל האלבער נאכט, אין א שטעדטעל אריין, ווייסט ער נישט וואו אנצוקלאפען, געהט ער פון לאדען צו לאדען... אידען וואוינען, אבער וואס פאר א אידען? פון איין פענסטער דערהערט זיך חצות און אנ'ם קול דערקענט ער, אז עס איז א חצות משלנו — א ברענענדיגער חצות, הימלען שפאלט ער!

קלאפט ער אן, ווערט שטיל און שטום, נאר מען עפענט נישט!

אויף די אנשי בית, פארשטעהט איהר מיך, איז א פחד אנ־געפאלען. עס איז א חשך ואפלה געוועזן — און א גאס רעגען ווי אויף א מבול... און אן אפגעלעגען שטעדטעל... צוויי ירידים: ניסן און תשרי און א גאנץ יאהר אין יוצא ואין בא! וואס מיינט מען? ווער קלאפט האלבע נאכט? גזלנים! איז זיי טאקע שיער נישט די נשמה אויסגעגאנגען.

שרייט ער אריין: א איד, א איד!

און מן השמים! זענען זיי טאקע אנשי שלומנו געווען און מען האט זיין קול דערקענט, און מען ווערט פארציטערט פאר שמחה, און עס ווארפען זיך פאר שמחה די הענט, אז מען קאן צום שליסעל נישט טרעפען... מען האט דארטען פון גאנצען בלבול נישט געוואוסט — געמיינט, אזוי אראפגעקומען, דורכפאהרענ־דיג... ווערט אבער פון ששון ושמחה — אבל ותוגה!

„באהאלטס מיך," זאגט ער!

נו נעה, באהאלט, ער, זאל לעבען, זאל נישט נתגלה ווערען!...

בעלות, נאך נישט קיין זמן קריאת־שמע געווען — מען קלאפט ווייטער! מען קומט אי־הם, זאל לעבען, מכבד זיין מיט סנדקאות!

ער נעמט אן! מסירת נפש כלאחר יד!... מילא, קאנט איהר אייך מאלען, וואס פאר סעודת מצוה עס איז געווען! קינד און קייט, פון רב ביז'ן קלענסטען נחות דרגא! און איהם, זאל לע־בען, דערלאנגט מען צונג, דאמאלט פלעגט ער ליעב האבען צונג... און אפשר האט עפעס געשטעקט דערינען, ווייל היינט עסט ער דוקא נישט קיין צונג... הכלל, מען דערלאנגט איהם, און ער וויל טועם זיין, נעמט צום מויל און גיט פלוצלונג א געשריי: נבלה וטרפה! ושאגה לו כלביא — איהר קענט דאך זיין קול!

מילא, ווערט א רעש, א מהומה!

ס'טייטש, דער מרא דאתרא עסט, לומדים גדולים עסען!

שיקט מען מן הסתם נאך דעם שוחט מיט די חלפים!

וואס ווייזט זיך אוים?

חלפים, נישט פאר אייך געדאכט, ווי די זעגען! און דער שוחט איז טאקע געווען שמואל שוחט!

4.

## דער קבר.

ביים רבי'ן אין גערטעל ליגט א גרויסער משונה'דיגער שטיין — און אויבען, אויפ'ן בארג, ביי דער חורבה פון אלטען גראפס פעסטונג, ליגט אויך אזא שטיין. ווייסט איהר, וואס דאס באַ־טייט?

מיט כל המיני עולם־הזה, און אין איינעם פון די שענסטע חדרים טרעפען זיי זיך און זענען זיך מחבק ומנשק. אז גאט זאל שומר ומציל זיין...

און אזוי נאכט אויף נאכט, נאכט אויף נאכט...

איינמאל אבער, ווי ער איז אזוי מחבק ומנשק, פאלט איהם איין, גיט ער א זאג: רבקה'לע — רבקה האט זי געהייסען — שמד זיך, וועל איך מיט דיר חתונה האבען, — דער גראף איז א בחור געוועזן.

איז זי דאך אבער פארט א בת ישראל, און אפשר האט מען אויף אזוי ווייט דעם משחית קיין רשות נישט געגעבען — וויל זי נישט! זאגט ער נאך אמאל, זי וויל נישט, איז ער אבער מפציר— פאלט זי איהם צו די פיס און בעט זיך ביי איהם רחמים — ווערט ער פלוצלונג, כדרך הפריצים, בייז, רייסט זיך אויס, לאזט זי אי־בער און לויפט ארויס!...

און גיט א בלאז אויפ'ן הארן — א נמרוד, א גבור ציד גע־וועזן, שטענדיג א הארן געטראגען — לויפט מען זיך צוזאמען, הייסט ער פארלעגען ביידע אריינגאנגען צום קעלער מיט שטיינער, מיט גרויסע שטיינער, און זיך אנזאטלען א פערד און ער רייט אוועק! — — —

דריי טעג און דריי נעכט איז ער געריטען, דריי טעג און דריי נעכט האט מען פון קעלער ארויס „שמע ישראל" געהערט...

און אז ער האט זיך צופנעקיהלט פון גרים־צארן, און אז עס האט זיך אין איהם א חרטה דערוועקט, און איז אויפ'ן פיערטען טאג צוריק געקומען — איז אונטער איהם ביים אריינגאנג פון קעלער דאס פערד געפאלען, אזוי האט ער געיאגט; נאר אין קעלער איז שוין שטיל געוועזן.

און אויפ'ן בית עלמין איז פאראן א מצבה, א הויכע, מיט גאלדענע אותיות: מגזע ישרים, מזרע קדושים... אשת הרב הגאון והקדוש — הלא היא...

און צו קבר אבות קומט מען, משתטח איז מען זיך... אל מלא רחמים'ס מאכט מען... מען מעסט דעם קבר, מען איז מתפלל אויפ'ן קבר, נאר דער קבר איז — לעד!

# ער, זכרונו לברכה, און זיינע מקורבים.

(פון פראסט חסיד׳ישען שטייגער).

## א.

## זכרונו לברכה, זיין התנהגות.

1.

איהר פרעגט וועגען זיין התנהגות, זכרונו לברכה?

איהר וועט אפשר לאכען, נאר עס איז געוועזען א התנהגות פון א פשוט׳ען עהרליכען איד; דער גאנג זיינער איז געוועזען גאר אין פשטות אריין!

און דאס איז ביי מיר די העכסטע מדרגה!

אין יעדער זאך איז דאך דא א יצר הרע; א קיימא לן האבען מיר, אז וואס גרעסער דער בוים, איז גרעסער זיין שאטען. אזוי אויך — וואס גרעסער דער מענש, איז גרעסער זיין יצר הרע; אזוי זאגט די גמרא!

און וואס קאן זיין דער יצר הרע פון א גוטען איד?

מדי שבת בשבתו זאגען סתרי תורה! טאג אויף טאג זאלען מלאכים ארומפליהען איבער די קעפ! דבוקים זאלען זיך פאשען יאהרען לאנג ביים טיש; עקרות און עגונות זאלען זיך ארומוואלגערען אין די ווינקעלער!

דאס אלץ איז ביי אונז נישט געוועזען!

נישט איינער איז טאקע געקומען און אוועקגעפאהרען מיט גארנישט.

אויף פראסט איז זיך שווער צו פארשטעהן!

געלויבט איז אָבער השם יתברך, וואָס איך בין אויף איהם א מבין געוועזען!

עס איז-מיר ווי א ליכט אויפגעגאַנגען אין דער פינסטערער נאַכט!

2.

דער סדר עולם איז: „מעשה אבות ירשו בנים“. וואוהין פאָהרט א יונגערמאַן? אָדער מיט'ן טאַטען, אָדער מיט'ן שווער! פאָהרען ביידע צו איין גוטען איד, איז מה טוב; האָט ער גאָר קיין ספקות נישט!

ביי מיר איז אָבער אנדערש געוועזען; מיין טאַטע, עליו השלום, איז נישט געוועזען, נישט קיין חסיד, נישט קיין מתנגד, א כלי קודש געוועזען — א שמש אין א בית המדרש; האָט ער איבעריגע צייט געהאַט, איז ער געזעסען און געלערענט. מיין שווער ווייטער, א מליץ יושר זאָל ער זיין, איז דוקא א פאַרברענ־טער מתנגד געוועזען! פאַרשטעהט זיך — בסתר, וואָרים בגלוי האָט מען שוין דאַמאָלט אביסעל פחד געהאַט פאַר אנשי שלומנו, נאָר ווייסען וויים איך, — ער זאָל מיר עס דאָרט מוחל זיין — אז א „ויצמח פרקניה“ האָט איהם געשטאָכען אין דער זיבענטער ריפּ...

און פונדעסטוועגען בין איך צו דער דעה געקומען גאָר להיפך!

איך בין נאָך דאַמאָלט א שנעק געוועזען, אינגאַנצען צוויי שטיקלעך קינדער געהאַט, און האָב איינגעזעהן, אז אַן עהרליכער איד צו זיין גאָר פון זיך אליין איז זעהר שווער! יעדער איד זאָל מלחמה האַלטען מיט'ן יצר הרע גאָר באַזונדער, ביחידות הייסט עס, יעדערער פאַר זיך, נישט אין ראַטעס און אָהן אָפּיצירען, וואָלט גאָר ביטער געוועזען!

וואָרים באמת, דער יצר הרע לאָקערט, די נעץ איז פאַר־שפּרייט, און א מענש איז פאַריאָגט און פאַרזונקען אין וועלט־זאַ־כען, ווער און ווען זאָל דאָ מנצח זיין?

דאָס איז טאַקע די כונה פון: „עשה לך רב!“ צו „נתנה ראש!“

אָרעמע שעפעלעך, הייסט עס, זוכט אייך אויס א פּאַסטוך...

איהר זאָלט נישט בלאָנדזשען אויף טאָל און בערג און די חיות רעות זאָלען אייך נישט אויפעסען!

און מיט דער צייט איז ביי מיר געוואָרען ברור כשמש, אז מען מוז פאָהרען.

זוגתי איז אפילו נייעט זעהר צופריעדען געוועזען דערמיט... א נייע הוצאה, און זי איז די שפייזעריין געוועזען — עס איז דאָך אבער נאָריש נאָכגעהן אן אשה

3.

הכלל — פאָהרען, ווייס איך שוין, מוז מען; אבער וואוהין פאָהרען?

קיין עין הרע, צדיקים איז, ברוך השם, דאָ אסך. זעגען דען אבער אַלע צדיקי אמת?

עס גלויבט זיך נישט; עס וואָלט צו גוט געווען!

משיח וואָלט שוין לאַנג געקומען; על כל פנים וואָלטען די גזרות רעות בטל געוואָרען...

און אז די גזרות רעות וואַקסען פון טאָג צו טאָג, און חבלי־משיח קריגען גאָר די דייטשען, איז א סימן, אז עס איז נישט ווי מען דאַרף!

ווען איהר דאָך פרעגען היכי־תמצא? עס פאָהרען אזויפיעל אידען, אי לומדים מופלגים, אי עהרליכע אידען, אי גבירים — וועלט־מענשען, — ווי געשיקט זיך עס, אז זיי זאָלען נישט זעהן, וואָס עס טוט זיך?

כּילא, א נאַרישער דייטש וועט אייך זאָגען: כלם גנבים, אַלע גוטע אידען שפּילען קאָמעדיע און די חסידים זענען שאָף און רינ־דער, וואָס לאָזען זיך שערען, מעלקען און קוילען... נישט איינער זאָגט אזוי!

מיר ווייסען דאָך אבער, אז א חסיד וועט נאָך אריינגנאַרען צעהן דייטשלעך אין א זאַק אריין! —

אלא מאי?

עס ווערט נסתלק, למשל, א צדיק הדור, טאַקע אן אמת'ער צדיק; נו, לאָזט ער איבער א זוהן... קיין פושע ישראל, חלילה,

איז דער זוהן נישט; דאוונען ערנסט דאוועגט ער, אין מקוה אריין נעהט ער, זיצען זיצט ער און לערענט — פאהרט טאקע דער עולם צום זוהן... מען איז שוין צוגעוואוינט צום הויז, צו דער שטאדט, צו דער אכסניא, מען ווייסט שוין, וואו אויס און וואו איין, — איז טאקע הרגל נעשה טבע און מען פאהרט. אביסעל רעכענט מען אויף זכות אבות — א טאטענס א זוהן, א זיידענס אן איי־ניקעל!

ער אליין איז אודאי נישט שולדיג... וואס מען זאגט דערויף אין די עולמות העליונים, ווייסט ער נישט. הינטען הערט זיך שרייט אן עולם: קדוש, קדוש, קדוש! גלויבט ער!

קיין גרויסער שאדען איז דערביי אפילו נישטא. קודם כל — רייסט זיך א איד פון דער היים ארויס, פון עולם הזה, צי פון גיהנום און פאלט אין אנדערען עולם אריין, — אויס פרנסה, אויס דאגת־פרנסה, און מען דאוועגט ברוב עם, צוהיצט זיך פון זיך אליין!... און טרעפען טרעפט זיך, אז מתוך שלא לשמה בא לשמה — זכות אבות פון צדיק אליין, דער זכות פון א כלל ישראל... און ער ווערט טאקע אן אמת'ער צדיק!

נאך וואס אבער זאל איך מיך לעגען אין א קראנק בעט אריין?

האב איך מיר געטראכט: איך וועל אויספרואווען.

איך וועל אזוי לאנג פאהרען, ביז מיין הארץ וועט זיך ערגעץ צוקלעפען!

איי וואס, איך בין דער גרויסער למדן נישט, דער בעל־מקובל אודאי נישט — שומר פתאים ה'! א מענש דארף האבען בטחון!

און זיין ליעבער נאמען האט מיך נישט פארלאזט!

## 4.

אנגעהויבען האב איך טאקע ביי איהם, זכרונו לברכה!

ראשית — איז מיר נאהנט געוועזען, און א באהן דערצו, איך פאהר מיר ארויס אפילו אין קורצען פרייטאג אין דערפריה און קום מיר פאר'ן מרחץ!

שנית, איז געפאהרען פון אונז וואלף־בער, א איד א מופלג

בתורה און א ירא שמים באמת. וואס איז טאקע ווייט צו זוכען; היינט־זשע — נאסקע — א איד א גביר, א בעל צדקה — על כל פנים, מעג מען דאך ביי אזא רבי'ן אנהויבען!

שלישית, איז עס טאקע, אין איינוועגס, געוועזען א גאנ־זאך!

ווארים ווייטער דאס אייגענע. דער יצר הרע פון א חסיד איז „ממרחק יביא לחמו“ — צו פאהרען ווייט; למדינת הים וואלט נאך שענער געוועזען! דעריבער האבען דאך טאקע די רביים אזוי וועניג היימישע חסידים! און איך בין דוקא געפאהרען, וואי גאהנם, און האב, ברוך השם, אנגעשלאגען! געקומען בין איך, געדענק איך ווי היינט, אויף א שבת שלפני ראש חדש; דער רבי זכרונו לברכה אליין האט, כמנהגו, ראש־חדש געבענשט, און אזוי ווי ער האט ארויסגעזאגט: „חיים שיש בהם יראת שמים ויראת חטא!“ האבען מיך אנגעהויבען די טרערען צו ווערגען אין האלז, דאס הארץ האט אנגעהויבען צאפלען, גלייך עס האט געוואלט צו איהם ארויסשפרינגען! האב איך געוואוסט, אז איך בלייב!

5.

דערנאך ערשט האב איך מיך צוגעקוקט צו זיין התנהגות...

אן אמת'ער עהרליכער איד געוועזען! א גרויסער ירא חטא!

פארצייטישע אידען — פלעגט ער זאגען — זענען גרויסע גבורים געוועזען, אקעגען געהן און מלחמה האלטען מיט'ן יצר־הרע און מכריע זיין, איז ביי זיי א שפילעכעל געוועזען; היינטיגע צייטען, זאגט ער, איז גענוג, אז מען קאן אנטלויפען פאר'ן יצר־הרע.

און ער איז אנטלאפען צעהן מיילען ווייט פאר א חטא.

עס איז דען נאכצודערצעהלען?

יין קדוש, למשל, גיסט מען אן מבעוד יום!

פארוואס?

גאר פשוט: אנגיסען מוז מען פול מיט'ן אויג, טרעפט זיך, אז מען גיסט איבער און מען נעצט איין דאס טישטוך אום שבת; ביי ווייסען ווין איז מען א וועשער, ביי רויטער משקה — א פארבער!

אין זיין בית המדרש איז די שבת'דיגע תפלה אויפגעשריבען געווען מיט געדרוקטע גרויסע אותיות אויף טאוולען, וואס האבען געהאנגען ארום די ווענט. מאי טעמא? א קיימא לן האבען מיר, אז מען דארף נישט מתפלל זיין אויסענווענינ, און אז מען עפענט א געבונדענעם סדור, קנייטשט מען אום שבת דעם בונד ביים רוקען!

זכרונו לברכה, ער מאכט זיך אמאל א מלבוש, און דער מנהג איז אזוי געוועזען, יעדען פסח גיט דער רבי פון זיך אראפ דאס מלבוש איינעם פון די גרויסע מקורבים, דאס רוב וואלף־בער'ן, און ער איז מחדש א ניי בגד...

מיינט איהר דאך, אז א בגד מאכען איז א פשוט'ע זאך! מען נעמט אין געוועלב סחורה און מען גיט אוועק א שניידער, ער זאל אויפנעהען?

אבער גאר לא!

ערשטענס, זענען שוין יענע שניידערס נישט געווארענט גע־וועזען אין יתור! פארצייטענס פלעגט א שניידער פאר דער פטירה הייסען זיך מאכען אן ארון פון טיש און געבען זיך די אייל אין דער האנט אריין, צוויי עדות זאלען זיי זיין פאר'ן בית־דין של מעלה, אז ער איז קיינמאל נישט נכשל געווארען אין יתור! הייננט בפרט די שניידער־יונגען מאכען זיך פון גאנצען לא תגנוב אסך! וויל טאקע דער רבי נישט, אז דורך זיין מלבוש זאל א איד נכשל ווערען!

צווייטענס, איז דער חשש פון שעטנז.

און שעטנז איז נאך א גרעסערע סכנה!... אז מען דאווענט אין א מלבוש מיט שעטנז, — האב איך פון פיו הקדוש אליין גע־הערט און דערנאך אין קב הישר געזעהן — קריגט די תפלה צו־בראכענע פליגלען, קאן זיך נישט אויפהויבען און וואלגערט זיך דא, לא עליכם, ארום אין שער האשפה! און הני מילי בשוגג, במזיד, פאלט זי גאר אראפ אין שאול תחתיה, און ווערט א קרוין צום קאפ פון יענעם בחור, רחמנא לצלן...

דאס וויל ער דאך אודאי נישט! הערסט דו, זיין תפלה דארף דאך אויפהויבען און פיהרען מיט זיך אין שערי דמעות אריין, די תפלות פון קיין עין הרע, אן עדה אידען!

נעהמ מען מאקע דאָס מלבוש ביים רבי'ן, זכרונו לברכה, אין שטוב; חסידים האלמען וואכמע: צוויי אויס, צוויי איין, און אפילו דעם פאָדעם צום מלבוש דרעהט מען אויך ביים רבי'ן, זכרונו לברכה, אין שטוב, אונמער'ן גבאי־ראשון'ס השגחה!

עס איז דען אויסצודערצעהלען? הרים וגבעות!

## 6.

דער עיקר שארף איז ער אבער געווען בנוגע צו נשים; איינמאָל פאָר אלע מאָל קיין נשים לאָזט מען נישט אריין.

א שומר הבית איז דעריבער מאקע געווען אַ ערל...

אַ איד, להבדיל, חכמה'ט זיך, פאַר צוויי מאָל ח"י מאכט ער זיך אַ היתר און לאָזט אריין אַ אשה... הלמאי אנדערע גוטע אי־דען לאָזען אריין; מייל האבען סאמע נשים!

אַ ערל אבער פארשטעהט קיין חכמות נישט. אז מען זאגט ניין, טרייבט ער מיט אַ בעזעם; ממית'ט ער, אז מען קומט צו צום טירל!

אין אַ טביעת־עין האָט ער איהם איבערגעגעבען, ער זאָל אינ־מיטען דער נאכט מבחין זיין בין זכר לנקבה! אַ מייל ווייט דער־קענט ער שוין דאָס קול, די טריט...

און עס האָט נישט געשאדט.

האָט ער דעם ערל אפגעשאפט, האָט ער איהם תוך־כדי־דבור צוגענומען דעם טביעת־עין!

ער האָט אפילו אַ גרויסען היזק געהאט דערפון, נאָר, זעהסט דו שוין!

הלמאי מען האָט נישט אריינגעלאָזט קיין קאפעלוש, קיין שטייסען קאָלנער אפילו!

אז ער גיט שלום־עליכם, קריכט ער אריין מיט אַ פינגער אין ארבעל, צי ער וועט נישט דערטאפען אַ מאנקעט!

האלב ווארשוי האָט ער דאך היזק געהאט דעריבער! די ווארשאווער ווערען דאך געבויירען אין קאפעלושען!

נאָר נשים איז געווען סכנות־נפשות! ער האָט חתונה גע־מאכט אַ טאכטער, — מיט'ן יאכיפאָלער האָט ער געטאָן... די

חתונה איז געווען ביי איהם, זכרונו־לברכה, האט מען דאך דעם טאג געמוזט אריינלאזען נשים. נאר כעלות־הבוקר דעם צווייטען טאג האט מען אלע בענק, וואו ווייבער זענען געזעסען, אפגע־הובליוועט כדי קליפה!

און דערביי, זעהט איהר, בין איך שוין אליין געווען!

מען האט ביים רבי'ן, זכרונו־לברכה, די קיך פאררירכט.

דאס קאליע ווערען פון דער קיך איז נישט געווען פשוט! מען ווייסט נישט פון וואנעט און פון ווען האט אין קיך געטאן א שטארקען בלאז, ווי פון א שטורעם־ווינט; דערנאך האט געגע־בען א קנאק, גלייך א דונער וואלט אריינגעשלאגען; מען לויפט אין קיך אריין — אראפגעפאלען דער שיבער און א האלבע קיך איז צולעגט! דער רבי, זכרונו־לברכה, איז אויך אריינגעקומען!

— מעשה־נסים — האט ער געזאגט — וואס קיינער איז נישט ניזק געווארען. נאר די סבה פון דער זאך האט ער נישט מגלה געווען!

מילא, רופט מען אן ערל, ער זאל פאררירכטען די קיך!

בין איך דאך א בעל־עסקן אויף אזוינע זאכען, שטעה איך און קוק, ווי דער ערל פאררירכט, און א קליין שייגעצל קנעט אוים ליים אין א שעפעל. דער גבאי, וואס מען האט געשטעלט פאר א משגיח צו דער ארבייט, פארלאזט זיך אויף מיר, און דרימעלט איין אביסעל.

פלוצלונג באווייזט זיך דער רבי, זכרונו־לברכה, נאך אמאל! ער ווארפט א בליק אויפ'ן שעפעל און פרעגט:

— מילכיג צי פליישיג?

איך בין נבהל ומשתומם געבליבען, דער גבאי אבער האט זיך דערווייל אויפגעכאפט און ענטפערט איהם:

— דעם ערל'ס שעפעל!

ווערט ער, זכרונו־לברכה, אש־להבה, הייסט אפהאקען די קיך, ארויסווארפען די געקנעטענע ליים, קויפען א ניי־פארעווע שעפעל און אויפ'סניי קנעטען און פאררירכטען!

קיין ניי שעפעל האט מען נישט געקריגען (שוין לאנג קיין יריד נישט געווען), האט מען געמאכט א גריבעל אין דער פארלאגע און געקנעטען ליים!

דער גבאי האט געקריגען א נזיפה.

## 7.

און דאָס אהבת־ישראל איז ביי איהם געווען אין־לשער.

דאָס זענען זיינע ווערטער:

— „ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם" — מען דאַרף טון פאַר זיי... ארבייטען פאַר כל ישראל!

— „אשר יצא ואשר יבא לפניהם"—פאַר יעדען איש מישראל דאַרף דער מנהיג־הדור אויסגעהן און אונטערגעהן; זיך מוסר־נפש זיין, הייסט עס!

און אַז עס האָט זיך געהערט אַ נייע גזרה, ווי ער, זכרונו לברכה, האָט געזיפצט, ווי ער, נעבעך, האָט געקרעכצט — — —

און וואָס האָב איך געדאַרפט מעהר?

## 8.

אַן עצה אויף פרנסה האָט מען ביי איהם אידאי געקריגען.

אַ פּאָר וואָכען איידער ער איז נסתלק געוואָרען, האָב איך מיך פאַר איהם געקלאָגט, באשר בכן, זגותי לייזט זעהר ווענינ! זאָגט ער מיר: פאָהר אַמאָל אריין קיין וואַרשוי.

מיין איך, אַז איך וויים, וואָס ער מיינט!

אין וואַרשוי, פאַרשטעהט איהר מיך, האָב איך אַ קרוב, אַ איד אַן עושר, אפילו אַן איש מכובד ביי יענע לייט — אַ גאַנצער מאַ־כער אין קהל־שטוב. קלער איך מיר, ער מיינט, איך זאָל צו איהם פאָהרען און זיך משתדל זיין מיט זיין הילף, זיך צו עפּעס צו־צושלאָגען.

וואונדערט מיך אפילו. וואָרים געלט בעטען ביי איהם, איז אַ ברכה לבטלה; אַ קמצן אַ גרויסער, קיין הארטען דריייער גיט ער נישט אומזיסט. האַלט זיך פאַר אַ חכם־עתיק, וויל די וועלט פאַר־זאָרגען און פרעגט באַלד אויף אַ תכלית; פאַר אַ האַרטען דרייער וואָלט ער געוואָלט זיך קויפען עולם־הבא און מיך באַוואָרענען מיט עולם־הזה, כאָטש אויף אַ יאָהר צוואַנציג! בעטען אַ שטעל, האָב

איך שוין געפּרואווט! האָט ער מיך געפרעגט, דער שוטה, צי איך קען פּויליש!

נו, מילא, אז ער הייסט אָבער פּאָהרען, פאָהר איך. איך וועל שוין זעהן וואָס צו טון, איך וועל שוין עפּעס אויסקאָשפּערן!

ווייזט זיך אָבער אויס, אז ער, זכרונו־לברכה, האָט גאָר עפּעס אַנדערש געמיינט.

איך זיץ אויף דער באַהן, איך גיב א קוק, זיצט לעבען מיר א ספּאָדיקעל. א וואָרט צו א וואָרט: וואו פאָהרט א איד? לכתחלה שווייגט ער; ציה איך איהם ביי דער צונג, קומט ארויף ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער, אז דאָס איז א קליינשטעטעלדיג רב׳ל, און ער פאָהרט אריין קיין וואַרשוי, און וויל דאָרט ווערען דיין...

וואָס קלערט איהר? איך כאַפּ א פינף־און־צוואַנציגער, איך זאָל רעדען פאַר איהם א גוט וואָרט ביים קרוב.

נאָר אַז עהרליכער מאַן בין איך! בפירוש הותנה, אַז איך דאַרף נאָר רעדען, צי עס וועט פועל׳ן, איז שוין נישט מיין זאַך.

דער סוף פון דער מעשה, ווייס איך נישט עד־היום, נאָר א פּסח האָב איך געמאַכט, אויף כל־ישראל געזאָגט!

## ב.

## זכרונו לברכה, דעם רבי׳נס מקורבים.

### 9.

דעם רבי׳נס, זכרונו־לברכה, מקורבים האָב איך שוין דער־מאָנט.

ערשטענס: וואָלף־בער!

ער, זכרונו־לברכה, פלעגט זאָגען: וואָלף־בער איז א איד!

דערנאָך ערשט איז געגאַנגען נאָסקע!

און עס איז קיין וואונדער נישט.

וואָלף־בער האָט די זכיה געהאַט צו לערנען מיט׳ן רבי׳ן אין איין חדר. מען זאָגט אפילו, אַז וואָלף־בער איז מעהר עלוי געווע־זען און פלעגט דעם רבי׳ן מבייש זיין! נאָר איינמאָל איז ער דער־

פאר געשטראפט געווארען; אינגלער, האבען זיי אמאל געקלע־
טערט אויף א דאך, און וואלף־בער מאכט צו איהם: זעהסט, קלע־
טערען קאנסט דו, קיין מעשה נישט, אבער לערנען?... תוך־
כדי־דבור איז ער אראפגעפאלען און געמאכט זיך א לאך אין
קאפ. ער האט זיך אפילו אוּיסגעהייּלט, נאר דער התוך־הדבור איז
איהם קאליע געווארען, און ווען ער האט געוואלט ווייזען זיין
חריפות, האט ער אנגעהויבען שטאמלען און שטאמלען, און האט
נישט געקאנט אויספיהרען, וואס ער האט געוואלט. ער פלעגט
מעהר רעדען מיט די הענט, ווי מיט'ן מויל...

נאר געוואוסט האט מען, וואס פאר א כלי דאס איז.

ער האט א גוטען שדוך געטאן, נאר אהן מזל, האט ער אנגע־
ווארען דאס געלט, און איז געקומען צום רבי'ן פאר א מלמד!

אז דער רבי האט ביידע זיהן חתונה געמאכט, האט ער אין
וואלף בער'ן נישט פארגעסען.

עס איז געוועזען חול־המועד־סוכות. געהט דער רבי צו צו
נאסקע'ן, גיט איהם א קלאפ אין פלייצע אריין און זאגט איהם:

— ביסט טאקע א בעל־צדקה, נאסקע, וועסט האבען עולם־
הבא. נאר לערנען קענסט דו נישט; און אויף יענער וועלט, וועט
מען דיך ערשט שיקען אין חדר אריין!

— וואס זאל איך טון, רבי!

— נעם דיר, — זאגט דער רבי — אהיים וואלף־בער'ן. מאך
איהם דארט א מעמד, און מיט דיר זאל ער לערנען יעדען טאג
פאר'ן דאווענען אביסעל משניות.

יכך־הוה! וואלף־בער האט זיך באזעצט אין אונזער שטעדטעל.

## 10.

לאנג געזעסען איז ער דאך נישט.

אין עטליכע יאהר ארום איז נאסקע געווען מיט וואלף־בער'ן
צוזאמען אויף ראש־השנה. געקומען זענען זיי אפילו נישט צו־
זאמען. נאסקע פאהרט, גלייך מיט אלע, מיט דער באהן, און וואלף־
בער וויל נישט היזק האבען זיין שכר־הליכה און געהט צו־פוס.
מיר זענען זיך נוהג און פאהרען מיט דער באהן, און אויף שכר־

הליכה לויפט מען איבער די וואגאנעס! וואלף־בער אבער וויל נישט! דערפאר צוריק נעמט איהם נאסקע אויף זיין חשבון; צאהלט ער פאר איהם עטליכע קאפיקעס דעם קאנדוקטאר. טרעפט זיך, אז וואלף־בער שטעלט זיך דאוונען, און עס קומט אן דער קאנטראַלער — עס איז דאך נאריש, ער וועט דאך נישט ווארפען מיט טלית־ותפילין פון וואגאן — צאהלט נאסקע פאר איהם קנס!

אז זיי ווילען צוזאמען פאהרען, געהען זיי צוזאמען אריין זיך געזעגענען.

נאסקע לאזט איבער א מתנה, כמנהגו — דאמאלט, דאכט זיך, א וויים־אטלאסענע קאלדרע — און רעדט וועגען פרנסה.

שמייכעלט דער רבי:

— ביסט אן עניו, נאסקע; רעדסט וועגען פרנסה און מיינען מיינסט דו ע ש י ר ו ת.

— וואלט אויך נישט געשאדט, — ענטפערט נאסקע — ארע־מע לייט איז דא אסך, אז מען קען מעהר צדקה געבען איז בע־סער!

איך וועל אייך שפעטער דערצעהלען, וואס פאר א בעל־צדקה נאסקע איז געוועזען...

און דער רבי זאגט: מהיכא־תיתי! אויף מזל וועל איך צו־געבען א שותף!

וואס מיינט נאסקע?

עס קומען אסך גביר׳ישע יונגעלייט אן עצה פרעגען, צו וואס זאלען זיי זיך נעמען, וויל איהם דער רבי איינעם אזוינעם צו־שארען פאר א שותף.

מהיכא תיתי! געשעפטען האט נאסקע געהאט אסך, אפילו גרויסע געשעפטען, נאר קיין מטמונים האט ער נאך דאמאלט נישט געהאט, און געלט פלעגט אמאל פעהלען! און אפשר גאר — טראכט ער ווייטער — וויל דער רבי אליין זיין א שותף! — דער גערער און אנדערע גוטע־אידען זענען זיך אויך אזוי נוהג! — טאנצט ער טאקע אונטער פאר שמחה.

דער רבי האט אבער גאר עפעס אנדערש געמיינט:

— איך גיב דיר — זאגט ער — וואלף־בער׳ן פאר א שותף! עפעס זעהט ער מיר שלעכט אויס! האב אויף איהם השגחה, און אין זיין זכות קאן א איד ווי דו נתעשר ווערען!

נאסקע באשטעהט, וואלף־בער אבער וויל נישט.

און ער בייזערט זיך:

— וואס קאנט איהר מיך אליין נישט בענשען? אז איך וועל זיין אַ עושר, וועל איך זיין — זאגט ער — אַ גרעסערער בעל־צדקה פאר נאסקע'ן!

איז דאך די מעשה ווי ביי אליהו־הנביא, אז עס איז דא אבי־סעל בוימעל אין קריגעל, איז חל די ברכה, אבער אז דאס קריגעל איז לעדיג?

און וואלף־בער האט שוין פאר חולשות אפילו דאס מלמדות אוועקגעווארפען! מיט איין נאסקע'ן, וואס ער האט נאך געלערענט!

האט ער אבער זיך איינגעשפארט! „אז מתנת בשר ודם“, זאגט ער, וויל ער בעסער ביים רבי'נס טיש...

— וואס רעדסט דו וואלף־בער?!

וואלף־בער שרעקט זיך נישט:

— כל־זמן איהר וועט מיך אליין נישט בענשען מיט פרנסה בכבוד און עשירות, הייסט מיין נאמען — זאגט ער — נישט וואלף־בער, אויב איך ריהר מיך פון ארט!

ווען אַ אנדערער זאגט עס, ווייסט איין בורא־עולם, וואס פון איהם וואלט געווארען, איז עס דאך אבער וואלף־בער, פארשווייגט דער רבי, און וואלף־בער בלייבט!

## 11.

און יאהרען לאנג איז ער געזעסען.

אז איך האב איהם דאס ערשטע מאל געזעהן, האט ער מיר אויסגעוויזען אַ זקן־מופלג, און אַ גבר־חלש געוועזען. אַ הויכער, חוט און ביין, אראפגעלאזטע ברעמען און קוים וואס ער האט נאכגעשלעפט די פיס.

איינמאל, מוצאי־שבת, איך געדענק ווי היינט, איז אַ ווינט געוועזען סכנות־נפשות, הייזער האט עס איינגעלעגט, רופט דער רבי, זכרונו לברכה, צו זיך צו וואלף־בער'ן און זאגט איהם:

— וואלף־בער, מעגסט שוין אהיים פאהרען! פאהר געזונטערהייט!

וואס טראכט זיך וואלף־בער?

דער רבי, זאגט ער, האט איהם צוליעב געטאן און גיט איהם די ברכה.

איי וואס, ער רעדט נישט בפירוש; זיי פלעגען שטענדיג רע־דען צווישען זיך אויפ'ן וואונק!

נעמט ער, וואלף־בער, טלית־און־תפילין, שאפט זיך עטליכע זהובים און פאהרט.

דער רבי האט אבער עפעס אנדערש געמיינט.

ער האט געזעהן, אז וואלף־בער'ן זענען, לא־עליכם, די יאהרען אויסגעגאנגען! האט ער געוואלט, ער זאל קומען צו קבר־אבות ביי זיך אין דערהיים!

ובכן־הוה — אהיים געקומען איז ער א חולה, געלעגט זיך ביי נאסקע'ן אין שטוב אין בעט אריין, איז אפגעלעגען איינגאנצען א וואך צוויי צי דריי און איז נפטר געווארען!

12.

נאר זעהט, ווי אלץ פלעגט ביי אונז אריינגעהן אין פשטות!...

דער תוך פון א זאך פלעגט קוים וואס דורכשיינען, ווי דורך א שפא־רע פון א לאדען; פון אויבען אויף — בתכלית הפשטות, קיין נבואה, קיין רוח הקדש, אלץ על פי דרך הטבע... ווי אין פסוק שטעהט: כבוד אלהים הסתר דבר!

און דעריבער טאקע, אז מיר זענען צו איהם געקומען אייפ'ן צווייטען יום־טוב, ווייסט ער, זכרונו לברכה פון גארנישט, און פרעגט פון וואלף־בער'ס געזונט.

זאגט מען איהם: נפטר געווארען.

ענטפערט ער: ברוך דין אמת!

און שטעקען שטעקט דערינען נאך א זאך. פארשטעהט איהר מיך: „ברוך דין אמת" מוז מען ענטפערען א ב ש ר ־ ו ד ם!

דאס אייגענע איז געוועזען נאך נאסקע'ס פטירה.

באלד נאך וואלף־בער'ס קבורה איז נאסקע אוועקגעפאלען.

טייל זאגען, אז וואלף־בער האט זיך איהם באוויזען אין חלום און

האָט איהם געררופען צו א פּרק משניות; אנדערע זאָגען — מפּני הרעה נאסף הצדיק, דאָס צווייטע ווייב איז קיין גרויסע צדקת נישט געווען... אין שטוב האָט זיך אריינגעדרעהט א ליטוואק — א זעל־נער... האָט מען איהם צוגענומען. נאָר, ווי עס איז אבער, אז נאָס־קע איז אוועקגעפאַלען, האָט מען ביים רבי'ן, זכרונו לברכה, גע־שמורעמט! טאָג אויף טאָג א שליח, אמאָל צוויי שלוחים... וואָס ענטפערט א רבי? ווי דער מנהג איז: ער וועט מתפּלל זיין, נאָט וועט אודאי העלפען. נאָר געזאָגט האָט ער עס מיט א האַלב מויל; קיין קלאָרע דבורים האָט מען פון איהם נישט געהערט! זעהט מען דאָך בחוש, אז ער האָט געוואוסט, ווי עס האַלט!

דערנאָך האָבען די שלוחים אויפגעהערט; האָט ער דאָך פאַר־שטאַנען, אז מען האָט שוין נישט נאָך וואָס צו שיקען. און פונ־דעסטוועגען האָט ער דערנאָך אויף נאָסקע'ן אויך געפרעגט; ער הויבט כלומר'שט פון גאַרנישט אן צו ווייסען!

נאָר דאַמאָלט האָט זיך שוין אביסעל ארויסגעוויזען:

מען זאָגט איהם, נאָסקע איז אויף'ן עולם־האמת, ער מאַכט: ברוך־דיין־אמת, און גיט א פרעג, גלייך ער ווייס פון גאַרנישט, צי מען האָט נאָסקע'ן געלעגט לעבען וואָלף־בער'ן.

זאָגט מען איהם: ניין. וואָרים באמת, פאַר דער פטירה איז נאָסקע שוין געווען אין די גרויסע פעדערען, איבערגעלאָזט דעם צווייטען ווייב א וואַסער־מיהל, צוויי נחלאות גרויסע, געלט מזומן, און אחוץ דעם יעדעס קינד, הן זכרים, הן נקבות, צו פּופּצעהן הונדערט רובל מזומן. א קרן קימת האָט ער אויך געלאָזט. מסתמא האָט מען נאָסקע'ן געלעגט אויבען אן... און וואָלף־בער, א קבצן נעבער, — וואָס האָבען די בעלי־בתים פון וואָלף־בער'ן געוואוסט? געזעהן האָבען זיי א שטוב, א פאַרוואַרלעסיגט אידעל, ווייטער נישט... איז טאַקע וואָלף־בער געלעגען כמעט ביים פּלויט...

קרעכצט ער, זכרונו לברכה.

— א שאָד, — זאָגט ער, — נאָסקע דאַרף ליגען לעבען א תלמיד חכם! און עס איז נישט אויסגעגאַנגען דריי חדשים, איז נסתלק געוואָרען ביי אונז א דיין, א יונגערמאַן אפילו, א מופלג בתורה און מאַנשי שלומנו, און מען האָט איהם געלעגט לעבען נאָסקע'ן!

## 13.

פאַרוואָס האָט נאָסקע זוכה געווען צו זיין פון זיינע, זכרונו לברכה'ס מקורבים?

צוויי מעלות טובות האָט נאָסקע געהאַט: בטחון און צדקה.

מילא, ביים ערשטען ווייב איז די צדקה געווען אין לשער.

ער איז נאָך דאַמאָלט קיין גרויסער עושר נישט געווען, נאָר געשעפטען האָט ער געהאַט גרויסע. דאָס קאָפּ־דרעהעניש איז געווען גרויס, דאָס בטוחות זיינס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו וואַקסען, מזומנים האָבען גאַנץ אָפּט געפעהלט און נאָסקע איז שטענדיג געווען פרעהליך און לוסטיג און מען האָט קיינמאָל אַ פּנים נישט דערקענט, וואָס אין קעשענע טוט זיך.

זיין התנהגות מיט'ן טאַבאַק איז אויך כדאי צו דערצעהלען.

וואָס איז אַ שמעק טאַבאַק? וועלכער איד קאַרגט עס אַ שמעק טאַבאַק? נאָר וועלכער איד קוקט עס נישט אין די אויגען אריין, אַז מען נעמט ביי איהם אַ שמעק טאַבאַק!

נאָסקע איז זיך אַנדערש נוהג: ער קומט אין שטיבעל, צי אין בית המדרש אריין, שטעלט דאָס טאַבאַק־פּושקעלע אַוועק אויפ'ן שטענדער, און אַליין דרעהט ער זיך איבער צו דער וואַנט און זאָגט עפּעס, אָדער דאַווענט. נעם ווער עס וויל, און וויפיעל ער וויל! קומט אַ אָרעמאַן און שיט זיך אָפּ אַביסעלע — מהיכא תיתי, זאָל איהם זיין צו געזונט! און אַ פּושקעלע האָט ער געהאַט — אַ צדקה־גדולה פּושקע! אויף אַ האַלב פונט טאַבאַק אודאי!

דער עיקר איז ביי איהם געווען הכנסת אורחים.

אַזאַ איד מיט געשעפטען, קיין עין־הרע, ווי נאָסקע, וואָס איז מיט זיין און פרעמד געלט צושפּרייט און צוזייהט געווען אויף שבעה ימים, האָט זיך כל ימיו אַזוי געקירעוועט, אַז ער פלעגט שטענדיג אהיים קומען פרייטאָג פאַר'ן מרחץ. ער זאָל קאָנען מקיים זיין מצות הכנסת אורחים!

נאָסקע געהט נישט אַליין אין מרחץ אריין, אַז עדה אידען געהען איהם נאָך. דאָס זענען אורחים און גלאַט אָרעמע לייט, פאַר וועלכע ער צאָהלט באַד־געלט און בעזעמלעך־געלט, און קויפט זיי ־ייס קוויטלעך אין מקוה אריין אויף שבת אין דערפריה...

נאך קבלת־שבת איילט זיך נישט נאסקע אהיים צו געהן. פרי־העך לאזט ער, די בעלי־בתים זאלען זיך אויסקלייבען אורחים צום טיש. איינער וויל, זיך צוליעב, א בן־תורה; דער צווייטער, דעם ווייב צוליעב, א ריינערען מענש, זי זאל זיך נישט מאוס'ן פון איהם ביים טיש. נאסקע לאזט זיך דערנאך אראפ און נעמט צו די רעשט, אפגעריסענע, פאר'מושב'טע ·חולאים, לא עליכם!

ביי אונז האט זיך אויפגעהאלטען אן אלטער ניקאלאיעווס־קער סאלדאט, א חולה־נופל לא־עלינו. וואו עסט ער משבת לשבת? ביי נאסקע'ן, מן הסתם! און ער האלט איהם לעבען זיך! עסט מיט איהם ממש פון איין שיסעל! טאנצט מיט איהם נאך דער סעודה!

טרעפט, אז דער זעלנער פאלט אוועק אינמיטען עסען, איז מען מפסיק די סעודה, נאסקע לעגט איהם זיין אייגען קישען אונ־טער'ן קאפ, שטעקט איהם דעם זילבערנעם לעפעל, מיט וועלכען ער עסט, אין מויל אריין, און העלפט איהם צוהאלטען, ביז ער קומט נישט צו זיך, און מ'נעמט זיך ווייטער מיט שמחה צו דער סעודה!

און אזוי? וואו קריגט מען א גמילות־חסד, מיד ליד? ביי נאסקע'ן! ער אליין לויפט ארום געלט בארגען, עס געהט אום לע־בען אויסצוקויפען א קאנטראקט, און אז א איד קומט צו און מאכט א קרום פנים — גיט ער אוועק! און לויפט ווייטער זוכען געלט!

נאר דאס געהט שוין אריין אין דער מדה פון בטחון!

14.

און די מדה פון בטחון איז גאר אדיף א הויכער מדרגת געווען.

איינמאל, פרייטאג איז עס געווען, קומט צו נאסקע'ן א שליח מיוחד פון דער ווייקסעל, באשר בכן — דאס גאנצע געהילץ איז צושלאגען געווארען, די ערלים צושלעפען און דער וואיט וויל זיך נישט ריהרען פון ארט; מען דארף געלט!

וואס טוט נאסקע? עס איז פרייטאג נאך צוועלף, געהט ער אין מארק אריין, נעמט צוזאמען די ארעמע חברה און לאזט זיך אין מרחץ אריין!

איז שטארט דערהערט זיך דערווייל, אז צו נאסקע'ן איז געקו־מען א שטאפעט. לויפט דער עולם צו קבלת שבת אביסעל פריהער,

געוואָר צו ווערען, וואָס עס קאָן באַטייטען. אין בית־המדרש האָט מען געוואוסט — פון געהילץ איז געוואָרען אש!

און אינ'ם געהילץ האָט געשטעקט נאַסקע מיט אַ האַלבער שטאָדט!

עס ווערען קולות.

ס'טייטש אָפּגנאַרען אידיש געלט, אידיש בלוט, אוועקגע־טרויען אַלץ דעם וואַסער! מוצאי שבת וועט מען איהם באַפּאַלען. דאָס הויז צושלעפּען, די באָרד אויסרייסען, חרוב ונחרב מאַכען!

דער דין האָט דערוויייל געהייסען, דער בעל־תפלה זאָל צוגעהן מקבל שבת זיין — דער עולם האָט זיך צודאַווענט...

דאָס ערשטע מאָל האָט מען אַנגעהויבען „לכו נרננה" אָהן נאַסקע'ן...

מיין נאַסקע — גאָרנישט!

ער קומט אַן, לאָזט זיך אַרויף צום מזרח, צו זיין שטאָדט לוסטיג און טאַנצענדיג. נאָכ'ן דאַווענען — דער עולם גאַפט — נאַסקע זאָגט אַלעמען אַ פרעהליכען: גוט שבת! און גיט זיך אַ לאָז אַראָפּ און נעמט אַלע אורחים אויף שבת! קיין איינציגען נישט געלאָזט.

און ער האָט זיך אויסגעדרעהט!

מוצאי שבת, האָט ער זיך איינגעשפּאַנט דאָס ביטקעלע און איז נישט געפאָהרען צו דער ווייקסעל, נאָר אַרויס צו אַ פּריץ און אָפּגעקויפט די גאַנצע תבואה! אביסעל מזומנים האָט ער געהאָט, האָט ער געגעבען, פאַר די רעשט האָט ער אויסגעשטעלט וועקס־לען; גענומען אַ ריינעם קאָנטראַקט אויף באַצאָהלט ווייץ און קאָרן — און איז צוריקגעקומען, און האָט איבערגעגעבען דעם קאָנטראַקט די בעלי־חובות.

דערנאָך ערשט האָט ער זיך געלאָזט צו דער ווייקסעל, זוכען דאָס געהילץ!

15.

און אַזוי איז אויך געווען זיין בטחון אין רבי'ן, זכרונו לברכה!

דאַמאָלט איז ער אויך נאָך נישט געווען אין די גרויסע פּע־

דערען, און עס מאכט זיך א מעשה, די נאַסקיכע גערט צו קינד, צום פיערטען קינד, און איז דווקא א מקשה לילד.

ווייל נאַסקע לויפען צום רבי׳ן, לאָזט נישט דער רופא. נאַסקע אליין איז קראנק. ער האָט איהם אַן אָדער געשטעלט און איז בעט אריינגעלעגט.

נעמט ער און שיקט וואָלף־בער׳ן!

אז עס איז סכנת נפשות, פאָהרט וואָלף־בער מיט דער באהן; איך האָב איהם אליין א בילעט געקויפט, אין וואַגאָן אריינגע־זעצט, און ער פאָהרט.

קומט ער בשלום אהין, זאָגט איהם דער רבי: עס וועט אלץ גוט זיין, נאַסקע וועט זיין געזונט, די נאַסקיכע וועט האָבען צו מזל א בן־זכר, נאָר עס וועט קאָסטען: ארבע מאות; ארבע מאות שקל כסף, האָט ער געזאָגט!

גאַפט ער, וואָלף בער.

דערנאָך זאָגט ער:

— רבי, דער עולם מיינט, נאַסקע איז א גביר, און ער איז אפילו קיין עושר נישט. א בר־מזל איז ער, קיין געלט האָט ער נישט.

שמייכעלט דער רבי, און ענטפערט:

— א שליח דארף טון זיין שליחות. פאָהר אהיים אויפ׳ן ברית!

מילא, אז ער הייסט פאָהרען, פאָהרט ער!

מאכט זיך איהם פלוצלונג א פויעריש געלעגענהייט, פאָהרט ער נישט מיט דער באהן, עס איז דאָך שוין אוים סכנת נפשות, און וואָס טויג איהם דאָס שעטנז אין דער באהן! ער זיצט טאַקע נישט דערויף, ער זיצט אפילו נישט אין וואַגאָן פון שעטנז, זענען דאָך אָבער די וואַגאָנען צוזאַמענגעהעפט מיט קייטען, און וואָלף־בער האָט נישט קיין חשק צו דאַווענען, וואו שעטנז איז...

פאָהרט ער מיט׳ן פוהרל; מיט׳ן שליטען, מיין איך, עס איז ווינטער געוועזען און א וואוילער שליטוועגס.

עפעס א חסיד, וואָס האָט איהם געפונען דאָס געלעגענהייט, זעצט איהם אין „פּולקאַשיק״ אריין, וויקעלט איהם ארום מיט א שאַל און מאכט „וויאָ“! דער פויער פאָהרט.

דער פויער פאהרט און להבדיל, וואלף־בער פארטראכט זיך אין הוריות און איז זיך אזוי מכין צו דאוונען פון פארנט. ביי דער ערשטער קרעטשמע, טראכט ער, וועט ער לעגען טלית ותפלין.

אז עס איז מאנאפאל און עס איז קיין אידישע קרעטשמע שוין לאנג נישטא, האט ער דערווייל פארגעסען.

טראכט ער אזוי, און דער „פולקאשיק" הויבט זיך דערווייל אן אראפצורוקען; ער האט זיך, אפנים, אפגעבונדען. מען נעמט זיך אביסעל בארג אויף, ער רוקט זיך אינגאנצען ארויס!

הכלל וואלף־בער בלייבט מיט'ן „פולקאשיק" אין שניי און דער פויער ווייסט פון גארנישט, און פאהרט זיך ווייטער!

וואלף־בער הויבט אן שרייען; האט ער פונקט געטראפען אויף א טויבען פויער, הערט ער נישט.

הכלל, ער האט זיך קוים ארויסגעגראבעלט פון פולקאשיק און לאזט זיך געהן צופוס...

קומט ער טאקע אין שטאדט אריין אויפ'ן ברית!

און ווי ער שטעהט און געהט, קומט ער צו נאסקע'ן אין שטוב אראן.

## 16.

יא, קענען וואס האב איך עס געוואלט דערצעהלען. קענען נאסקע'ס בטחון.

קומט וואלף בער צו נאסקע'ן אין שטוב אריין; דאס קינד האט מען שוין געאידישט, מען זיצט שוין ביי דער סעודה, וואשט ער זיך, וואלף־בער, און זעצט זיך בעניוות, צווישען כלי קדש.

נאסקע געהט דערווייל ארום אויבען־אן מיט דער פלאש און טרינקט מיט די נבירים לחיים.

דערזעהט ער וואלף־בער'ן, לאזט ער זיך צו איהם אראפ, דער־לאנגט איהם שלום, נעמט אפ מזל־טוב, און וואלף־בער הויבט זיך אויף און רוימט איהם איין אין אויער וועגען די ארבע מאות!

— עס וועט זיין! זאגט נאסקע.

און עס איז אזוי געווען!

וואלף־בער האט זיך פארזינדיגט מיט ווייניג אמונה אין רבי'נס ווערטער, ער איז מחויב גלות געווארען, און איז, מיט גאטס

חסר, אפגעקומען מיט נע־זנד זיין אין שניי, און נאסקע האט טאקע באלד נאכ׳ן ברית געוואונען פיער הונדערט פרייסישע טאלער אויף א בראנדענבורגער צעטעל.

נאר פארוואס האט דער רבי געוואלט ארבע מאות?

האט זיך אויסגעוויזען פארוואס!

דער רבי אליין האט אויסגעזאגט דעם סוד.

נאסקע איז א בר־מזל געוועזען נאר אויף „יגיע כפו“, פון גע־וואונען געלט וואלט ער חרוב ונחרב געווארען, אזוי ווי עס טרעפען זיך אסך אזעלכע מעשיות מיט געוואונען געלט!

האט ער איהם טאקע צוגענומען די ארבע מאות, אנגעזאגט זהיר וזהיר, ער זאל מעהר קיין לאטעריע־צעטעל נישט קויפען, און פון דאמאלט אן האט אנגעהויבען נאסקע מצליח און מצליח צו זיין, ביז ער איז געווארען דער אמת׳ער נאסקע!

ג.

## א מקורב — א ליטוואק.

17.

נאר זעהט, וואס עס קאן זיך אמאל טרעפען!

א ליטוואק איז ביי אונז א מקורב געווארען.

ער לעבט נאך אפילו דער ליטוואק — עד היום!

די מעשה פון דעם ליטוואק איז אויך נישט קיין פשוט׳ע, דאס הייסט — ווי דער שטייגער איז ביי אונז געוועזען — יא, פשוט און פארט נישט פשוט. א ראטע זעלנער איז ביי אונז אין שטעדטעל געשטאנען, און דער ליטוואק האט אין דער ראטע געדינט, ביים ראטנער האט ער נאר נושא חן געוועזען; נאשיוועקעס האט ער איהם געגעבען, „סלוזשבע“ האט ער געקאנט ווי א וואסער, ווארים טאקע: „וואו תורה, דא חכמה“, און לערנען האט ער געקאנט! פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אפילו באווייזען אין בית־המדרש; געעפענט א ספר, געלערענט — אזוי ווי די ליטוואקעס לערנען: אין דער ברייט, נישט אין דער טיף! פון קעסעל, פארשטעהט

זיך, האָט ער נישט געגעסען, פלעגט ער עסען שבתים... נו, אחיים נעמען אַ ליטוואַק אויף שבת האָבען די בעלי־בתים קיין גרויסען חשק נישט געהאַט, איז ער אריינגעפאַלען, צו וועמען?

מן הסתם — צו נאַסקע׳ן!

און דאָס איז דער אָנהויב פון דער זאַך!

## 18.

נאַסקע, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט שוין דאַמאָלט געהאַט דאָס צווייטע ווייב.

דער צווייטער זיווג איז אפילו „לפי מעשיו“, נאָך מעהר — דער רבי ז״ל אַליין האָט מסכים געווען אויפ׳ן שדוך, טייל זאָגען אפילו, אַז ער האָט געהייסען טון. נאָר דאָס איז שקר — אָבער מסכים געווען, דאָס איז אמת, האָט ער; און פונדעסטוועגען — אַ הימעל־זאַך — איז עס נישט געווען, ווי עס דאַרף צו זיין, ווי עס האָט פאַר אַזאַ נאַסקע׳ן געפּאַסט.

איך קאָן נישט זאָגען, פון אויבען אויף — גאָר שעהן! ערש־טענס, אַ בת תלמיד־חכם; אויף איהר פאָטער, עליו השלום, האָט דעם רבינ׳ס פאָטער זצ״ל, דער וואָרקער, געזאָגט: דאָס איז אַ תלמיד־חכם! צווייטענס, אַ יפת תאר; דערצו אפילו אַ בעל־הבית׳טע, קיין גראַשען, חלילה, נישט אויסגעבאָרגט, — נאָר פאַר נאַסקע׳ן האָט עס באַלד אין דער התחלה נישט געפּאַסט; זיין צדקה האָט זי נישט פאַרטראָגען!

ווי דער שטייגער איז — אַ יונג ווייבעל, אַן אַלטער מאַן, איז זי געגאַנגען אין ספּאָדעק; האָט זי דאָס רעדעל געפיהרט און טאַקע איבערגעפיהרט. אין נישט מיט אַמאָל, דערצו איז זי גע־ווען צו קלוג, נאָר פּאַמעלעך, גאָר פּאַמעלעך. פריהער איז פאַר אָרעמע לייט אָפען די שטוב, נאָר פאַרשלאָסען דאָס האַרץ, דער־נאָך איז די טיר נאָך אָפען, נאָר אין שטוב קאָן מען שוין נישט אריין! אַ יונג ווייבעל איז זי — לויפט זי דעם אָרעמאַן אַקעגען, פטר׳ט אָפּ אויף דער שוועל מיט אַ פּרוטה, מיט אַ שטיקעל ברויט און געה ווייטער!

צדקה, זאגט זי, אַך איז מיר געשעהען — מהיכא־תיתי! נאָר ווי קומט איינשמירען די פּאַדלאַגע?
און נאַסקע, געבעך, זיפצט און שוויינט.
דאָס איינגענע איז געווען מיט שבת'דיגע אורחים!
טאַקע א מצוה, נאָר זי אליין איז אויך א מענש, דאַרף אויך האָבען שמחת שבת! און אז עס קומען און זעצען זיך צום טיש תולאים, לא עליכם, אַדער אַזוי פאַרוואָרלעסינטע, קאָן זי קיין שמחת שבת נישט האָבען! און אז זי האָט נישט, האָבען זיי אויך נישט! שיקט זי אַזוינע אורחים אין גאַרקיך אריין וכדומה!
זי איז בטבע נישט קיין גוטע געוועזען! און, זעהט איהר, דער ליטוואַק איז איהר דוקא געפעלען! איהם האָט זי דוקא פאַר־בעטען אויף אַלע שבת!
ער האָט נושא־חן געווען!

19.

פון נאַסקע'ן איז דער ליטוואַק געקומען צום רבי'ן, זכרונו לברכה!
ביי נאַסקע'ן אין שטוב, האָט ער זיך, אפנים, אַזויפיעל אָנ־געהערט פון רבי'ן, זכרונו לברכה, אז עס האָט זיך איהם פאַרגלוסט. און איינמאָל איז ער זיך מישב, בעט זיך אָפּ אויף עטליכע טאָג און כאַפּט זיך אריבער צום רבי'ן!
איהר קאָנט פאַרשטעהען, וואָס פאַר א פנים ער האָט דאַרט דאַמאָלט געהאַט! ערשטענס, א סאָלדאַט, קיין זכר פון פאות, און געפּוצטע שטיוועלעך, א מונדיר מיט קנעפּ און א ליטוואַק דערצו! א וואָרט אידיש האָט ער נאָך דאַמאָלט נישט גערעדט, סאַמע ליט־וויש!
נאָר געה טשעפּע זיך מיט'ן קיסר'ס א מענש! מען לאָזט איהם אריין! דער רבי, זכרונו לברכה, גיט איהם שלום, און משום דרכי השלום פרעגט ער:
— וואָס מאַכט איהר?
בלשון רבים הייסט עס!
וואָרים א מנהג איז ביי אונז געוועזען, אז דער רבי, ז"ל, האָט

אלעמען געזאגט „דו"; נאר אז דער רבי, ז"ל, האט געוואלט עמי־
צען האלטען פון דערוויטענס, צוליעב א חטא, אדער ווייס איך
וואס, — אז ער האט נישט געוואלט עמיצען מקרב זיין, האט ער
גערעדט מיט איהם בלשון רבים.

דאס אייגענע איז געוועזען ביים געזעגנען.

— פאהרט — זאגט ער איהם — לחיים ולשלום.

שטעלט זיך שוין דער ליטוואק אפ און זאגט:

— רבי, פארוואס ווילט איהר מיך נישט מקרב זיין ווי אלע
אייערע חסידים? וואס איז? איך בין קיין איד נישט, קיין בן־
תורה נישט?

שווייגט דער רבי.

זאגט אבער דער ליטוואק, אז ער וועט זיך נישט ריהרען פון
ארט, ביז דער רבי וועט איהם נישט מקרב זיין גלייך מיט אלע
חסידים. א ליטוואק איז דאך איינגעשפארט...

האט דער רבי, זכרונו־לברכה, אפגעזיפצט און געזאגט
כהאי לשנא:

— איך האב אפילו אביסעל פאר דיר מורא, נאר, אז דו
ווילסט דוקא — פאהר לחיים ולשלום!

שוין בלשון אתה.

## 20.

וואס דאס זיפצען מיט'ן מורא האבען אביסעל האט באַ־
טייט, האט מען בשעת מעשה נישט געוואוסט. אונזערע לייט
האבען פארשטאנען, אז עס איז נישט פראסט, נאר איין שטאדט
(קיין איינציגער רבי האט קיין גוטע פריינד אין זיין אייגענער
שטאדט), אין שטאדט האט מען געלאכט!

ליצנים פעהלען נישט, האט מען געזאגט, באשר, דער רבי
האט מורא געהאט, טאמער האט דער זעלנער א ביקס אונטער'ן
מונדיר!

אנדערע, — אז ער האט, חס־ושלום, גלאט פחד געהאט פאר
א איד א בן תורה; טאמער מאכט ער א שמועס וועגען א תוספות.

און נאך אזוינע נארישקייטען!

ווייל וואס מעהר דעם רבי זכרונו לברכה'ס גאנג איז אריינ־

נעגאנגנען אין פשטות אריין, מעהר טעותים האָט מען אין איהם געהאַט!

די מעשה מיט רש"י און מיט'ן מהרש"א!

דעם מהרש"א'ס „ודו"ק" און „וד"ל" טרעפּט חדר־אינגלער און איבער רש"י'ס פּשט אמפּערען זיך די גרעסטע גאונים!

אויסגעוויזען אבער האָט זיך, אז עס איז געווען פון רבי'ן, זכרונו לברכה, זעהר א טיפער און זעהר א ווייטער בליק!

דערווייל אבער איז זיך דער ליטוואק אהיים־געפאָהרען און מיט דער צייט איז ער געוואָרען א גאַנצער בן־בית ביי נאָסקע'ן!

דער איינציגער אורח, וואָס די נאָסקיכע האָט אויף די אויגען געלאָזט! אפילו סעודת ראש־חודש פלעגט ער דאָרט עסען!

האָט מען טאַקע אנגעהויבען אין שטעדטעל צו מורמלען:

— ס'טייטש, א ליטוואק — א בחור (מען רעדט איהם שדוכים, וויל ער נישט הערען און געדענקען!) דרעהט זיך אַרום אין א שטוב! — איז אבער נאָסקע אין איהר אזוי פאַרנאַרט געווען, אז קיין שטויב האָט ער אויף איהר נישט געלאָזט פאַלען!

איך וויל מיין מויל צו בייזען נישט ברענגען; געזאָגט האָט מען: „מפני הרעה נאסף הצדיק" — איידער עס האָט געזאָלט חס־ושלום קומען צו עפּעס שלעכטס, האָט מען נאָסקע'ן צוגענומען! — נאָר גלאַט, ווי דערלאָזט מען אזוינס „משום מראית עין"? וואָס פאַר א פּנים האָט עס פאַר מענשען!

מען האָט שוין אפילו געוואָלט פאַר'מסר'ן צום רבי'ן, זכרונו לברכה, מען האָט שוין אפילו אנגעשריבען א בריף. א בחור — א ספרא רבה, האָט איהם געשריבען, נאָר איידער מען האָט איהם אוועקגעשיקט, מאַכט זיך א סבה, איז דערווייל נאָסקע אוועקגעפאַלען!

לאַנג געקרענקט, לא עליכם!

דערווייל האָט דער ליטוואק אויסגעדינט...

מיינט מען — מען וועט זיינער פּטור ווערען; ווייזט זיך אבער אויס, אז ער בלייבט שוין אין שטעדטעל; עס געפעלט איהם דאָ!

און באַווייזט זיך באַלד ביים רבי'ן, זכרונו לברכה, און שוין אין א אידישער קאַפּאָטע, אפילו אין א שטריימעל!

ווי ער האָט, דער ליטוואַק, אַזוי געשווינד פּאות באַקומען, ווייסט איין בורא עולם, נאָר מיט פּאות געקומען איז ער! דער־ווייל — איז נאָסקע נסתלק געוואָרען!

## 21.

איהר קאָנט אייך שטויסען, וואָס דעם רבי'נס, זכרונו לברכה'ס, זיפץ האָט באַטייט, פאַרוואָס ער, זכרונו לברכה, האָט מורא געהאַט, נאָר באַלד איז די גאַנצע זאַך קלאָר געוואָרען ווי דער טאָג:

נישט לאַנג, נאָך נאָסקע'ס פּטירה, קומט מען אונז זאָגען, אַז די אלמנה זיינע, די נאָסקיכע, שטעהט ביי דעם צוים און פאַר־לאַנגט דוקא, מען זאָל זי אריינלאָזען.

קיין נשים לאָזט מען נישט אריין; איז עס דאָך אבער די נאָסקיכע, איז זיך דער רבי, זכרונו לברכה, מישב און טוט לפנים משורת הדין, און געהט בכבודו ובעצמו ארויס אויפ'ן הויף, און שטעלט זיך פון דערווייטענס פון ד ע ר זייט צוים, און פרעגט זי, וואָס זי וויל.

זאָגט זי: זי וויל חתונה האָבען!

פרעגט ער: מיט וועמען?

רופט זי אָן דעם ליטוואַק!

זאָגט דער רבי: און ווי ועט זיין, אז איך וועל דיר געבען א בעסערען און א שענערען שדוך?

זאָגט זי, זי וויל נישט; זי קאָן נישט, זאָגט זי.

א אידענע! נאָר אָהן בושה האָט זי געזאָגט, אז איהר האַרץ וועט זיך נישט קיהלען, ביז זי וועט נישט נעמען דעם ליטוואַק! זי גלוסט צום ליטוואַק!

מילא, האָט דאָך שוין דער רבי, ז"ל, נישט געהאַט וואָס צו טון!

איז ער באַשטאַנען!

ער האָט נאָר געהייסען איהם שיקען!

## 22.

און — מוֹיל און אויערען אויפצושטעלען — דער ליטוואק איז א מקורב געווארען, און נאך ווי הייסט א מקורב!

אזוי ווי ער איז געקומען, זענען זיי אפגעזעסען ביחידות, אפ־געשלאסען חדר לפנים מחדר, א שעהנע פאר שעה; צוויי מאל לעקעך און בראנפען האט מען דערלאנגט!

וואס מען האט דארט אפגערעדט און מתקן געווען, ווייסט קיין שום בן־אדם נישט, ביז'ן היינטיגען טאג, נאר ביים געזעגע־נען זיך, האט זיך דער רבי, שטעהענדיג אויף דער שוועל, אנ־גערופען.

— זעה כאטש, נאסקע'ס טיש נישט פארשעמען.

געמיינט האט ער די שבת'דיגע אורחים; און דאס האט ער צוגעזאגט!

## 23.

שפעטער איז דאס קרבות'שאפט נאך גרעסער געווארען.

אז נאסקע'ס יורשים האבען נאך דער פטירה געוואלט מבטל זיין דעם אקט, וואס נאסקע האט געגעבען דעם צווייטען ווייב אויף דער נחלה, און איינגעפיהרט א פראצעס, האט איהם ע ר, זכרונו לברכה, צוגעזאגט, אז ער וועט געווינען.

ער האט נאר ביי איהם גענומען א תקיעת־כף, אז נאכ'ן גע־ווינען וועט ער תיכף ומיד מיט די יורשים א דין־תורה האבען!

דער פראצעס איז נאך נישט געענדיגט; ווער עס וועט גע־ווינען, ווייס איך נישט!

ווארים ערשטענס, מוז איך מודה ומתודה זיין, איך גלויב נישט אזוי שטארק אין א ליטוואקס תקיעת־כף, און צווייטענס, איז דערווייל דער רבי אליין נסתלק געווארען...

## 24.

און נסתלק איז ער געווארען דורך אזא סבה.

עס איז געקומען א בשורה־רעה, אז נאכ'ן מאנאפאל אויף

י״ש, ווייל נאָך דאָס מלכות אוועקגענומען טיטיז און טאַבאַק אויך — אַ פאַל אין די הייזער צו געהן!

האָט ער, זכרונו לברכה, זיך אָפּגעשטעלט; כלו כל הקצין, זאָגט ער, מען טאָר עס נישט פאַרלאָזן! אַזאַ זאַך, זאָגט ער, איז שוין כדאי זיך מוסר־נפש צו זיין!

געוואָלט האָט ער אַלע גוטע אידען זאָלען מסכים זיין, מאַכען יד־אחת און אנידערשטעלען זיך אויף ניין; ער האָט באַלד גע־הייסען שרייבען בריף צו אַלעמען, אליין גע'חתמ'עט, און מען האָט די בריף אוועקגעשיקט! — בעוונותינו־הרבים האָט אָבער קיי־נער פון זיי נישט געענטפערט...

איז דער גאַנצער עול געפאַלען געבער אויף איהם!

און עס איז געוועזן מסירת נפש!

25.

עיקר שכחתי:

איך וויל אייך נאָך זאָגען, וואָס „נאָסקע" איז טייטש.

אַ נאָמען געגעבען האָט מען איהם: נתן, איינגעלווייז האָט מען איהם גערופען בלשון חבה: נתן'קע, דערנאָך, מאהבת־הקצור: נת'קע. נאָר איינמאָל, האָט איהם דער רבי, זכרונו לברכה, גע־שיקט אַ בריוועל און אויפגעשריבען: להגביר, החסיד המפורסם מוהר"ר נאָסקע, — איז שוין אַזוי געבליבען. אפילו אויף דער מצבה שטעהט: נאָסקע!

# דעם רבי׳נס ציביק

אלע, נישט דוקא אלטע אידען, געדענקען נאך, ווי ביי שרה רבקה׳ן האט אמאל געפעהלט נישט דוקא קינדער, נאר אפילו ברויט, רחמנא לצלן! פשט־פשוט — ברויט!

חיים ברוך אליין, דער מאן איהרער, איז שטענדיג געוועזען א גרויסער חסיד; טאקע פון דער התחלה אן, זייט דער שווער זיינער (עליו השלום — אן עהרליכער איד געוועזען!) האט איהם אראנגעבראכט פון הינטער לובלין.

מען האט באלד געזעהן, אז עס איז א כלי, א ברכה פון זיין ליעבען נאמען; אז עס איז אזוינס, וואס, אויב עס ברענגט נישט משיח׳ן, צאפט עס, ווענינגסטענס, משקה פון דער וואנט!

ער האט שוין אזא צורה געהאט!

אין די טיפע, אונטערגעשלאגענע אויגען האט שטענדיג גע־ציטערט א מין באהאלטען שיינדעל, גלייך עמיץ דרעהט זיך דארט ארום מיט א ליכט אין דער פינסטערער שטוב!

א בלאס פנים, נאר ביי וואס־עס־איז, האט עס אויפגעבליהט ווי א רויז, אזא דין הייטעל האט ער געהאט.

ביי די שלייפען האט שטענדיג זיך עפעס געווארפען, גע־קלאפט.

און מיט א פשוט׳ען יוזעפאווער גארטעל האט זיך די בריאה צעהן מאל ארומגענומען, אפשר מעהר!

פארשטעהט זיך אליין, אז פון פשוט לערנען איז נים געווע־זען וואס צו רעדען. אזוינס געהט טיפער און טיפער: זוהר, עץ־חיים... וואס איהר ווילט נאר אליין!

מיט׳ן רבי׳ן, זאל לעבען, פלעגט ער אפזיצען שעה׳ן לאנג, און זיי האבען צווישען זיך אפילו קיין ווארט נישט גערעדט, נאר אלץ אויפ׳ן אויג, מיט׳ן וואונק! נו, רעדט מיט אזוינעם מכח פרנסה!

פארוואס האט'ן דער בית־המדרש גערופען „חיים ברוך שרה־רבקה'ס", אדער בקיצור: „שרה־רבקה'ס מאן"? פארוואס האט מען אנגעהאנגען אלע „שערי בינה" אן טאפ ארבעס מיט'ן בי־סעל הייווען, מיט וועלכע שרה רבקה האט געהאנדעלט? איז טאקע נישט צום פארשטעהן.

זי אליין, שרה רבקה, האט געהאט ווילד עגמת־נפש דערפון.

עס איז טאקע — האט זי געפיהלט — א כבוד, וואס ער הייסט אויף איהר נאמען, נאר — זי האט אבער אויך געוואוסט, אז אזויערנאך קומט זי אפ מיט'ן ביסעל נחת אויף ד ע ר וועלט!

זי פלעגט גאנץ אפט, כמעט א פאר מאל אין דער וואך, קומען אין בית המדרש אריין מיט'ן טאפ ארבעס.

„חיים ברוך!" — שרייען די ישיבה־בחורים, — „דיין שפייזערין געהט!"

חיים ברוך, זעהט אויס, האט נאך געפיהלט איהר גאנג אויף די טרעפ: ער האט שוין לאנג פארשטעקט די צורה אינ'ם זוהר; איבער'ן שטענדער ציטערט נאר דאס פעטע, פארפערערטע שפיצעל פון דער יארמולקע. נאר אפילו אויף דעם שפיצעל קוקט זי אויך נישט; זי קוקט בכלל נישט אין זיין זייט אריין, זי וויל נישט זעהן, ווי די שכינה רוהט איבער זיין לערנען, זאלען זיך איהרע אויגען נישט פאשען אויף דער וועלט. אליין — טראכט זי — דארט! דארט, אויף יענער וועלט! אין הארץ פיהלט זי דאך א ווארעמקייט, א נחת.

פון בית־המדרש געהט זי ארויס ווי אויפגעוואקסענער, גרע־סער, מיט א העלערען, פרייערען בליק! עס איז גארנישט צו דער־קענען, אז זי איז שוין א ווייבעל פון עטליכע און צוואנציג יאהר! — אהן א קנייטש אויפ'ן שטערן, מיט א גערויטעלט חנ'עווריג פנימ'ל, גלייך זי איז ערשט פון אונטער דער חופה ארויס!

און פון דעם טאקע, אז זי דערמאנט זיך — האט זי עגמת־נפש.

עס וועט איהר, — טרויערט זי אין הארץ, — גארנישט בלייבען אויף יענער וועלט. זי וועט ארויסקומען ווי אן אפגעפליקטע גאנז, אהן א זכות אויפ'ן לייב... און וואס טוט זי דען? זי דרעהט זיך ארום מיט'ן טאפ ארבעס אין גאס, צוטראגט, פון איין דא־

נערשטאג צום צווייטען הייזוען אין עטליכע הייזער! וואס האט ער פון איהר?

כל־זמן דער פאטער, עליו השלום, האט נאך געלעבט און דאס רעדעל האט זיך געדרעהט, איז געווען א דירה און צו עסען, און צו טרינקען, טאקע — כיד המלך. היינט? אויף אלע שונאי ציון געזאגט!

דער נדן איז ערגעץ פארפאלען געווארען, דאס הייזעל — פארקויפט!

אין דערפריה, פיש־גריץ — קארטאפעל מיט וואסער!

ביינאכט, א יאיכעל מיט א נעכטיגען בייגעל!

אט, דאס איז זיין עולם הזה!

שוין זיבען יאהר, האט זי איהם אפילו קיין קאפאטע נישט געמאכט...

פון פסח צו פסח — א היטעל, א פאר שטיוועל, נישט מעהר!

משבת לשבת גיט זי איהם ארויס א העמד; אומשטיינס גע־זאגט — א העמד! שפינוועבס!

זי טראגט שוין א בריל דורך די העמדער: צערע און צערע און גארנישט....

„רבונו של עולם“, — טראכט זי, — „אז מען וועט נעהמען אויף יענער וועלט, איין אות פון זיין תורה אויף א י י ן וואג־שאל, און אויף דער צווייטער וועט מען ארויפלעגען אלע מיינע יאיכלעך מיט פיש־גריצען, מיט מיינע אויגען צוזאמען... וואס וועט איבערוועגען?“

זי ווייסט אפילו, אז וואס עס איז פארקניפט אויף דער וועלט, איז פארבונדען אויף יענער אויך! אז נישט אזוי געשווינד, טיילט מען דארט אפ א מאן פון א ווייב! און ער וועט דען לאזען? אזא בריליאנט ווי ער איז? זי זעהט דען נישט, ווי ער וויל דוקא, זי זאל אויך טועם זיין ביים עסען... עס איז דאך נאריש, — ער וועט דאך נישט רעדען, נאר מיט די אויגען ווינקט ער; און מאכט זי זיך נישט וויסענדיג, ברומט ער, ווי אינמיטען שמונה־עשרה... ניין! לאזען וועט ער נישט — ער וועט נישט באשטעהן, ער זאל זיצען אויף דעם פאטער־שטול צווישען צדיקים און אבות, און זי זאל זיך ערגעץ ארומוואלגערען אין עולם התהו, אין וויסטע וועל־דער...

וואס העלפט עס אבער? ערשטענס, וועט איהר גלאט זיין א חרפה די אויגען אויפצוהויבען צווישען די אמהות: די בושה וועט זי פארברענען!

צווייטענס, האט זי קיין קינדער נישט... און — „יאהרען צי־הען, יאהרען פליהען"...

זיבען יאהר וואוינען זיי שוין, נאך דריי באשריגענע יאהר און — א גט!

זי וועט איהם דען רעדען דאס אנדערע ווארט?

אז אנדערע וועט זיין פוס־בענקעלע אין גן־עדן זיין, און זי וועט זיך, גאט ווייסט, מיט וואס עס איז פאר א שניידער פינסטערען ערגעץ אין גיהנום...

וואס? עס קומט איהר מעהר?

נישט איינמאל קומט איהר א שניידער אדער א שוסטער צו חלום און זי כאפט זיך אויף מיט א יללה.

ער וועקט זיך אויף דערשראקען.

ביינאכט, אין דער פינסטער, רעדט ער אמאל; ער פרעגט: וואס איז?

נאר זי ענטפערט: גאר נישט!

זי וויינט, בעט גאט, עס זאל איהר אריין א ברכה אין די אר־בעס אדער אין די הייוועז.

און ער איז טאקע געוועזען א בריליאנט!

א נארישע אידענע, טראכט ער, אין וואס איהר געהט דא! פונדעסטוועגען — קלערט ער — דארף מען עפעס צו טון דעריגען! אפשר וועט זי גיכער אמאל עפעס נעמען אין מויל אריין, פאר־גינען זיך!

ער האט געזוכט אין די ספרים און געזוכט. נאר אפט מאכט זיך, אז וואס מען זוכט, געפינט מען דוקא נישט! אזוינע זאכען קומען בהיסח הדעת, אומגעריכט!

טיילמאל — דאכט זיך איהם — אז ער איז שוין אויף א דרך. איז איהם, מעשה שטן, עפעס מבלבל, און ער מוז אנהויבען זוכען אויף דאס־ניי!

ער האט זיך מישב געוועזען, צו מאכען דערפון א שמועס מיט איהם, זאל לעבען!

עס איז אבער שווער נעגאנגען.

איינמאל האט דער רבי נישט געהערט, פארטראגנ געווען:
דאס צווייטע מאל האט ער געשאקעלט מיט׳ן קאפ, נישט אהין
און נישט אהער; דאס דריטע מאל האט ער געענטפערט: ·

— הם! אודאי וואלט א יושר געווען! דערווייל איז אבער
עמיץ אריינגעקומען און האט איבערגעהאקט.

נאך אמאל איז ער עקסטרא געפאהרען און געפרעגט: נו?

— נו! נו! — האט דער רבי געענטפערט, און גארנישט.

איינמאל .אבער זיצט חיים ברוך ביים רבי׳ן ערב שבת און
גיט א זיפץ.

— קיין שטייגער, — בייזערט זיך דער רבי, — מיינס א
חסיד זיפצט נישט. ווארים טאקע, וואס?

— די הייזוען! — ענטפערט חיים ברוך.

— מען האט שוין אין כל תפוצות ישראל חלות געבאקען.—
ענטפערט דער רבי. — פרייטאג נאך צוועלפען רעדט מען נישט
פון קיין הייזוען!

שבת־צונאכטס האט שוין חיים־ברוך ארויסגערעדט בפירוש:

— רבי, — מאכט ער, — אפשר וואלט איהר זיך מכנים
געווען אין דער זאך?

דער רבי ווערט ווייטער בייז:

— און דו — מאכט ער — ביסט חולה? פאר דיין תפלה
איז דער הימעל, חס ושלום, פארמאכט?

חיים ברוך האט בפירוש געהערט „חס ושלום“ און עס איז
איהם אראפ א שטיין פון הארץ. פונדעסטוועגען איז ווייטער אוועק
א פאר חדשים און גארנישט...

אויף ראש השנה איז ער ווייטער געקומען.

מוצאי יום־טוב גיט איהם דער רבי פלוצלונג א קלאפ אין די
פלייצעס בפני קהל ועדה און פרעגט:

— „חיים ברוך, וואס פעהלט דיר?“

ער ווערט פארשעמט, און ענטפערט: „גארנישט!“

— שקר! — מאכט דער רבי, — דיר פעהלט עפעס.

— וואס? — פרעגט חיים־ברוך פארציטערט, און אויף דער
צונג איז איהם שוין געלעגען: די „ברכה אין הייזוען און ארבעס“.

דער רבי לאזט איהם אבער נישט קומען צום ווארט און צעהלט איהם אפ ווערטער ווי פערעל:

— „דיר — חיים ברוך — פעהלט — א ליולקע־ציביק!“

דער עולם איז נבהל ונשתומם געווארען.

— דו רויכערסט, — מאכט דער רבי, — פון א פיפקעלע ווי א בעל־עגלה!

חיים ברוך'ן איז ארויס דאס פיפקעלע פון מויל, ער האט קוים ארויסגעשטאמעלט:

— איך וועל זאגען שרה־רבקה'ן.

— זאג, זאג, — מאכט דער רבי, — זאל זי דיר קויפען א גרויסע ליולקע־ציביק... נעם דיר מים מיין יום־טוב'דיגע פאר א מאס; כהויה זאל זי זיין.

און ער האט איהם איבערגעגעבען זיין ליולקע־ציביק.

און דאס איז געווען אינגאנצען!

נאך איידער ער איז אהיים געקומען, האט מען שוין אין שטעדטעל געוואוסט, אז חיים ברוך פיהרט דעם רבינ'ס יום־טוב'־דיגע ליולקע־ציביק...

— נאך וואס, נאך ווען? — האט מען געפרעגט אין אלע געסלעך, אין אלע הייזלעך.

— נאך וואס? — האבען געצאפעלט אלע אידישע נשמות.

— נאך וואס? און מען האט זיך אליין געענטפערט: מן הסתם אויף קינדער!

חיים ברוך, דאכט זיך, ליידט נאך אויף דעם, וואס אלע לומדים ליידען. מן הסתם וועט דער רויך פון רבי'נס יום־טוב'דיגער ליולקע אויף דעם אויך האבען א פעולה! אהא! נאך עפעס: שרה־רבקה ליידט אויף די אויגען! צו צוויי און צוואנציג יאהר טראגט זי א בריל; דער רבי האט עס אודאי' אין זין געהאט. א קליינינג־קייט — חיים ברוך'ס ווייב!

און גלאט: צו וואס העלפט ג י ש ט אזא ציביק? און נאך א יום־טוב'דיגער ציביק?!!

און נאך איידער חיים־ברוך איז אראפ פון דער פוהר, האבען איהם שוין הונדערט מענשען געבעטען, ער זאל בארגען דעם ציביק: אויף א חודש, א וואך, א טאג, א שעה, א מינוט, א רגע...

מען וויל איהם אפגילטען!

און ער האָט אַלע געענטפערט:
— איך ווייס? פרעגט שרה־רבקה׳ן...
אַ נבואה איז איהם אַרוים פון מויל...

---

שרה־רבקה האָט אַ וואויל געשעפט...
ח״י גדולים פאַר אַ ציה פון ליולקע־ציביק! ח״י גדולים, נישט אַ גראָשען ווייניגער!
און דער ציביק העלפט!
און מען צאָהלט, און שרה־רבקה האָט שוין איהרם אַ הייזעל, אַ שעהן געוועלבעל, אַסך הייוועז אין געוועלבעל, אַסך אַנדערע סחורות.
זי אַליין איז פולער געוואָרען, געזונטער, אויסגעגלייכט! זי האָט דעם מאַן שוין נייע וועש געמאַכט, די ברילען אָוועקגעלעגט...
פאַר עטליכע וואָכען איז מען געקומען נאָכ׳ן ציביק פון פּריץ וועגען! מען האָט אַנידערגעלעגט דריי זילבערנע רובל, ווי דעז!
— און קינדער? — ווילט איהר וויסען.
— אודאי! שוין דריי צי פיער... ער איז אויך אַ גאַנצער מענש געוואָרען...

---

און אין בית־המדרש איז אַ שטענדיגער פּלפּול.
טייל זאָגען, אַז שרה־רבקה ו ו י ל נישט און ו ו ע ס נישט אָפּגעבען דעם רבי׳ן דעם ציביק!
אַנדערע זאָגען, אַז זי האָט איהם שוין לאַנג אָפּגעגעבען! און דאָס איז אַן אַנדערער...
ער אַליין, חיים ברוך, שווייגט.
ולמאי נפקא מינה? אבי ער העלפט!

# אנטפלעקט.

## קאפיטעל 1.

### גענענדעל, למך אוןביילקע די זעלנערקע.

איז — א צייט מיט יאהרען צוריק, — געקומען צו אונז אין שטעדטעל אריין אַן אַלט פּאר־פאלק, א אידעל — למך און אַן אשה — גענענדעל.

געקומען, איין גאָט ווייסט, פון וואנען, און אָהן קינדער. גע־האט און אויסגעגעבען, צי, נישט פאר אייך געדאַכט, פארלוירען, און אפשר גארנישט געהאַט, א קשיא אויף א מעשה ? !

און געקומען זענען זיי פארנאַכט. האָבען זיי איבערגענעכ־טיגט אין אורחים־הויז, און געגאַנגען באלד צומארגענס אין דער־פריה זוכען א דירה אין לייטענעם געסעל, וואו די אָרעמע לייט וואוינען...

האָבען זיי געפונען א לעדיג קעכעל מיט א פינסטער אַלקערל — די שכנים פון דאָרט האָבען זיך גראד געלאָזט אויף דער וועלט אויף הכנסת כלה, — האָבען זיי זיך דאָרט באזעצט, אויס־געפּאַקט דאָס הילצערנע קעסטעל מיט צוויי קייבערלעך, אין וועל־כען עס זענען גאַנץ גרויס געלעגען זייערע אַלע זיבען זאַכען, בא־קומען שטרוי אין זעק אריין צום געלעגער און ארויסגעגאַנגען זוכען פּרנסה...

איז למך געגאַנגען זיך איינשרייבען אין דער חברה „תהלים־זאָגער" און באלד נושא־חן געווען ביי די גבאים אין די אויגען: א אידעל א שטילס, א קליינס; פייכטע אויגעלעך און כמעט א ווייבעריש קול'עכעל — עס וועט אָנכאַפּען ביים האַרץ...

און געגענדעל — א אידענע, ווי מען זאָגט ביי אונז, — א

„פּאַסטומענט" און מיט הענט און פיס און א קול פון א מאַנס־פערשוין, — האָט זיך, נאָך דרעמזעלבען טאָג, געמאַכט א פּלאַץ צווישען די פאַרקויפערינס אין מאַרק, און באַלד, מיט זיין ליעבען־נאָמענס הילף, עטליכע מציאות געקויפט...

שלענדערט זיך די גרויסע גענענדעל איבער'ן מאַרק, איבער די גאַסען... קומט שוין אין אַלע הייזער אריין; וואַרפט זיך אומעטום אין די אויגען אריין. און דער קול נעהט פון איין עק שטעדטעל צום צווייטען...

און למך, אויב ער האָט קיין פאַרדינסט נישט — זעהט איהם נישט קיינער, הערט איהם נישט קיינער... זיצט ער זיך ביי א גראַשענדיגען ליכטעל, אניט — ביי א קיהנדעל, ביי זיך אין אַלקערעל און זאָגט זיך תהלים פאַר זיך.

האָט ביילקע די זעלנערקע, — א פרעהליכע זאַך, אַן עגונה, וואָס וואוינט אין א ווינקעל אין דער גרויסער שטוב, וואַנט־און־וואַנט מיט'ן פּאַר־פּאַלק — איהם פאַר זיין שטילקייט גערופען: למך'ל, און זי, דעם פּאַסטומענט, פאַר איהר גרויסקייט: ג נ ע נ־ד ו י ל; איז אַזוי שוין געבליבען, האָט מען זיי שוין אַזוי גערופען אינ'ם גאַנצען שטעדטעל...

האָבען טירען און ווענט פון די הייזלעך אין ליימענעם געסעל שפּאַלטען און לעכער, און שכנים און שכנות — אויגען און אויערען. קוקט מען און מען הערט אונטער. מען וויל וויסען, ווי אַזוי אַזאַ פּאַסטומענט ג—נ—ע—נ—ד—ו—י—ל לעבט מיט אַזאַ שטיל און קליין למך'ל...

קוקט מען און מען גאַפט; הערט מען אונטער און מען שטוינט: אין דערהיים איז די אידענע גאָר קיין פּאַסטומענט נישט. נאָר א־פּשוט'ע שטילע גנענדעל. למך'ל זיצט אין אַלקערל ביי זיך. זי קומט זיך פאַרנאַכט שטיל אריין. לעגט שטיל אַן א פייער, שטעלט צו איהר טעפּעל קאַרטאָפּלעס, צי אַן אנדער מאכל; שטעהט, כל־זמן עס קאָכט זיך, שטיל ביים אויווען, שטריקט זיך איהר זאָק. וואַרפט נאָר פון מינוט צו מינוט א ליעבהאַרציג אויג צו דער טיר פון אַלקערל — עפּעס א ליעבהאַרציגע, שטילע טויב! דערנאָך, אַז עס ווערט פאַרטיג, צוּוואַרפט זי דאָס פייער, דעקט צום טיש, פאַרגרעסערט דאָס לעמפּעל, געהט שטיל צו צום טירעל פון אַלקערעל, פּויקט שטיל אַן מיט א פינגער, אריין געהט זי נישט, און

טרעט אפּ אַן א זייט, און לאָזט דורך למד'לען, וואָס קומט אַרויס מיט א שמייכעלע... און דאָס פאַר־פאַלק וואַשט זיך, און מאַכט המוציא, זי גיט אויף, און מען עסט, און מען בענשט אין דער שטיל...

דערנאָך הויבט ער זיך שטיל אויף און געהט ווייטער מיט א שמייכעלע צוריק אין אַלקערל אַריין; זי שטעלט זיך אויף, שטעהט א ווײַלע און קוקט איהם נאָך, ביז ער פאַרמאַכט הינטער זיך דאָס טירעל. און ציהט באַלד צוריק אַריין די קנויט פון לעמפּעל, און נעמט זיך צו וואַשען דאָס געפעס...

מאַכט בײַלקע די זעלנערקע דאָס נאָך, האַלט מען זיך ביי די זייטען...

## קאַפּיטעל 2.

**גנענדעל זעהט א גרויס ליכט און שטעלט לעדיגע טעפּ אין אויוועז אַריין.**

טרעפט זיך אַמאָל און גנענדעל דער פאַסטומענט האָט נישט מיט וואָס אויסצופיהרען דעם שבת, געהט זי אויך צו, קלאַפּט שטיל אַן אַן טירל פון אַלקערל; דערהערט למד'ל און קומט אַרויס. זאָגט זי איהם, כמעט זינדיג און פאַרשעמט, אַז עס פעהלט איהר דאָס און דאָס... טאָמער — טראַכט זי — פאַרוואַלגערט זיך עפּעס ביי איהם אין קעשענע.

זוכט ער און געפינט נישט, און זיפצט שטיל אָפּ, און זאָגט מיט א ליעב שמייכעלע, אַז גאָרנישט, גאָט איז א פאָטער, און געהט צוריק...

און גנענדעל, זעהט אויס, האַלט עס פאַר א סגולה ברוקה, אַז אַזוי ווי זי וועט אַרויס פאַר דער טיר, וועט זי שוין עפּעס פאַר־דינען, וועט איהר שוין זיין ליעבער נאָמען עפּעס צושיקען...

טוט זי אַזוי...

מאַכט דאָס ווייטער נאָך בײַלקע די זעלנערקע, קייכט מען. איז מען איהר אפילו מוחל אין דעם זכות דאָס דירה־געלט, וואָס זי איז שולדיג פאַר'ן ווינקעל, וואָס זי פאַרנעמט צווישען עולם אין דער גרויסער שטוב: געה, וואָרף אַרויס די פרעהליכע ענונה! א

פינסטערע מרה־שחורה וואלט געבליבען אין שטוב. און עס געהען אזוינע לאנגע ווינטער־נעכט...

ווייסט גנענדעל פון דעם אלעם, זי מאכט זיך יא, צי זי מאכט זיך נישט דערפון, שווייגען שווייגט זי...

האט זיך איינמאל געטראפען אזא מעשה:

גנענדלען האט ווייטער פארפעהלט אויסצופיהרען דעם שבת. איז זי, לויט איהר שטייגער, שטיל צוגעגאנגען צום טירל פון אל־קערל, — פויקט זי מיט'ן פינגער: איין מאל, צוויי מאל, דריי מאל — למד'ל קומט נישט ארויס.

ווערט זי אביסעל אומרוהיג, עפענט זי דאס טירל אויף א קליינע שפארע, זעהר זאכט און פאמעלעך עפענט זי, אז אשה, — דרך־ארץ פאר א מאן! און אפשר האט איהר דאס הארץ פון א אידענע געזאגט, אז דארט אינ'ם אלקערל איז עפעס נ י ש ט אזוי פשוט... עפענט זי זאכט און שטיל אויף א שפארע א שמאלע...

דערזעהט זי: אין אלקערל, וואס האט קיין פענסטערל נישט, ברענט נישט: נישט קיין קיהנדעל, נישט קיין ליכטעל, גאר־נישט; און ליכטיג איז — א גרויסע שיין, א גרויסע ליכטיגקייט... און אין דער גרויסער ליכטיגקייט זיצט למד, אין עפעס א ספר פארקוקט, און הערט זי נישט, און זעהט זי נישט...

האט זי א געשווינדען ישוב, נעמט זי און מאכט שטיל צוריק צו דאס טירל.

— איך וועל איהם נישט מבטל זיין, — טראכט זי, — וואס מיר פעהלט, ווייסט ער, מן־הסתם, אליין...

און — ליכט צום בענשען האט זי, חלה אויף המוציא איז דא, וועט זי אויפ'ן ערגסטען פאל יוצא זיין!

אבער כדי די שכנות זאלען נישט וויסען, וועט זי איינהייצען אין אויווען! —

און אז זי דערמאנט זיך, אז זי האט קיין חאלץ נישט, פאלט זי אויך ביי זיך נישט אפ. כאפט זי ארויס דאס שטרוי פון זאק, אויף וועלכען זי שלאפט, און הייצט איין — יאגט ארויס א פלאם, שמייכעלט זי:

— זאלען זיי זעהען דורך די שפאלטען!

און כאפט באלד טעפ און פילט אן מיט וואסער, און ראסעלט מיט די טעפ ביים קוימען, און פראסעלט, און שמייכעלט ווייטער:

— זאלען זיי הערען!

און נעמט די אנגעפילטע טעפּ, און שטעלט אין אויווען אריין און פארמאכט מיט'ן ברעטעל, און פארקלעפּט מיט ליים —

און געהט ארויס ברייט, מיט פארלעגטע הענט פאר דער טיר — שבת געמאכט!

## קאפּיטעל 3.

א נעבעל, — די שטוב דרעהט זיך און דער שבת־גוי קומט.

ווי אזוי פריטאג־צו־נאכטס איז צוגעגאנגען, —

וואס גנענדעל האט געגעבען למד'לען, איהר מאן, צו עסען.—

ווי אזוי זי האט זיך געשפּירט ביים טיש, פיהלענדיג, אז הינטער איהרע פּלייצעס זענען די לעכער און שפּאלטען פון פּרייסישען וועגטעל אין דער גרויסער שטוב, צו די שכנות אריין, פול געפּראפּט מיט אויערען און אויגען...

און ווי אזוי זי איז איבערגעשלאפען די נאכט אויפ'ן לערען זאק, אהן א צייכען פון שטרוי, —

דאס אלץ מאלט אייך אליין.

נאר חרטה אויפ'ן גאנצען עסק האט זי שוין געהאט... זי פארשטעהט שוין, אז זי האט די שכנות נישט אפּגענארט.

הינטער'ן וועגטעל שושקעט מען און מען סוד'עט זיך; און א פארשטיקט געלעכטער הערט זיך, און די זעלנערקע האלט עפּעס איין דעם עולם: „מארגען“, זאגט זי אליך־אין־איינעם; „מארגען! געדענקט נאר צו שיקען דעם שבת־גוי...“

און אנגעהויבען האט זיך עס טאקע מארגען, באלד נאך דער שול.

גנענדעל קומט אהיים פון שול, טרעפט זי ביילקע די זעלנערקע ביי זיך.

ווארט אויף איהר ביילקע די זעלנערקע אינמיטען קיך. דאס פנים'על צושמייכעלט, די אראפּגעלאזטע ברעמען האלטען קוים איין די פונקען, מיט וועלכע עס שפּריצען די לאכענדיגע אויגעלעך, און די הענטלעך האלט זי הינטער זיך; זי באהאלט עפּעס.

ניט עס, מן הסתם, גנענדלען א קלאפּ אין הארץ: עס הויבט זיך אן דאס אפּקומעניש.

פאַרגעסט זי פונדערסטוועגן נישט, וואס היינט איז, און זאגט:

— גוט שבת!

ענטפערט איהר די זעלנערקע זיס־חנופה׳דיג:

— גוט שבת, גנענדעלע, גוט יאָהר אייך... ווייסט איהר, וואס איך ווארט אויף אייך?

ציטערען ביי גנענדלען די ליפּען און ענטפערען קאן זי נישט; קיין ווארט קאן פון האלז נישט ארויס.

זאגט די זעלנערקע ווייטער:

— איהר ווייסט דאך אודאי, אז זינט מיין וועלוועל איז פאר־פאלען געווארען ביי די זעלנער, מאך איך פאר מיר קיין שבת נישט... כאפּ איך דא א ביסען, דארט א ביסעל זופּ...

— מיינט איהר, זיי פארגינען מיר, די שכנות?

—וויים איך דאך, סאר א גוט הארץ איהר האט, גנענדעלע, און געהערט האב איך, ווי איהר האט נעכטען געראַסעלט און געפּראַ־סעלט מיט די טעפּ, פארשטעה איך דאך, אז זיין ליעבער נאמען האט אייך א גוטען שבת באשערט, בין איך צו אייך זיך מיין לעפעל געקומען...

און כאפּט די ענטלעך מיט׳ן בלעכענעם לעפעל אפיר...

וויל שוין גנענדעל מודה זיין אויפ׳ן אמת, זאל זיין אן עק פון אפּקומעניש פאר׳ן אפּנארען, צוליעב א נארישער בושה; עפענט זיך אבער באותו הרגע אויף די טיר, הערט זיך איהר למד׳לם זי־סער, שטילער, „גוט שבת“, און נאך איהם א „גוט שבת“ פון אן אורח, וואס למד׳ל האט מיטגעבראכט... א איד מיט א ווייסער בארד, מיט עפּעס אזוינע אויגען...

ענטפערט גנענדעל:

— גוט שבת, גוט יאהר! — שוין נישט מיט איהר קול...

און אז למד׳ל זאגט צו איהר:

— זעהסט, גנענדעלע, דער איד האט א שלעכטען פרייטאַג־צו־נאכט געהאט... אריינגעפאלען צו א קמצן... האב איך איהם צו דיר געבראכט...

דרעהט זיך שוין ארום איהר די שטוב.

און דא עפענט זיך די טיר און א חברה שכנות שטופּט מיט גרוים געלעכטער אריין דעם שבת־גוי, ער זאל עפענען דעם אויוועז. — —

## קאפּיטעל 4.

למדל — למד — רב למד.

איז שוין איבערגעפולט געווארען די מאס.
גיט גנענדעל א געשריי פון הארץ ארוים:
— ניין! ניין!

און לויפט צו צום קוימען־אויוועז, און פארשטעלט איהם מיט זיך פאר'ן שבת־גוי — זי וועט נישט לאזען!

דאמאלט איז למד'ל עפּעס פּלוצלונג, ווי פארביטען געווארען. ער האט זיך אויסגעגלייכט, מיט אמאל אויסגעוואקסען און גרויס געווארען, און מיט זיין שטיל און זיס, אבער פעסט געווארען קול, זאגט ער:

— מען דארף, גנענדעל! מען דארף האבען בטחון אויף זיין ליעבען נאמען... אויב נישט אונז צוליעב, דעם אורח צוליעב, שבת־קודש צוליעב...

מאכט עפּעס דאס קול זיינס א וואונדערליכען רושם אויף אלע.

ווערען די ווייבער אינדרויסען פּלוצלונג שטיל. דערשרעקט זיך עפּעס די זעלנערקע און וויל ארוים פון שטוב.

רוקט זיך גנענדעל פון קוימען־אויוועז אפּ.

און למד שמייכעלט און פארהאלט די זעלנערקע:

— בלייב, אידענע! — זאגט ער — אז עס וועט זיין, וועט זיין פאר אלע.

זי בלייבט; גנענדעל פלאטערט...

און דער שבת־גוי עפענט, און פון אויוועז יאגט ארויס א פּארע, און עס צוטראגט זיך א ריח פון א טשאלענט, ווי ביים גרעסטען גביר, אויף אלע אידען געזאגט אזא טשאלענט...

און מען האט קדוש געמאכט, געוואשען זיך און געגעסען, און פיינע זמירות געזונגען, און געלאזט זיך וואויל געהן...

און, צווישן איין זמר און דעם צווייטן, האָט זיך למך מיט א שמייכעלע געווענדט צום אורח און אַזוי געזאָגט:

— זעהט איהר, ליעבער אורח, — זאָגט ער, ווייזענדיג אויף דער זעלנערקע — די אשה, וואָס זיצט אצינד אַזוי שטיל און ציכ־טיג ביים טיש, איז שטענדיג א לאַכענדיגע, א חוזק־מאַכערין א גרויסע, קרימט יעדען נאָך — — — —

בייט זיך ביי דער זעלנערקע, נעבעך, אויפ'ן פּנים די פאַרב. און למך שמייכעלט, און זאָגט ווייטער:

— מיינט איהר אפשר, חס ושלום, א פאַרשייטע איז זי? דוקא נישט. א אידישע טאָכטער, א צנועה. אלא וואָס, נעבעך אַן עגונה געוואָרען... איהר מאַן איז ביי די זעלנער פאַרפאַלען געוואָ־רען אין טיף רוסלאַנד, נעבעך... טוט זי עס צוליעב פּרנסה... איז זי דערמיט נושא־חן ביי לייט, קריגט זי א ביסען ברויט דערפאַר, לאָזט מען זי אריינשטעקען דעם לעפעל אין א פרעמדע שיסעל...

פרעגט דער איד, ווי ער הייסט, איהר מאַן?

זאָגט מען: וועלוועל, און מען גיט סימנים...

און דער אורח, ווייזט זיך אויס, קומט פון הינטער וויטעבסק, געזעהן אַזוינעם —

געהער שוין אָבער דאָס צו אַן אנדער מעשה'לע —

געננוג — למך'ל איז צוריק געוואָרען למך, רערנאָך — ר' למך, שפּעטער דער רבי ר' למך...

אנטפּלעקט געוואָרען!

# ר׳ נחמנ׳קעס מעשיות

## א.

## התגלות

### אדער

### די מעשה פון ציגענבאָק.

דערצעהלט האָט ר׳ נחמנ׳קע די מעשה א שבת־צו־נאַכטס, אינגאַנצען א פּאָר וואָכען נאָכ׳ן התגלות.

נתגלה איז ער געוואָרען, ווי דער סדר עולם איז, על פּי מקרה: עס קומט א איד צו א אידענע און כאַפּט אַן ביי א פּאָלע און שלעפּט אראָפּ פון די עולמות העליונים; אַן עצה דאַרף ער: וועגען פּרנסה, וועגען א שדוך פאַר א בוגרת, א רפואה פאַר א מקשה לילד צי אַזוי אויף א מחלה שלא תבא... און גאָר זאָג אָפּ א אידען! כאַפּט מען זיך ארוים מיט א וואָרט, ווערט עס מקוים. איין מאָל, דאָס צווייטע מאָל — שווימט עס ארוים, ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער, ציהט מען שוין פון אלע זייטען...

דאָס אייגענע איז געוועזען מיט ר׳ נחמנ׳קען... ער האָט דען געוואָלט עמיצען עפּעס אָפּזאָגען? — און מען איז געוואָר געוואָרען; דער שטילער נר־תמיד האָט זיך צופלאַקערט און לייכט שוין אין די גאַסען!

מילא, איין שטעדטעל ווערט שוין א שמחה, א גדולה. פון איין צד — צרות פעהלען נישט, א גוטער איד קומט צוניץ; פון צווייטען צד — וועט זיין פּרנסה, מען זעהט שוין, אַז מ׳ווען וועט קומען מארבע כנפות הארץ... און ווי שוואַמען נאָך א רעגען וואַקסען שוין קליינע מופתים׳לעך, היימישע נסים׳לעך — אַז א מענש קאָן קיינעם נישט אָפּזאָגען, און כל היוצא מפיו איז א דבר מלכות!

לאזט זיך שוין תיכף ומיד דער קלאנג ארוים אויף דער סביבה. אויף שבת מוז מען שוין אויסהאקען צוויי ווענט, דעקט מען שוין א טיש איבער דריי שטיבער: שטאָדטלייט, אורחים פון דערפער, פון ארומיגע שטעדטלעך... מען שטעלט שוין וויינען, פירות; אגב איז געווען יענעם יאָהר א גערעטעניש אויף פירות...

און די שמחה וואקסט מיט יעדען פנים חדשות. צו שלש־סעודות קנאקט שוין פון די פענסטער ארויס א „בני היכלא", אז די שטערענדלעך אין הימעל טאנצען אונטער פאר שמחה! נע־ליגט, זאגט מען. איז זיין ליעבער נאמען, מען מאכט א טענצעל ארום טיש... און ער, ר' נחמנ'קע, דער בעל שמחה אליין, אויבען אן און — גארנישט. צו הבדלה פאלט ער גאר אריין אין עצבות— ממש די הענט ציטערען איהם, ער וועט נאך ארויסלאזען דעם כוס מיט דער הבדלה פון האנט... נאך הבדלה פארזעצט ער זיך אין א ווינקעלע, זאגט אפ פאר זיך, וואס מען דארף צו זאגען, און פלוצ־לונג הויבט ער זיך אויף און געהט ארוים פון שטוב.

וויל דער עולם, פארשטעהט זיך, נאכגעהן; דרעהט ער זיך אום און ווינקט אויף ניין; בלייבט מען. לאזט מען זיך צו צום פענסטער, זעהט מען, ווי ער געהט איבער'ן מארק און לאזט זיך פון שטעדטעל ארוים, איינגעבויגען, וואקלדיג, ווי אן אמת'ער שרוי בצער.

פאלט אויף אלעמען א מרה־שחורה.

טייל זעצען זיך צוריק צום טיש, אנדערע געהען אויף און אפ, נאך אנדערע געהען אהיים... דער עולם, וואס איז געבליבען, וויל זיך נעמען זינגען די „אליהו'ס" — עס זינגט זיך נישט; מען שיקט נאך אביסעל משקה — עס טרינקט זיך נישט!

— וואס, ווען פעהלט אזא איד?

— מיט פרנסה — פאלט אריין א גראבער פליגעל — איז ער שוין פארזארגט! „ווארפט מען, מן־הסתם אויף איהם אן אויג, אז דער מוטערס מילך ווערט איהם אנטרינען. די שאלה בלייבט דאך אבער שאלה! —

— אז א איד קומט אין אזא מדרגה — זאגט מען — דארף ער זיין אנגענאכען מיט שמחה!

באותו מעמד איז געווען איינער ר' יהושע, א פארצעווער

מלמד, נאך מרואי פני המלך — פון בעל־שם׳ס לייט, א מזג טוב, ממש א מענש אהן א גאל, ווערט דער ר׳ יהושע בייז:

— עצבות — שטאמעלט ער, נעבעך א כבד פה געווען — וואס הייסט עצ־עצ־עצבות — אז א איד קומט צו אזא מדרגה און קאן אידען טובות טון — ברעכען, ווי זאגט מען עס, א נזר דין... הא? וואס?

— אודאי! — איז מסכים דער עולם. — וועניג האט ער שוין געהאלפען? — און מען הויבט אן דערצעהלען מעשיות. ווייזט זיך אויס, אז במשך פון דער קורצער צייט האט ער שוין אסך פועל יוצא געווען... מילא, די מעשיות וויל איך אייך נישט איבערדערצעהלען — א טפה מן הים קענגען דעם. וואס שפעטער איז געווען... נאר די מעשה פון דער ציג מוז איך אייך דערצעה־לען, ווייל דאס באווייזט, ווי גרויס ענו ווי ווייט לב־טוב ער איז געווען!

אין שטעדטעל איז געווען אן אלטע אידענע, אן אלמנה, א פשוט׳ע, עפעס א שניידערס אן אלמנה. האט זי, די אלמנה, געהאט א ציג. האט זי געלעבט פון דער ציג. די גאנצע ציג איז ווערט געווען א שמעק־טאבאק, נאר אן אלטע אידענע, — האט זי חיונה פון דער ציג. איז איהר שפעטער אבער שווער געווארען צו מעל־קען די ציג; א אידענע אויף דער עלטער, האבען איהר, לא עליכם, די הענט געציטערט, האט זי פארגאסען עטליכע טראפען מילך. אומשטיינס געזאגט, וויפיעל מילך די גאנצע ציג האט געהאט — כאפט זי און שלעפט זיך צו ר׳ נחמנ׳קען, באשר די ציג איז א שלעכטע ציג, האט קיין דרך־ארץ נישט פאר אן אלטער אידענע, און לאזט זיך נישט רוהיג מעלקען... הערט ער זי אויס און שמייכעלט; זאגט ער איהר: געה אהיים, אידענע, וועסט געהאלפען ווערען... און זי איז געהאלפען געווארען... דאס הייסט, די הענט האבען איהר נישט אויפגעהערט צו ציטערען, א זקנה מופלגת גע־ווען, אן אכטציגערן אודאי, אפשר מיט א שמיץ — נאר די ציג איז נאר אן אנדער ציג געווארען, האט אנגעהויבען אליין צו קומען זיך מעלקען צו דער צייט, און פלעגט זיך אליין אנידערשטעלען, אויפהויבען א פיסעל און שטעהן אזוי ביז׳ן לעצטען טראפען מילך!

נאך דער מעשה פון דער ציג וויל נאך עמיצער עפעס דער־

צעהלען, דאכט זיך, א מעשה מיט צער גדול בנים, ער הויבט אן. הערט זיך אבער א קול פון יענער זייט פענסטער:

— נאך אמאל גוט־וואך, אידען!

דעם רבי'נס קול.

גיט זיך דער עולם א לאז צום פענסטער. שטעהט ער, ר' נחמנ'קע, מיט דעם עלענבויגען אנגעשפארט אויף דער לייסט פון פענסטער, דער קאפ אויף די הענט, די אויגען לייכטען איהם משונה־גוט, נאר אליץ נישט פרעהליך. —

— איך וועל אייך דערצעהלען, — זאגט ער, — א מעשה... עס זאל אייך נישט וואונדערען...

וויל מען איהם ארויסדערלאנגען א בענקעל, לאזט ער נישט; ער וויל שטעהן. לויפט ארויס א האלבער עולם און שטעלט זיך הינטער איהם. שטעהט ער אזוי ביים פענסטער, און אויבען איז דער הויך שטעלט זיך איהם די לבנה, ווי א קרוין איבער'ן קאפ... און אזוי שטעהענדיג, האט ער דערצעהלט די מעשה פון ציגענ־באק וועגען עניין פון התגלות...

---

— אמאל, — האט ער אנגעהויבען, און דאס קול איז געווען אנגעזאפט פון עצבות — איז געווען א ציגענבאק.

אין פלוג, א ציגענבאק ווי אלע ציגענבעק, אפשר נישט... עס האט'ן קיינער נישט געמאסטען... עס האט'ן קיינער נישט גע־קענט.

ווארים ליעב האט ער געהאט התבודדות; ער האט זיך קיינ־מאל אין רשות הרבים נישט געוויזען... געווען א בכור און אפשר נישט קיין בכור..

געווען איז הינטער דער שטאדט אן אלטע חורבה... פון דור־דורות א מפולת. געזאגט האט מען, און עס איז, אפנים, אמת גע־ווען: א חורבה פון א מקום־קדוש, א שול צי א בית־המדרש... אמאל האט מען דא געדאווענט, תורה געלערענט, און אפשר, ווען דאס מקום קדוש איז חרוב געווארען, איז עמיץ דא אומגעקומען אויף קדוש השם.. אלטע מעשיות... היינט וואקסט אויף דער חורבה

גראָז... משונה גראָז... גאָטס גראָז, קיינער זייהט עס נישט, קיינער שניידט עס נישט...

אַט אין דער חורבה האָט דער ציגענבאָק געוואוינט, דאָס גראָז האָט ער געגעסען...

און אויף אזוינע חורבות, ווי געזאָגט, וואקסט משונה גראָז— א סגולה אויף הערנער... פון אזא גראָז וואקסען זיי געשווינד און הויך, הויך... און נאָך א סגולה האָט דאָס גראָז: די הערנער, וואָס וואקסען דערפון, זענען לעבעדיגע הערנער: זיי לאָזען זיך איינ־דרעהען און באהאַלטען זיך און אויסגלייכען און נתגלה ווערען...

וואָרים, אַז זיי זענען איינגעדרעהט, איז גאָרנישט! ליגען זיי שטיל, ווייסט קיינער נישט עד היכן הדברים מגיעים... גלייכען זיי זיך אָבער אויס, קאָן זיין עד לב השמים!

און דער ציגענבאָק איז נאָך א גרויסער נזיר געווען. אַן אָפּ־געהיטענער נזיר: ער האָט קיין אנדער גראָז אין מויל אריין נישט גענומען, קיין צופּ נישט געטאָן... נאָר חורבה־גראָז... אויך נישט פון דער גאַנצער חורבה... ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף גראָז, און אויסגעקליבען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. הן אין געשמאַק, הן אין ריח... און ער איז א גרויסער, א גרויסער מבין געווען אויף גראָז: דאָס, האָט ער געפיהלט, וואקסט אויפ׳ן אָרט פון תורה לשמה... יענעם — פון תפלה בכונה, און דאָס איז גאָר פון בלוט, פון אידיש בלוט, וואָס איז פאַרגאָסען געוואָרען על קדוש השם... און דאָס האָט ער דער עיקר געזוכט...

זענען טאַקע די הערנער געוואַקסען און געוואַקסען...

און די הערנער האָט ער געהאַלטען פאַרדרעהט, א נזיר געווען און א נסתר... נאָר אינמיטען דער נאַכט, ווען דאָס שטעדטעל שלאָפט, און פרומע אידען זענען אין שולען און בתי־מדרשים און זאָגען חצות, און דורך די פענסטער פון שולען און בתי־מדרשים רייסט זיך אַרויס דאָס האַרץ־וועהטאָג פון „על נהרות בבל“ און צוגיסט זיך צווישען הימעל און ערד, דאַמאָלט כאַפּט אַן דעם ציגענבאָק א הייס־בייסענדיג בענקעניש, שטעלט ער זיך אויף די הינטערשטע פיס, גלייכט ער אויס די הערנער, ציהט זיך אַרויף, אַרויף, און אויב עס איז נאָך א יונגע, ערשט געבענשטע און גע־היילינגטע לבנה, פאַרוואַרפט ער די שפּיצען איבער איהר אונטערש־טען עק, פאַרהאַלט זי און פרעגט:

— וואס הערט זיך דארט, הייליגע לבנה? נאך נישט צייט, משיח זאל קומען?

און די לבנה חזר'ט איבער די שאלה פאר די שטערען און די שטערען ווערען ווי פארציטערט, און פארהאלטען זי אין איהר וועג. און עס ווערט שטיל. שטיל בלייבט די נאכט, איהר זמר האקט זיך אפ... וואונדערט מען זיך אויבען, ביים כסא הכבוד, וואס מען הערט נישט די שירה פון דער נאכט, שיקט מען אראפ געוואר ווערען, וואס עס קאן זיין, ברענגט דער שליח די תשובה, אז לבנה און שטערען פארהאלטען זיך און פרעגען, צי עס איז נאך נישט צייט אויסגעלעזט צו ווערען...

זיפצט מען, ביים כסא הכבוד...

און אזוינס קאן א פעולה האבען...

---

און דא האט זיך ר' נחמנ'קעס קול אפגעריסען...

ער פארשטעלט זיך דאס פנים מיט די הענט, און דער קאפ מיט די הענט, זעהט מען בחוש, ווי זיי ציטערען, און די לבנה איז דער הויך, וואס האט זיך געשטעלט ווי א קרוין איבער זיין קאפ, דאכט זיך, ציטערט אויך... און ערשט נאך א ווײַלע האט ער אויפגעהויבען דעם קאפ, עס האט זיך באוויזען נאך א בלאסער פנים, און מיט א וואונדערליך פארציטערט קול האט ער ווייטער דערצעהלט:

— און דאס, — זאגט ער — וואס ער, האט זיך דא געהאלטען, איז שוין אויך געווען א גרויס חסד פון איהם...

אן אנדערער, האסט אזוינע הערנער, פארטשעפעסט די לבנה, שפרינג אונטער, מאך א קאזשאלעק ארויף... אין הימעל אריין, לעבענדיגערהייט אין גן־עדן אריין... וואס גנעהט דיך אן?

איז ער א בעל־רחמים; איז איהם די קהלה א שאד; וויל ער זי נישט פארלאזען... פון צייט צו צייט — הונגער־יאהרען, די קהלה הויבט אן אפצופאלען, ווייבער פארקויפען פון זיך אראפ דאס צירונג, מענער — די עטרות פון קיטלען און טליתים... חנוכה־לעמפלעך, שבת־לייכטער, בגדי שבת ויום־טוב — וואנדערען פון שטעדטעל ארויס... און עס ווערט ערגער... מען נעמט תינוקות של

בית רבן פון חדר ארויס; נישטא קיין רבי־געלט צו צאהלען... מען הויבט אן פאכען מיט די נשמות — עס קומען תחלואים רעים פאר. הונגער. און דאמאלט  מ ו ז  ער העלפען!

פאראן אין הימעל א „מילך־וועג“, אזוי רופען די שטערענ־זעהערס די ווייסליכע פלעקען. וואס זענען צוּאוואַרפען אויפ׳ן הי־מעל. עס איז אבער קיין וועג נישט... קיינער געהט נישט, קיינער פאהרט נישט דארט...

פעלדער זענען עס. גרויסע, גרויסע פעלדער, פארזייהטע מיט טייערע שטיינער, מיט אבנים טובות ומרגליות. אין לשער ואין לספר — אבנים טובות ומרגליות אויף קרוינען פאר צדיקים אין גן־עדן אריין... קיינער רעכענט נישט, קיינער צעהלט זיי נישט— כחול הים! זיי וואקסען און וואקסען, די אבנים טובות ומרגליות. זיי ווערען וואס אמאל מעהר, צדיקים — וואס אמאל ווייניגער— זאלען זיי זיך וואקסען! פארשפרייטען זיך די פעלדער.

און אז דאָ איז כלו כל הקצין, און דער גזר־דין לאזט זיך. חס ושלום, נישט ברעכען... געהט ער, דער באהאלטענער בעל־הבית פון די לעבעדיגע הערנער, אין א שטילער מוטער־נאכט, ווען דאס שטעדטעל שלאפט און פון שולען און בתי־מדרשים שווימט ארויס א שטיל געוויין אויף גלות ישראל און גלות השכינה, — און שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, און גלייכט אויס די הערנער און פארוואַרפט די שפיצען צום מילך־וועג ארויף, און פארטשע־פעט און רייסט אויס אן אבן־טוב, און ווארפט עס אינמיטען מארק אריין, צושפריצט זיך אזא אבן טוב אויף טויזענטער שטיקלעך. גע־הען אידעלעך אהיים פון חצות, פינקעלט דער מארק פון אבנים טובות, געפינען זיי כשר׳ע מציאות, איז דא פרנסה אויף א צייט...

דעריבער קאן ער נישט או ..ף.

---

און ווייטער רייסט זיך אפ זיין קול און נאך א ווײלע הויבט ער ווייטער אן:

— „און דאס רחמנות האט׳ן איבערגעפיהרט“...

דורכ'ן גוטסקייט איז ער נתגלה געווארען; נישט ער — די הערנער...

און דורך א קליינינקייט. דורך טאבאק־שמעקען...

און וואונדערליך האט אנגעהויבען קלינגען דאס קול ביים סוף פון דער מעשה, און מען ווייסט נישט, צי לאכט עס, צי וויינט עס?

— איבער טאבאק שמעקען, — זאגט ער, — עס איז א מנהג געווארען צו שמעקען טאבאק... עס ווערט, זאגט מען, ליכטיג אין די אויגען. נו, אז מען שמעקט טאבאק, דארף מען פושקעלער. שקעטעלער... זוכט זיך א איד א שטיקעל הארן, געפינט ער אין מיסט, הויבט ער אויף און מאכט זיך א שקעטעלע... געהט אן אנ־דערער און טרעפט א ציג צי א בהמה און בעט א שטיק הארן. קריגט ער א זעץ אין א זייט... מאכט זיך אבער, אז א איד טרעפט אויפ'ן ציגענבאק, גראד פארבייגעגאנגען דער חורבה, בעט ער:

— בכור, צי נישט בכור, האסט אזיפיעל הארן, שענק מיר דערפון א שטיקעל אויף א פושקעלע!... קאן ער נישט אפזאגען — שניידט דער איד אפ א שטיקעל... קומט ער אין בית־המדרש אריין און איז מכבד מיט א שמעק־טאבאק, פרעגט מען איהם, וואו ער האט באקומען אזא פיינעם הארן, זאגט ער... געהט שוין קינד און קייט בעטען... ווער עס שמעקט טאבאק... קאן ער נישט אפזאגען... בויגט ער פאר יעדען איין דעם קאפ, שניידט מען הארן אויף פוש־קעלער... ווער עס קומט, בויגט ער איין דעם קאפ: שנייד... און דער הארן קריגט א שם, פון דער סביבה קומט מען נאך הארן... מען וועט קומען פון כל תפוצות ישראל... עס וועט זיין פושקעלער און שקעטעלער... נאר אנכאפען זיך אן דער לבנה און פרעגען אויף משיח'ן וועט באלד נישט זיין מיט וואס... אפילו קיין אבן־טוב וועט נישט זיין מיט וואס אראפצוואווארפען...

און ער האט אפגעהאקט, איבערגעדרעהט זיך פון עולם און איז אוועקגעגאנגען...

באותו הרגע האט א וואלקען פארשטעלט די לבנה, און א טרויער און כמעט אן אימה איז אויפ'ן עולם געפאלען...

כידוע, האט זיך עס פונדעסטוועגען אויסגעלאזט צום גוטען.

## ב.

# דאָס בלאָנדזשען אין מדבר

## 1.

**נאָך וואָס און ווען ר׳ נחמנ׳קע פלעגט דערציילען מעשיות.**

די מעשיות פלעגט ר׳ נחמנ׳קע דערציילען מוצאי שבת נאָך הבדלה.

און וויסען דאַרף מען, אז תכלית המעשיות איז געווען, ערש־טענס מגלה צו זיין סתרי תורה, וואָס מען קאָן נישט מסביר זיין, נאָר בדרך משל, און צווייטענס — צו פאַרטרייבען די מרה־שחורה, דאָס עצבות און בענקעניש צו דער נשמה־יתרה, וואָס טוט זיך אָפּ אויף אַ גאַנצע וואָך.

די בשמים, פלעגט ער זאָגען, גיבען זייער ריח פאַר׳ן גוף, די מעשה׳לעך — פאַר די נשמה, פאַר די פאַר׳יתום׳טע, וואַכענדיגע נשמה.

וואָרים דאָס בענקעניש צו דער נשמה יתרה איז געווען ביי אונז אין לשער. ער פלעגט זאָגען: ווען אַ איד האָט די נשמה־יתרה אַ גאַנצע וואָך, וואָלט ער אַ גאַנצע וואָך געהאַט בטחון, און ממילא — פרנסה.

און דאָס קול, מיט וועלכען ער פלעגט די מעשה׳לעך דער־צעהלען, איז נשתנה געוואָרען לויט דעם ענין, לויט דעם תוך פון מעשה׳לעך. עס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַן עצבות פון אַן „אל מלא רחמים“, איז עס האָט נעקאָנט קומען צו דער שמחה פון אַ „היום־תאמצנו“, אָדער גאָר דערגרייכען צו דער מדרגה פון דער הייליגער גבורה פון אַ „יגדל“... נאָר די מעשה פון זיין בלאָנדזשען אין מדבר האָט ער אָנגעהויבען מיט עצבות און געענדיגט מיט עצבות...

ווארים עס איז אן אויסטערלישער מוצאי שבת געווען; אויס־טערליש ווי דער שבת אליין.

א גאנצען שבת האט מען זיך, כמעט אומזיסט, געבארעט מיט דער מרה־שחורה... ערשטענס, איז א קליינער קבוץ געווען, הן בכמות, הן באיכות — עס איז שוין געווען די התחלה פון מחלוקת צווישען ר' נחמנ'קען און אנדערע צדיקי הדור, האט זיך דער עולם אביסעל דערשראקען און זיך געהאלטען פון ווייטען; עס האט אויס־געזעהן, רחמנא לצלן, ווי א חורבן. „מיינע חיילות — האט ר' נחמנ'קע געזאגט — קאנען נאך קיין פולווער נישט שמעקען." און צווייטענס, איז דער טאג אליין אנגעזאפט געווען מיט אומעט.

אין דערפריה — מקוה־צייט — האט זיך געדאכט, — קיין מעשה נישט: א זון, אביסעל קאלטליך, נאר א זון. עס האבען זיך באוויזען עטליכע כמארעס, האט זיך געמאכט א ווינטעל און האט זיי צוריסען אויף שטיקער און צויטען, און אפגעטריבען פון דער זון. „זה ינחמנו" — האט ר' נחמנ'קע געזאגט, ווייזענדיג אויף די זון, עס האט זיך אבער נישט אויסגעפיהרט: די שטיקער און צויי־טען האבען זיך צוריק מצטרף געווען, און צו שחרית איז שוין דער הימעל געווען איבערגעצויגען מיט א פרוכת, ווי אויף שבת־חזון. דער ווינט האט נישט אויסגעפיהרט; האט ער אנגעהויבען זאגען קינות. מיר זיצען ביים טיש און זינגען זמירות, דער ווינט אינ־דרויסען זאגט קינות, און די שויבען און די פענסטער האלטען אונטער, און מיט אזא מין עצבות, אז עס האט אונז אראפגעפיהרט אויף סאמע ימים־נוראים'דיגע נגונים...

צו שלש־סעודות האט זיך — איך גערענק עס ווי היינט — דער ווינט געלעגט, און עס האט אנגעהויבען א גוס־רעגען, ווי אויף א מבול, חס ושלום! און עס האט שוין אזוי גערעגענט און גערעגענט, אז „אין יוצא ואין בא", און קאפ אויף קאפ זענען מיר געשטאנען ביים רבי'ן אין שטוב...

באלד נאך דער הבדלה האט ר' נחמנ'קע פאררויכערט די ליולקע. כידוע, איז דאס רויכערען ביי ר' נחמנ'קען שטענדיג גע־ווען א מין עבודות. ער פלעגט קיינמאל נישט רויכערען, נישט לשם תענוג, נישט לשם רפואה, נאר עפעס פועל־יוצא צו זיין. דאס ווייס איך מפיו הקדוש. נאר דאמאלט האט מען געזעהן בחוש, אז מיט'ן רויכערען האלט ער ממש מלחמה, אז ער ראנגעלט זיך; די

ריגגען זענען ארויס מפיו הקדוש, טאקע „כחצים מיד גבור"... שטע־הען שטעהט „ביד", נאר עס איז אלץ איינס...

ווי געזאגט — „אין יוצא ואין בא". דער עולם שטעהט ארום און ארום און ר' נחמנ'קע זיצט אין דער מיט, אין סאמעראדנע מיט, אויפ'ן רויט־סאמעטענעם פאטער־שטול — א מתנה פון א דאנציגער סוחר — און פיפקעט. און וואס מעהר ער האט געפיפ־קעט, קלענער איז געווארען די מרה־שחורה, און עיניו הקדושות האט אנגעהויבען פון זיי ארויסצושיינען און ארויסצובליצען דער שטארקער רצון און די אמת'ע גבורה פון א אמת'ן צדיק־הדור. וואס הייסט, אז סוף כל סוף, אויספיהרען מוז ע ר! אז ער איז פ א ר ט דער רעדעל־פיהרער, דאס אויבערשטע פון שטויסעל— דער מנהיג הדור, וואס האט נאר קיין חשק נישט, ארויסצולאזען די לייצען פון האנט...

און אז דער עולם ארום האט דאס דערזעהן, האט ער געמאכט יד־אחת, און עס איז געווארען א געפיפקעריי! — טאקע אין לשער! און דער עתר ענן הקטורת האט זיך געהויבען, און געהויבען, און ר' נחמנ'קעס אויגען האבען אנגעהויבען לייכטען ווי די שטערען... און די ליכט אין די לייכטער און „שאבאשניקעס" זענען גרין און געל געווארען פאר בושה, און אין רויך איז פארשוואונדען. געלם געווארען די סטעליע, און דער עולם האט דערפיהלט, אז מען האט איבער זיך אן אפענעם הימעל... און מען האט ממש געהערט דאס רוישען פון די פליגעל איבער די קעפ, און מען האט געוואוסט, אז דאס רוישען די פליגעל פון די מלאכים, וואס זענען געקומען צו־שוועבען ממלא צו זיין דעם חסרון פון קבוץ, און אז זיי ווארטען עס און בענקען גלייך מיט אונז צום רבי'נס מעשה'לעך.

## 2.

## וועגען בלאנדזשען.

איינמאל, — האט ער אנגעהויבען שטיל — האב איך גע־בלאנדזשעט.

און צוגעגעבען האט ער, אז עס איז ביי איהם געווען נישט דאס ערשטע, נישט דאס לעצטע מאל.

און גרעסערע פון מיר — זאגט ער — האבן געבלאנדזשעט. אין לשער זיין עניוות!...

און עס איז קיין חדוש נישט.

מי לנו גדול ממשה?

נעמט משה רבינו און שלאגט א שטיין...

צי ווייסט נישט משה רבינו, אז א שטיין לעבט, אז עס איז א צער־בעלי־חיים?

צי ווייסט ער נישט דעם סוד פון: „אבן מקיר תזעק" — א שטיין פון דער וואנט וועט שרייען? אז כמה וכמה פעמים געהט גאר א מענש און פארגעסט און ערשט א שטיין, א גל־עד, אדער גאר א פשוט'ע מצבה דערמאנט איהם?

ער האט געבלאנדזשעט! די שכינה איז נסתלק געווארען אויף א רגע, האט ער געבלאנדזשעט!

און ווער בלאנדזשעט נ י ש ט?

א פ ש ר א מתנגד!

דאס הייסט: ער בלאנדזשעט אויך, נאר נישט מיט זיין אייגענער כונה, און — נישט אויף זיין אייגענעם חשבון!

ער בלאנדזשעט לויט כונה פון א ספר, אויפ'ן חשבון פון א פוסק! ער אליין — נישט! ער געהט נאר אויפ'ן אויסגעטראטענעם וועג, פון קדמונים'ס פיס אויסגעטראטען! און כאפט זיך דער וועג אראפ אז א זייט, איז — „אבותינו חטאו" — די, וואס האבען אויסגעטראטען דעם וועג! איהם אליין וואלט עס גארנישט איינגעפאלען!

אבער אזוי — בלאנדזשעט מען!

עס געהט ארום א מענש אין גאס מיט א צדקה־פושקע איז דער האנט, אויף מעות חטין, למשל. פורים און חנוכה זיצט א נגיד'ישער מענש ביים בייטעל מיט געלט און טיילט: פאר פורים־שפילער, פאר כלי־זמר, פאר אלמנות ויתומים און אזוי ארעמע לייט... עס שטעהט נאר א שליח־צבור ביים עמוד און רייסט אייז וועלטען! עס פארטיפט זיך גאר א בר־נש אין קבלה־מעשיות און איז ממש מחיה מתים... און באמת איז עס גארנישט דער מענש אליין, נאר א שאטען פון א מענש, און ער אליין, דער מענש, בלאנדזשעט, רחמנא יצילנו, ארום אין א מדבר... אויף א וויסט ארט.

אהן וועג און שטעג, אהן וואסער, און טיילמאל, אהן א הימעל אי־בער׳ן קאפּ!

א מענש איז זיך גאר משמח: ער זאגט חדושי־תורה און האט הנאה! ער האלט גאר א שטורקאץ, א ברענענדיגען שטורקאץ, צי אז הבדלה אין דער האנט — ער פיהרט צו דער חופּה זיין אייגענע, אדער פרעמדע, ארעמע קינדער... צי ער שטעהט גאר מיט א גדלות פאר׳ן עולם, און זאגט „אתה הראית“! ער איז זיך גאר מוסר נפש און קומט אום על קדוש השם... און דאס אלץ, רחמנא לצלן, טוט דער גוף, און די נשמה וואנדערט באותה שעה ארום הינטער די הרי־חושך... א צושראקענע, א פארמאטערטע, א פארשווארצטע און א פארציטערטע פאר קעלט...

## 3.

### דער ענין פון בלאנדזשען אין מדבר.

— הכלל, — האט ער אפגעזיפצט — איך האב פארבלאנ־דזשעט.

און ווען?

ביי שחרית, ביי דער „ד׳“ פון אחד...

איך בין טיף אריין אין דער „ד׳“ מיט א כונה פון דער רעכ־טער זייט, און ארויס בין איך אין דער לינקער זייט — גלייך אין מדבר אריין.

און ווייסט איהר וואס „בלאנדזשען אין א מדבר“ באטייט?

עס בלאנדזשען ארום אין א מדבר כפלים כיוצאי מצרים, און איינער זעהט דעם צווייטען נישט, און איינער הערט דעם צווייטען נישט, ווייל יעדערער בלאנדזשעט זיין אייגענעם וועג... מען בלאנ־דזשעט שטענדיג ביחידות, פארלאזט און פארגעסען פון דער וועלט.

און טרעפט זיך, אז צוויי וועגען זענען זיך נישט ווייט. און מען הערט אויף איין וועג א קרעכץ פון שברות הלב אויפ׳ן צווייטען, אדער עס לעגט זיך פון איין וועג אויפ׳ן צווייטען א שאטען

פון א צוברעכענעם מענש... מיינט מען: א חיה רעה האט גע־שריען, א שאטען פון א חיה־רעה האט זיך געלעגט איבער'ן וועג. און מען אנטלויפט!

און האט מען שוין א הימעל איבער'ן קאפ, איז עס א קאלטער הימעל. קוקט ער אויף דיר מיט קאלטע אויגען פון כוכבים ומזלות: „מיין דאגה" הייסט עס... א גרויסע זאך, עס בלאנדזשעט א מענש! און עס איז נאך א מין „לועג לרש". די כוכבים ומזלות זאגען: מיר בלאנדזשען נישט! מיר געהען אונזער וועג... מיר זוכען קיין כונות נישט! מען הייסט אונז געהן, געהען מיר; מען הייסט אונז לייכטען, לייכטען מיר — אמת'ע מתנגדים!

און ביחידות פיהלט מען זיך אזוי פאר'יתומ'ט, אזוי פאר־לאזט, אזוי דערשלאגען, אז עס ווילט זיך גארנישט אויפהויבען דעם קאפ צום הימעל!... מען קוקט אראפ אויף די פיס; אויפ'ן זאמד, וואס קייקעלט זיך אונטער די פיס, אויפ'ן בית־עלמין פון פוילע געוויקסען און בלעטער — נשרפים פאר דער צייט...

און איך וואלט אפשר פארבלאנדזשעט ביז'ן שאול־תחתית אריין, ווען נישט דער ספק. עס איז מיר פלוצלונג איינגעפאלען: טאמער? טאמער איז ביחידות קיין וועג נישט, קיין גאנג נישט... אפשר איז נאר די וועלט קיין מדבר נישט, דאס לעבען קיין זאמד נישט?

און דאס איז טאקע דער חלוק פון אונזער איינעם ביז א מתנגד.

א מתנגד האט קיינמאל קיין ספקות נישט; אויסגעטראטענע וועגען!

ער זוכט קיין כונות נישט און בלאנדזשעט נישט. מען הייסט דאווענען — דאווענט ער, א פרק משניות לערנען — לערענט ער... א מצוה טון — טוט ער... דערפאר אבער, פארבלאנדזשעט אמאל א מתנגד, איז עד סוף כל הדורות! בלייבט ער שוין אין מדבר...

אין זאמד איז דער וועג שווער, שטעלט ער זיך אפ, זעצט ער זיך. נעמט ער ארויס א סדור'ל און דאווענט, א ספר און קוקט אריין... און ער בלייבט שוין אזוי זיצען. דער ווינט יאגט איהם דאס זאמד אין פנים אריין, פארשטעלט ער זיך מיט'ן ספר, מיט'

סדור׳ל... און דער ווינט טוט זיך זיינס: יאָגט און באַגראָבט איהם אין זאַמד...

און מחוץ למחנה, וועט ער אפילו דעם שופר של משיח נישט הערען... און דער מלאך פון תחית המתים, וועט איהם נישט געהן זוכען אין זאַמד פון מדבר. פאַרגעסען ווערט דער מתנגד...

איך בין אבער ג ע ג א נ ג ע ן... און וואָס מעהר און גע־שווינדער איך בין געגאַנגען, קלאָרער איז מיר געוואָרען, אַז איך בלאָנדזשע, אַז נישט דאָ איז מיין אָרט, אַז מען מוז אַרויס פון זאַמד. מיט געשוואָלענע פיס בין איך געלאָפען... אַלץ ווייטער, אַלץ ווייטער... און דער הימעל האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף מיר מיט רחמים... הבא לטהר... און פון צייט צו צייט האָט זיך אויף מיר א שטערנדעל מרחם געווען, ממש מוסר נפש געווען און האָט זיך אַליין אַראָפּגעוואָרפען פון דער הויך, און אַראָפּפאַלענדיג, צופלאַקערט זיך, אום צו ווייזען מיר דעם וועג פון מדבר אַרויס...

עס איז אבער נישט אַזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך...

און נישט שטענדיג לאָזט זיך קוקען אין הימעל אַריין... אָפט איז דער הימעל פאַרשטעלט, פאַרשלאָסען, און עס בלייבט דיר נאָר זאַמד און זאַמד און אין מח — זאַמדיגע געדאַנקען...

און מיט דער צייט פליהען די אַלטע מחשבות, די מחשבות פון ישוב, דיר פון קאָפּ אַרויס, ווי די ווייסע טויבען פון א טויבענשלאַג... און דו האָסט זיי נישט מיט וואָס צוריק צו פיהרען. און דו האָסט קיין קול נישט, זיי צוריק צו בעטען, צוריק צו רופען. און עס בלייבען נאָר די מדבר־מחשבות, מחשבות פון זאַמד און פון אַלץ, וואָס האָט א שייכות מיט זאַמד!

משוגע צו ווערען! אַז א מענש ווייסט נישט מעהר, ווי „ברויט און ברויט!“ איז עס א שגעון, בפרט — זאַמד און זאַמד.

איך טראַכט, למשל:

— עס האָט געמוזט דאָ ערגעץ זיין א ים; ווייל זאַמד איז נאָר באַשאַפען געוואָרען צו זיין א גרענעץ ביים ים...

— זאַמד איז קיילעכדיג, ווי דאָס איי פאַר׳ן אבל; עס קיי־קעלט זיך, ווי דאָס מזל פון א בשר־ודם!

— און אידען זענען נעגליכען צו זאמד... ראָרע, טרוקענע, צואוואָרפענע קערענדלעך, איינס צום אנדערען האָט נישט מיט וואָס און קאָן זיך נישט באַהעפטען...

— און מיר וואָלטען געווען אַזויפיעל, ווי איז מדבר דאָס זאמד, ווען נישט גזירות, הריגות און שמד.

— און וואָס איז דען זאמד? חוקרים זאָגען: אמאָל איז גע־ווען אַ פעלזען ביים ים, האָט איהם דער ים אונטערגעוואַשען, אומ־געוואָרפען, אין זידענדיגען קעסעל־גרוב אריין באַקומען, און צוריי־בען, צומאַרשטען, און געמאַכט פון איהם זאמד. — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי האָט ער נאָך לאַנג גערעדט וועגען זאמד, און וועגען ענין פון בלאָנדזשען אין זאמד, ביז ער איז געקומען צום גוף המעשה.

4.

אַ מחנה פייגעל, און וואָס דער מלך פון די פייגעל האָט דערציהלט.

נאָהנט צו דער צייט, ווען עס איז מיר באַשערט געווען, אויסגעלעזט צו ווערען פון טעות, האָב איך פלוצלונג אַ מחנה פון פייגעל דערזעהן.

און די מחנה איז געווען בצורת משולש, אַ דריי־עק אויף גאַנ־צע מיילען, וואָס האָט זיך גערוקט פאַר מיר אין דער מדבר.

פון הינטען אַ ברייטע שורה פייגעל, מיילען די ברייט. נאָר וואָס ווייטער, ווערען די שורות אַלץ שמעלער און שמעלער, ביז צו א י י ן פויגעל, ביז צום קאָפּ, ביז צום ראש פון דער מחנה, ביז צום מלך פון די פייגעל...

געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, האָב איך געטראַכט, וואָס איך זעה עפּעס נייעס, אויסער זאמד. און באַלד זענען מיר נאָר אַנדערע מחשבות אין קאָפּ אריין געקומען:

פאַרוואָס איז די מחנה דרייעקיג?

און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען פאַרוואָס.

על פי דין ועל פי יושר, דאַרף אַלץ זיין גלייך, אַלע שורות גלייך, די מחנה דאַרף דעריבער זיין אַ מרובע, פיערעקיג דאַרף זי

זיין. זענען אבער די, וואָס געהען אין די שורות, נישט גלייך. און דעריבער, וואָס גרעסער עמיץ איז, שמעלער איז זיין שורה, ווע־נינער חברים האָט ער; געהען אַלץ מעהר הינטער איהם און — אַלץ וועניגער פאַר איהם... און אַזוי געהט עס ביז צום מלך, וואָס געהט פריהער פאַר אַלע, און איז דעריבער אַזוי פיעל ווערט ווי אַלע.

היינט — הדיוט קופץ בראש! ביי שנים כתקונם — געהט משה רבינו פאָראויס,-הינטער איהם — נושאי כלים, הינטער די נושאי כלים — זקנים, דערנאָך — כהנים, לוים, צום סוף ערשט — ישראלים: די ברייטסטע שורה. און דאָס איז דער סוד פון „שקול משה כנגד כל ישראל"... ער איז געגאַנגען פאָראויס! פאַר איהם איז נאָר געווען דער עמוד ענן, צי דער עמוד אש, קיין לע־בענדיגער מענש נישט!

דערנאָך וויל איך וויסען, פאַרוואָס פליהען נישט די פייגעלער אונטער'ן הימעל אין דער הויך, ווי דער מנהג פון פייגעל איז!

און איך האָב „געגעבען דאָס הארץ", און איך האָב מיך צוגע־קוקט, און איך האָב דערזעהן, — אז די פייגעל האָבען כמעט קיין פליגעל נישט, כאָטש זיי זעהען אויס ווי פייגעל...

מיליאָנען־מיליאָסען פון די לעצטע שורות האָבען קוים ציי־כען, קוים א זכר פון פליגעל... די פון די ערשטע שורות האָבען שטיקלעך אויסגעדאַרט"ע פליגעלעך, קליין און דאַר ווי די פלוס־פעדערען ביי פיש... נאָר די הויכע ריהרען קוים, קוים מיט די עקען פון די האַרטע פליגעלעך, און ווישען זיך טיילמאָל אָפּ די מיילער בבחינת „אכלה... ומחתה"... און דער מלך אליין, וואָלט אויך געמעגט מקנא זיין דער ערגסטער און דער פוילסטער גאַנז... דעריבער פליהט מען נישט!

מען פליהט נישט און מען געהט אפילו נישט, נאָר מען היפּט.

און געהן קאָן מען נישט, ווייל מען האָט פויגעל־פיס — דאַרע קורצע שטעקעלעך, נישט צום אויסבויגען...

און פון וואַנעט — קלער איך — ציהען זיי חיונה?

און איך קוק מיך צו, און זעה, ווי פון צייט צו צייט בויגט איין שורה נאָך דער צווייטער איין די קעפּ, וואַרפט א הונגעריגען בליק אויפ'ן זאַמד, גיט א שטאָך מיט'ן שנאָבעל, גראָבט אויס א נשרף — א בלאַט, א פאַרפוילט שטיקעל צווייגעל, א געוויקסעל,

וואס גאט ווייסט פון וואנען עס קומט אין זאמד פון מדבר אריין, אוןווארפט עס זיך אין מויל אריין... און שלינגט איין...

דערפון לעבט עס!

און ווייטער וויל איך וויסען, וואו אהין די פייגעל ציהען? צי איז זייער וועג אויך מיין וועג, צי איך דארף זיי מיידען, און רעכטס אדער לינקס?! אייל איך מיך צו און קום צום שפּיץ פון דעם משולש, צום מלך פון די פייגעל.

און מלך בלייבט מלך; יא פליגעל, נישט פליגעל, עס קומט איהם זיין כבוד!

איך שטעל מיך אפּ, מאך א ברכה, נייג מיך מיט דרך־ארץ, און דערנאך פרעג איך, וואו אהין ער פיהרט די מחנה?

ענטפערט ער מיר, דער מלך, אז עס איז נאך א ספק, צי ער שלעפּט די מחנה נאך ז י ך, צי די מחנה שטופּט איהם פאר זיך פ א ר א ו י ס. נאר געהן געהט מען אויף מלחמה.

— אויף וועמען?

— אויפ'ן אלטען הויז!

איך קוק מיך אום, און זעה נישט אויסער זאמד און זאמד.

דער מלך פון די פייגעל האט זיך געשמויסען, וואס מיין בליק באטייט, און ער האט מיר געזאגט:

— דו געהסט געשווינדער פאר אונז, און וועסט עס פריהער פאר אונז דערזעהן!

— און וואס ווילט איהר — פרעג איך — פון אלטען הויז?

— אלטע חשבונות! — ענטפערט דער מלך, און דערציעהלט מיר א באבע מעשה:

— דאס אלטע גרויסע הויז, — וואס דו וועסט דערזעהן פריהער פאר אונז, ווייל דו געהסט געשווינדער פאר אונז, — איז אמאל א גרויסער פּאלאץ געווען, און אין איהם האבען אסך פריצים און פריצות געוואוינט...

און די פריצים מיט די פריצות האבען גוט געלעבט. עס האט זיך געגאסען וויין ווי וואסער, עס האבען זיך גאנצע אקסען גע־בראטען, און ביים וואלד — ביים פרישען גרינעם וואלד, וואס האט אמאל געוואקסען ארום הויז — דאס גאנצע ווילדפרעט צוגענומען!

איז זיי נאך ווייניג געווען, האבען זיי נאך געוואלט מוזיק צו די סעודות, און זיי האבען די משרתים זייערע אין וואלד אריינגע־

שיקט, און אלע זינגער און שפּיעל־פייגעלעך געפאנגען, און אין שטיי־
נערנע אריינגעזעצט. זיי זאלען זינגען די פּריצים מיט די פּריצות צו
דער סעודה.

און פארשטומט איז געווארען דער וואלד. און פאר בענקע־
ניש צו זיינע האזען, הירשען און אנדערע חיות, און נאך פאר גרע־
סער בענקעניש צו זיינע זינגער און שפּיעל־פייגעל פון צווישען
צווייגען און בלעטער, האט דער וואלד אנגעהויבען קרענקען, ער
האט אנגעהויבען דארען און קווארען, ביז ער איז אפּגעדארט
געווארען און איז מיט דער צייט פארשוואונדען געווארען אינ׳ם
זאמד, פון וועלכען מיר גראבען נאך ארויס רעשטלעך פון זיינע
צווייגלעך און בלעטער...

די פייגעל אין די שטיינען איז עס אויך נישט בעסער צוגע־
גאנגען. מען האט זיי אפילו אויף צוקער געהאלטען, נאר אין די
ענגע שטיינער האבען זיי נישט געקאנט די פליגעל באנוצען, און
די פליגעל האבען ביי זיי אנגעהויבען צו דארען און צו פארשווינ־
דען, ווי די בוימער פון וואלד — פון זייער היים...

און מיר — זאגט דער מלך — זענען די אוראייניקלעך פון
יענע פייגעל... זעה — מיינע פלוספעדערען!... און איך בין עס
שוין דער מלך... אנדערע האבען שוין גארנישט! און אצינד —
זאגט ער — איז געקומען די צייט, און מיר געהען מלחמה האלטען
מיט׳ן אלטען הויז...

— וואס ווילט איהר מיט׳ן טון?

— חרוב מאכען! מיר ווערען די שטארקע מויערען צוהאקען,
צוברעקלען אויף שטיינדלעך; די שטיינדלעך צורייבען אויף זאמד.
דאס זאמד — אויף שטויב, און דעם שטויב וועלען מיר איינשלינ־
גען, אפצונארען דעם לערען מאגען...

— וועט איהר דען בייקומען א הויז?

— עס איז אלט דאס הויז, און אינעווייניג ארבייטען אונזערע
שותּפים — די האלץ־ווערים... בייטאג און ביינאכט ארבייטען זיי...
און דאס הויז איז גארנישט אזוי שטארק, ווי עס וועט אויסווייזען
פון דרויסען... צינד אודאי נישט... און לאז עס זיין ווי שטארק,
זאל עס זיין א פעלזען ביים ים, זענען מיר דאך א ים פייגעל און ווע־
לען איהם צומארשטען!

— און אין הויז וואוינט עמיץ?
— די אלטע שררות אייניקלעך... רעשטלעך...
— און מיט זיי, וואס וועט איהר טון?
— דאס זעלבע, ווי מיט די מויערען — צושטויבען און איינ־שלינגען. זייער שטויב וועט אונז אפשר בעסער שמעקען. און אפשר נישט... נאר נוקם זיין מוז מען זיך!
— און נקמה — זאגט ר' נחמן'קע — האב איך פיינט, נקמה שרעקט מיך... און איך האב אויפגעהויבען די פיס און בין געגאנ־גען ווייטער...

5.

### אין אלטען הויז.

נישט לאנג בין איך אפגעגאנגען, און האב דאס אלטע הויז דערזעהן. א גרויס הויז, אויף א בארג... שטיינערנע מויערען, אייזערנע דעכער... נאר אויף אלעם ליגט שוין א מרה־שחורה, ווי צום איינפאלען... דער בארג איז א זאמדיגער, די מויערען קריכ־לען זיך, פארזשאווערט איז דאס אייזען... און די, וואס וואוינען אינעווייניג, זעהען עס נישט!
און איך קריג רחמנות אויף די, וואס פארלאזען זיך אויף שטיין און אייזען און ווייסען נישט פון האליץ־ווערים, וואס אר־בייטען אינעווייניג, און פון מחנות פייגעל, וואס קומען פון דרויסען...
און איך אייל מיך צו צום אלטען הויז, איך וויל זיי ווארענען.
און איך געה צו נעהנטער. און קום פראנק און פריי אין אל־טען הויז אריין. טיר און טויער זענען אפען געשטאנען.
און איך געה פון שטוב צו שטוב, און איך זוך א לעבעדיגען מענש און זעה נישט; און איך בענק צו א מענשליך קול און הער עס נישט.
און פון שטוב צו שטוב געה איך. און איין שטוב איז רייכער פאר דער צווייטער.
די ווענט זענען מיט פארטרעטען פארהאנגען, מיט אלטע פארטרעטען, טייל פון פאר'ן מבול, אנדערע — פון פאר'ן דור־הפלגה... נאר די רעמען האבען שוין די האליץ־ווערים געלעכערט.

ווי די זיפען; פארגעלט און פארפלעקט. זענען די פארטרעטען; עס איז שוין קיינעם נישט צו דערקענען.

און זיידענע פארהאנגען אין גאלדענע פאסען הענגען אויף די פענסטער און זענען אויך צוביסען און צוריסען. און עס הענגען פון זיי צווטען אראפ...

און אויף צופרעסענעם מעבעל ליגען אוצרות: כלים פון גאלד און זילבער און טייערע זאכען—נאר פאר'יתומ'ט און פארלאזט זע־הען זיי אויס; פארוואַרלעסיגט, אהן א האנט, וואס זאל זיי גלע־טען, אהן אן אויג, וואס זאל פון זיי שעפען נחת...

און אויף די פאדלאגעס זענען טייערע דיוואנעס אויסגע־שפרייט; דיוואנעס מיט הויכע, זילבערנע און גאלדענע האר... און שלינגען איין די טריט פון אונטער די פיס, זיי שטויבען אבער, און אויף טייל ערטער זענען זיי אויסגעקראכען. — גאל, ווי א קאפ פון אן אלטען בעל־תאוה...

און עס איז מיר שרעקליך און באנג געווארען אויף דער נשמה, און איך האב געטראכט: נישט דא וועמען מציל צו זיין; דא איז אלץ אויסגעשטארבען... א חורבה! פלוצלונג אבער האב איך דערהערט קולות פון מענשען...

און איך האב מיך דערפרעהט און בין נאכגעגאנגען די קולות, און בין אין א לעצט ווינקעל־צימער געקומען...

## 6.

### אין ווינקעל צימער.

און דאס ווינקעל־צימער איז גרויס געוועזן ווי א פעלד, און האט דריי גרויסע פענסטער געהאט...

איין פענסטער — רעכטס; איין פענסטער — לינקס; און א דריטס אין דער מיט — פאר זיך.

נאר פון די אלע דריי פענסטער האט די גרויסע ווינקעל־שטוב, ביים שענסטען העלסטען טאג, קיין איינציגען שטראל נישט בא־קומען.

דאָס פענסטעו לינקס, ווי דאָס מיטעלע פענסטער פאַר זיך, זענען פאַרמויערט געווען. פריי איז געווען נאָר דאָס איינציגע פענסטער רעכטס, דאָס אבער — מיט א שווער פּרוכת פאַרהאַנ־גען, א דיק סאַמעטען פּרוכת, מיט א שווער גאָלדענעם שלאַק פון אונטען...

נאָר פון באַלקען אַראָפּ האָט א קליין רויט לעמפּעל געהאַנגען, און האָט געוואָרפען קאַרגע רויטע שטראַלען איבער'ן טיש, וואָס איז אין מיט שטוב געשטאַנען.

און אַלטע כתבים, אַלטע פאַרמעטענע כתבים, מיט אַלטע רויטע וואַקסענע חתימות, מאָדנע גרויסע, וואונדערליך בולט'ע, זענען געלעגען אַרום טיש.

און ביי די כתבים אַרום טיש זענען מענשען געשטאַנען. יע־דערער פאַר זיין אַלטען פאַרמעטענעם כתב מיט דער רויטער וואַק־סענער חתימה — זיי זענען געשטאַנען און וועגען עפּעס באַראַטען...

און איך בין שטעהן געבליבען מיט דרך־ארץ אויף דער שוועל, און האָב געוואָרט, מען זאָל מיך באַמערקען און צורופען, און פרע־גען, נאָך וואָס איך בין געקומען, איך זאָל זיי דערצעהלען פון דער מתנה פייגעל, און וואָרענען זיי פאַר דער סכנה... קיינער האָט מיך אבער נישט גערופען.

קיינער האָט מיך נישט באַמערקט; אַזוי פאַרטיפט זענען זיי געווען אין די רעד. נישט ווילענדיג האָב איך דעריבער אויסגע־הערט זייער וכוח. פון וכוח, אבער וואָס איך האָב, נישט ווי־לענדיג, אויסגעהערט, איז קלאָר געוואָרען, אַז איך האָב פאַר זיי קיין נייעס נישט, קיין בשורה נישט; אַז זיי ווייסען אַלץ אַליין, און באַראַטען טאַקע וועגען דער געפאַהר...

און איינער זאָגט: אַז מען מוז אַרויספאַלען און מלחמה האַל־טען מיט די פייגעל... מען דאַרף צונויפרופען די משרתים און באַ־וואָפענען זיי...

עס ווייזט זיך אבער אויס, אַז די איינוואוינער פון הויז זענען צו ווענינ און דערביי צו דיק, מלחמה צו האַלטען, און די משרתים זענען שוין לאַנג אַנטלאָפען, ווי די מייז פון א שיף, וואָס האַלט אין אונטערגעהן.

און א צווייטער ראט: מען זאל פארמאכען, פארריגלען און פארשליסען טיר און טויער. און לאזען זיך. ווען אפילו יאהרען־לאנג, באלעגערען. נאר דאס ווייזט זיך אויך נאריש אוים. אלטע שלעסער! מיט דער צייט זענען זיי פארזשאווערט געווארען און לאזען זיך נישט איבערדרעהען, אלטע ריגלען — און לאזען זיך נישט רוקען פון ארט אויף א האר!

זאגט אן אנדערער: איז פארפאלען! מוז מען אראפלאזען די קעפ און אויפנעמען די פייגעל, ווי ליעבע טייערע געסט, ביז זיי וועלען אריבערגעהן...

נאר, ווער ווייסט, צי זיי וועלען אמאל אריבערגעהן? וואו־אהין? און מען האט זיי נישט מיט וואס אויפצונעמען.. ווייז און עסענוווארג פאר אלע איז קיינמאל נ י ש ט געווען!

פאלט עמיץ נאך אויף אן עצה:

לאמיר זיך — זאגט ער — אויך פאר פייגעל פארשטעלען, און ארויסגעהן אין מדבר אריין, און באהעפטען זיך צו דער מחנה, און מיר וועלען אויך פיקען אין זאמד, עסען אלט גראז און שילטען און געהן אויפ'ן אלטען הויז עס איינצונעמען... אבי לעבען צו בלייבען!...

דאס איז אבער נאך נארישער געוועזען, ביי דעם גאנצען עגמת־נפש, האבען זיי נאך צופיעל פלייש אויף זיך געהאט, און דערביי — קיין זכר פון פליגעל...

וואו נעמט מען פליגעל?

און אלע זענען טרויעריג און שטיל געווארען. און איך האב דערווייל אויף א זייט אן אויג געווארפען, און איך האב דערזעהן אן אלטען, גרייז־גרויען מאן, וואס איז געזעסען אפגעזונדערט פון ווייטען און שווייגענדיג אויסגעהערט, וואס אנדערע זאגען.

עס איז א וואונדערליכער אלטער מאן געווען... ממש א וואל־קען איז איהם געלעגען אויפ'ן צואקערטען שטערן און דערביי האבען די אלטע אויגען ווי שטאל געגלאנצט, און ארום די ליפען האט עפעס א מין ביטערער שמייכעל געשוועבט.

און איך טראכט מיר: ער איז זיכער דער קליגסטער פאר אלע, — פארוואס שווייגט ער? צי איז באמת שוין קיין עצה און קיין ראט נישט פאראן?

און ווי מיט א תשובה אויף מיין שטילער שאלה, רופט זיך פלוצים אן א יונגערמאן, דאכט זיך — דער איינגסטער פאר אלע און זאגט:

— מען קאן האבען פלינעל! מיט דער צייט קאנען אלע האבען פלינעל!

— ווי אזוי? ווי אזוי? — פרעגט מען פון אלע זייטען.

— נעמט — זאגט ער — די אלטע כתבים און פארברענט... פארברענט זיי, די אלטע פארמעטענע כתבים, מיט די רויטע, וואקסענע חתימות, און רייסט אויף די פענסטער, און לאזט ארויספליהען זייער אש, און לאזט עס פארשטויבען זיך אויף אלע פיער עקען פון דער וועלט...

און דער איינגסטער פון זיי איז א מקובל געווען, און ער האט געוואוסט, אז פארברענען אלטע כתבים איז א רפואה בדוקה און א טייערע סגולה, עס זאלען ארויסשפראצען פלינעל, אויב מען האט זיי נאר אין תוך, איגעווענינ!

און דער יונגערמאן זאגט און טוט וואס ער זאגט, ער שפרינגט ארויף אויפ'ן טיש, דערגרייכט מיט די כתבים צו דער רויטער פלאם פון דעם לעמפעל... עס הויבט זיך שוין א דינער רויך...

און אנדערע, זעה איך, שפרינגען איהם נאך, מיט די כתבים אין די ציטריגע הענט, אויפ'ן טיש ארויף, און ווילען אויך דערגרייכען צו דער פלאם; צו דער פלאם, וואס זאל זיי רייניגען פון איבעריגען פלייש און שפראצען מאכען פליגעל... און נאך אנדערע, וואס האבען שוין אויפ'ן טיש קיין פלאץ נישט געהאט, לויפען צו צו די דריי פענסטער, און ווילען זיי אויפרייסען. — — —

נאר אין דערזעלבער רגע איז אויפגעשפרונגען דער אלטער ווי א לייב, און ער האט א בריל געטאן:

— פעלשער, מערדער, אונטערצינדער!...

און ער האט זיך אויסגעגלייכט, ווי אן אייזערנע זייל, און האט זיך אויפגעשטעלט אויף די נעגעל קעגען לעמפעל, און מיט איין בלאז האט ער עס פארלאשען...

און אין ווינקעל־שטוב איז פינסטער געווארען...

## 7.

### אהן א סוף.

— און דער סוף פון דער מעשה? — בעטען מיר זיך, אז ר' נחמן'קע איז שטיל געבליבען.

— עס איז נאך קיין סוף נישט פאראן — האט ר' נחמן'קע געענטפערט, — פייגעל מיט פליגעל ווי פלוספעדערען, מיט צייכען פון פליגעל, און דארע שטעקעלעך במקום פיס, דערגרייכען נישט אזוי געשווינד צום אלטען הויז...

# יוחנן מלמד'ס מעשה'לעך

## א.

## ווער עס גיט לעבען, גיט פון וואנען צו לעבען

### 1.

**א הקדמה. איך בין אייך מוסר מודעה און בין מיך מתנצל, מיין דעת, אז עס איז קיין כפירה נישט פאראנען.**

רבותי! איך יוחנן מלמד, וויל אייך דערצעהלען א „מעשה".

און די „מעשה", וואס איך וויל אייך דערצעהלען, וועט זיין ווי א רעדעל אין א ראד — א מעשה בתוך מעשה.

אוןביידע „מעשיות" טראכט איך מיר נישט אוים פון קאפ. זויג נישט, ווי דער עולם זאגט, פון פינגער ארוים; איך בין, ברוך השם, קיין שרייבערל נישט, מיינע אבות אבותינו זענען קיין שריי־בער נישט געוועזען.

און דערצעהלען וועל איך אייך פשוט'ע דבורים. אהן זאלץ און אהן שמאלץ; מליצות האב איך פיינט... ווער עס זאגט אמת, דער דארף קיין מליצות נישט... דער רעדט פראסט מאמע־לשון...

נאר אן הקדמה מוז איך אייך געבען: איך האלט פאר מעג־ליך, אז די מעשיות, וואס איך וויל אייך דערצעהלען, וועלען אייך אויסווייזען באשיינפערליך, אז אין אסך זאכען זענט איהר, רבותים, צו ווייט פארקראכען; אז איהר האט אייך צופיעל פאר־לאזט אויף אייערע חושים; אז אויף דער וועלט זענען פאראנען אזעלכע זאכען, וואס האבען זיך נישט גע'חלומ'ט, נישט אייך, נישט די גרעסטע חכמים אייערע... בעט איך אייך טאקע, איהר זאלט קיין פאראיבעל נישט האבען.

ווילט איהר — גלויבט, נישט — נישט!

אגב, וויל איך מיך פארענטפערען פאר אנשי שלומנו.

אנשי שלומנו קאן פארדריסען, וואס איך זאג מכלומר'שט אוים פון חדר. בפרט היינטיגע צייטען מיט אזויפיעל כופרים... און דורך זיין קאן אפשר ארויסקומען א תקלה, חס־ושלום!... האב איך טאקע פאר אנשי שלומנו א בשורה טובה! איך וויל זיי אנ־זאגען, אז עס איז גאר קיין כפירה, חס־ושלום, נישט פאראנען; עס איז איינגאנצען אן אויסגעטראכטע מעשה!

די גאנצע וועלט איז סאמע אמונה!

און קאן דען אנדערש זיין?

די וועלט איז גרוים אהן א שיעור, טאקע אין־סוף! און אונ־זער מח, איז אזוי קליין, אזוי פיצעל, אז מיר זעהען אוים ווי א מענש, וואס געהט ארום אין א פינסטערער נאכט, אין א וויסטער, פינסטערער מדבר, מיט א גראשענדיג ליכטעל אין דער האנט, וואס לייכט קוים ד' על ד'!

איך האלט מיך ביי מיינעם: אהן אמונה איז נישט מעגליך! מיט'ן שכל אליין קאן מען נישט אויסקומען. אלא וואס? דיזעלבע פוסטע שרייבערלעך, וואס מאכען די ביכלעך פאר'ן המון־עם, פאר די קעכינס און דינסטמוידען, וואס טראכטען אוים מעשיות פון גזלנים און רוצחים, פון פאלשע וועקסעל און פאלשע געלט־מאכער, — אבי איבערצושרעקען דעם עולם, דאס בלוט זאל אויפקאכען — אט די אייגענע שרייבערלעך, האבען אויסגעטראכט די כפירה, דאס אפיקורסות! און אויך מהאי טעמא, איבערצושרע־קען דעם המון — די דינסט־מיידען מיט'ן שוסטער, מיט די שניי־דער־יונגען...

דער אמת איז: אהן רחמנות—אהן רצון! אויף פראסטע אידיש הייסט עס, — א מענש, וואס גלויבט נישט, וויל גאר נישט, גלוסט צו גארנישט!

אזא מענש איז נישט מעהר, ווי א שטיק ליים, א גולם!

און, אויב דו זעהסט, אז מענשען האבען תאוות, אבער זיי ברעכען די תאוות צוליעב גרעסערע, אדער העכערע תאוות, אז מענ־שען, על כל פנים, עסען און טרינקען, האבען שלום־בית, ארבייטען מיט שוויים, דער מח איז פארטון אין מסחרים, — זאלסט דו ווי־

סען, אז זיי גלויבען! אז זיי גלויבען לכל הפחות אין זייער איינגען לעבען!...

ווארים מסופק זיין, קאן מען אין דעם אויך! אז מען וויל, זאגט מען — גארנישט! און טו עפּעס!

דער כלל איז: אלע גלויבען! נאר וואס דען? איינער גלויבט, אז דער לויתן נעהט פאר'ן שור־הבר: און דער אנדרערער זאגט: ניין! דער שור־הבר איז פריהער, און דער לויתן קומט דערנאך, אלס צו־ביים. און א יונגערמאן א משכיל, וואס גלויבט נישט, נישט אין שור־הבר, נישט אין לויתן, גלויבט אין עטער! און וואס איז אזוינס דער עטער? האט מיר זייערס א מענש פארטייטשט, אז עטער איז אזוינס, וואס איז נישט קיין גוף, נישט כח בגוף; נישט קיין נשמה, נישט קיין רוחניות גאר... און ער פארנעמט גארנישט קיין ארט, און האט נישט קיין משקל... מיט אייןווארט: א „יא" און א „ניין" צוזאמען!

פרעג איך איהם, צי ער האט געזעהן דעם עטער?

ניין, — זאגט ער, — נאר ער גלויבט! הכלל — מען גלויבט!

וואס דען איז דער חלוק?

נישט מעהר, נאר וואס יעדערער האט זיך זיין רבי'ן, זיין אמונה, כמעט — זיין עבודה־זרה'לע!

אלע קוקען פרעמדע אין מיילער אריין! אלע קושען, נאר איינער קושט דאס פרוכת, כאטש ער ווייסט נישט, וואס אין ארון שטעהט; און א צווייטער — דעם „מגלה טמירין", אז ער פאלט איהם אראפ פון טיש!

און בעיני ראיתי — געזעהן האב איך מיט מיינע אויגען, ווי איינער פון זייערע לייט האט א קוש געטאן דעם „מסתרי פאריז"! און, לויט איך האב געהערט פון א זיכערען מענש, איז דער „מסתרי פאריז" א „מעשה נורא" פון עפּעס א „חרבונה", — נישט אונזער חרבונה, דער „זכור לטוב" פון דער מגלה — נאר עפּעס א האלץ־העקער פון פאריז, וואס איז ארומגעגאנגען מיט באַרוועסע פיס אויף שטיקער גלאז; און נאך אזעלכע שקרים, וואס א פאריזער שקרן האט אויסגעטראכט, און א ווילנער משכיל האט איבערגע־שריבען אויף לשון־קודש!

רבותי! איך האב, ברוך השם, אפּגעלעבט א שטיק וועלט. בינ'ען בין איך געווען מלמד אין דערפער און אין שטעדטלעך, און

אין גרויסע שטעדט! שוין א יאָהר זיבעז בין איך, ברוך השם, מלמד אין ווארשוי, און קום, געלויבט דער אויבערשטער, צווישען מענשען, און קען מענשען...

איך קען מתנגדים, וואָס שפּרינגען אויס דער הויט פאַר א „ויצמח פורקניה"; חסידים, וואָס האַלטען די, וואָס פאָהרען צו אנדערע רביים, פאַר כופרים בעיקר, חס ושלום!

אויך קען איך משכילים, אסך משכילים: גרעסערע און קלע־נערע, קענער און אזוי שרייבערלעך, און אפילו אסך, אסך מופקרים!

דאָס אלץ קען איך! נאָר קיין כופר, דאָס האָב איך נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג נישט געזעהן!

איך האָב אפילו די העזה צו זאָגען, אז צווישען דעם גאַנצען עולם משכילים, איז נישטאָ איינער, וואָס זאָל האָבען זיין אייגע־נעם שניט! וואָס זאָל האָבען זיין אייגענע שטה, זיין אייגענעם דרך. איך האָב אפילו צווישען גאַנצען עולם משכילים נישט געזעהן קיין מענשען, וואָס זאָל קוקען אויף עפּעס מיט אייגענע אויגען... אוי־סער, אפשר, צוויי־דריי גדולים — קאַרפּען־קעפּ... די רעשט, — ווי איהר קוקט זיי אָן — די גאַנצע חברה משכילים, זענען נישט ווערט. זאָג איך אייך, קיין אויסגעבלאָזען איי! זיי זענען אויך חסידים, נאָר אנדערע חסידים! זיי גלויבען אין זייער רבי׳ן! און זיי הענגען אין זייער גדול הדור, פּונקט ווי מיר אָן אונזער גדול הדור!

איך קאָן שווערען בנקיטת חפץ, אז קיינער פון זיי האָט נאָר קיין שטה נישט, אפילו נישט אויף חיי שעה! נאָר אלץ אמונה אינ׳ם גדול. און זיי טוען איהם נאָך, און ווייסען אפילו קיין חלוק נישט צווישען דעם, וואָס דער גדול האָט געזאָגט מיט ישוב הדעת, מיט א קלאָרען שכל, מיט אָן ערנסט, און וואָס ער האָט געזאָגט אין פלוג, צי אין כעס, צי גאָר לשם נצחון!

פּונקט ווי אנשי שלומנו, עס פעהלט נאָך נישט א האָר!

און קומט צו מיר איינער פון דער חברה, און זאָגט מיר, אז ער איז א כופר, — עס איז דאָך נאַריש, איך וועל דאָך איהם נישט מביש זיין, — נאָר ווייסען ווייס איך, אז ער מאַכט חוזק, אָדער גלאָט ער מאַכט זיך גרויס! אז דוקא אזוינער — האָט מורא ביי־נאַכט ארויסצוגעהן איינער אליין! און אפשר מוז ער אזוי זאָגען, די פּרנסה וויל אזוי! און, וואָס טוט אלץ נישט א מענש צו־ליעב פּרנסה!... עס קאָן אויך זיין א מענש — א נאַר, סתם א

שוטה; אזוינער, וואס ווייסט נישט, וואס ער ווייסט נישט, אין וואס מען מוז גלויבען!...

און אויב אזוי, וואס זאלען מיר זיך שעמען מיט דעם, אין וואס מיר גלויבען?!

מיט וואס זענען אנשי שלימנו ערגער פאר דער חברה משכילים. וואס טוען נישט מעהר, נאר דערצעהלען און דערצעהלען באבע מעשיות און שבחים פון זייערע גדולים? באשר בכן — אונזערע מעשיות זענען נישט קיין אויסגעטראכטע? באשר בכן — מיר שרעקען נישט דעם עולם מיט גזלנים, רוצחים, פאלשע געלט און פאלשע וועקסעל־מאכער! דוקא מוז מען שרייבען. וואס עס איז נישט געשטויגען, נישט געפלויגען?

און בפרט, אז איך וויל נישט דערצעהלען קיין מעשה מעבר לים, און נישט קיין מעשה פון קדמונים, נאר א זאך, וואס האט זיך געטראפען, דא, אין אונזער ווארשוי, און דוקא ערשט נישט לאנג!

איי וואס? עס וועט קומען איינער און זאגען לא־כן! שקר די זאד!

אדרבה, זאל ער קומען, זאל ער די העזה האבען! איד, ברוך השם, — ביז, א פראסטער מלמד, נישט קיין שרייבערל, הס ושלום. — און מיין מלאכה איז נישט קיין ליגענט, און מיין פרנסה איז נישט פון ליגענט!

הכלל — די מעשה איז אמת, — אפשר וועט עמיצער קימען און נעבען אן אנדער פירוש? וועלען מיר הערען!

און ביז אהער איז די הקדמה, צינר געהט די מעשה גופא!

## 2.

**דעם שווייגערס, זכרונו לברכה, א גלייך־ווערטעל; די מעלות פון מיין אחי, עליו השלום; אן התחלה־טובה.**

מען דערצעהלט פון שווייגער, עליו השלים, אז איינמאל האט מען איהם געפרעגט, פארוואס ער זאגט נישט קיין תורה ווי אלע צדיקים? האט ער, — ווי זיין שטייגער איז געווען, — געשוויגען.

אין א שעת רצון אבער, אז מען איז צו איהם צוגעשטאנען.

שטארק מפציר געווען, האט ער מיט זיין שמייכעלע אזוי גע־זאגט:

די וועלט — זאגט ער — וואונדערט זיך אויף מ י ר, פארוואס איך זאג נ י ש ט קיין תורה; און איך וואונדער מיך אויף ז י י, ווי ק א נ ע ן זיי גאר זאגן תורה? ווי קאן מען עס אנ־הויבן און אויסלאזן א תורה, אז די תורה האט נישט, נישט קיין התחלה, נישט קיין סוף, אז זי איז אין־סוף!

אלא מאי? דער ענין דערפון איז אזוי: די, וואס הויבן נישט אן צו קענען די תורה, און זאגן, וואס עס קומט זיי אין מויל אריין, הויבן אן, ווען און וואו זיי ווילן, און ענדיגען וואו און ווען זיי ווילען! ווארים די תורה, וואס זיי זאגען, איז נישט דער אין־סוף; נישט דעם רבונו של עולם'ס תורה! נאר ז י י ע ר אייגענע, אויסגעטראכטע תורה!... אזוינער אבער וואס ק ע ן תורה, זאגט נישט קיין תורה. ווארים ער ווייסט נישט, וואו אנצוהויבען און וואו אויסצולאזן!

און לאמיר זעהן אין וועלט־זאכען, למשל: ביי א דין־תורה. מען רופט אן עדות. אן עהרליכער מאן, וואס וויל נישט און קאן נישט זאגען קיין ליגענט, אז ער שטעלט זיך פאר'ן בית־דין, הויבט ער אן פון ששת ימי בראשית, און קאן גארנישט צוקומען צו דער זאך; בפרט צום סוף המעשה... אבער דער, וואס זאגט אויס'ן קאפ ארויס, דער איז זיך אלץ מסדר, דער רעדט ווי א מענש, דער ווייסט אן אנהויב, און ווייסט א סוף... און די מעשה אליין גיסט זיך ווי א בוימאויל!

הוא הדין ביי א מעשה: א שרייבערל, וואס נאגט אויס, ווי מען זאגט, פון פינגער, קאן אנהויבען און ענדיגען א מעשה, ווי ער וויל, ווען ער וויל... עס איז זיין אייגענע זאך, טוט ער מיט איהר ווי ער וויל! וויל ער, מאכט ער זי גרויס, וויל ער, מאכט ער זי קליין... איך אבער, וואס וויל דערצעהלען דברים כהויתן, — אן אמת'ע מעשה, ווייס איך טאקע נישט, פון וואנען אנצוהויבען און וואו זיך אפצושטעלען! „אין כל חדש תחת השמש" — יעדע זאך הענגט אפ פון א פריהערדיגער זאך, און די פריהערדיגע זאך איז א נאך פריהערדיגער, און יענע ווייטער איז אויך נישט צו פארשטעהן, אז מען ווייסט נישט, וואס נ א ר פריהער איז געווען, און אזוי קומט מען צו ששת ימי בראשית...

נאָר לכבוד אחי אהובי זייןוועל־יחיאל, עליו השלום, וועל איך אנהויבען ביי איהם...

עס איז ידוע לכל — די גאנצע פראנצישקאנער גאס ווייסט, אז מיין ברודער, זכרונו לברכה, איז געוועזען א למדן מופלג און אן אמת'ער ירא שמים.

אז אַלמן איז ער געוועזען, און אויף דער עלטער איז ער געבליבען איינער אליין מיט דער טאָכטער, ברכה לאה, א בתולה. להבדיל בין החיים והמתים! געלעבט האָט ער אין דחקות, סנעלען האָט ער שוין כח נישט געהאט, איז ער טאקע, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום איד געדאכט, געבליבען אהן ברויט; און די בתולה ברכה לאה וואקסט קיין עין־הרע, אויף הייוועז... הכלל — צרות צרורות!

וואס טוט דער רבונו של עולם? קומען זיך צוזאמען עטליכע בעלי־בתים, טאקע אנשים חשובים, פיינע בעלי־בתים, וואס האבען ביי איהם קינדער געהאלטען, און נעמען אויף זיך חתונה צו מאכען ברכה לאה'ן, און צו געבען מיין ברודער, עליו השלום, אויף הוצאות, ער זאָל זיך אוועקפאהרען קיין ארץ־ישראל.

הגם די נסיעה איז נישט געקומען לידי גמר, ווייל עס האָט'ן, לא עליכם, אנגעכאפט דער פעהלער, און ער איז, לא עליכם, נפטר געוואָרען אויפ'ן וועג, האט ער דאך זוכה געוועזען צו זעהן צפת, וואו ער איז נסתלק געוואָרען, און איז דארט געקומען בכבוד גדול צו קבר־ישראל.

דער צפת'ער רב האט געהאלטען א שארפען הספד און האט'ן אפגעדרוקט, דעם הספד, אין ספר „מרגליות טובות". וואס ער האט ארויסגעגעבען, און ווער עס קוקט אריין, לעקט די פינגער.

און, אז איך האב שוין אן התחלה, וועט שוין געהן די מעשה גופא...

### 3.

די מעשה גופא! נישט געטראָפען, צרות צרורות, ברכה־לאה ווערט אן עגונה.

גדולה צדקה, צדקה איז א גרויסע זאך! אבער נאר פאר די, וואס גיבען צדקה. נישט מקנא בין איך אבער דעם, וואס נעמט צדקה, וואס מוז, נעבעך, אנקומען צום גבאי של צדקה...

און מקנא בין איך מיין ברודער, עליו השלום, וואס איז נפטר געווארען צו דער רעכטער צייט, און האט די שפעטערדיגע צרות נישט געזעהן!

ווארים די בעלי־בתים, וואס האבען געגעבען אויף הכנסת כלה, האבען גאר פארגעסען, אז ברכה לאה איז א בת תלמיד חכם, און א כשר'ע פרומע נשמה... און מען האט פאר איהר נישט געזוכט קיין חתן לפי כבודה, ועל אחת כמה וכמה נאכ'ן פאטערס כבוד...

זייער גאנצער מיין איז געוועזען, צו געבען איהר א מאן א ברויטגעבער; איינמאל פאר אלעמאל, אראפצוווארפען פון זיך דעם עול!...

האבען זיי טאקע געטאן אהן ישוב הדעת, אבי גע'פטר'ט.

און מען האט באקומען א בחור'ל בזול, אן איינגעהער ביי אדוואקאטען!

קיין גרויסע זאכען האט ער נישט פארלאנגט; מפרנס זיין א ווייב קאן ער, — האט מען צוגעקלאפט.

האט מען געמאכט מלבושים, איינגעלעגט נדן, גערופען כלי־זמרים, געשטעלט א חופה, —

מזל טוב, מזל טוב!

מ י ר, דעם אמת זאגענדיג, איז דער בחור נישט געפעלען. מיין פייגע, זאל געזונט זיין, האט אויך געזאגט, אז ג א ר פון די אנטיקען איז ער נ י ש ט. נאר. אז אחי, עליו השלום, האט גאר־נישט געזאגט, האבען מיר אודאי געשוויגען.

און דאס שווייגען איז קיין חכמה נישט געווען!

קוים איז אחי, זכרונו לברכה, אפגעפאהרען, האט זיך אנגע־הויבען אן עסק! עס האט זיך אויסגעוויזען, אז עס איז נ י ש ט. ווי עס דארף צו זיין!

מן הצד בין איך געוואר געווארען, אז דער שלום־בית ביים זוג, איז אביסעל הינקענדיג: מען קריגט זיך, מען מאכט אביסעל קולות. שכנים קלאפען אין די ווענט!

אויך האב איך געהערט, אז ברכה לאה וויל נישט ליידען, וואס בעלה, משה ישראל, איז נישט קפריסינ'דיג־פרום!

און ע ר ווייטער מאכט איהר א מורא, אז ער וועט זיך נאך אנטון דייטש, און וועט ווערען א ל י י ן אן אדוואקאט!

אויך טענ'עט משה ישראל, אז די בעלי־בתים האבען איהם

אריינגענארט אין זאק. מען האט איהם געוויזען אן אנדערע, א שענערע כלה; אויף דער וואלט ער נישט באשטאנען! און איהרע מלבושים געפעלען איהם אויך נישט, צוזאמענגעקליבען, — זאגט ער, — אלטע לאבעס...

מען האט איהם צוגעזאגט, — זאגט ער, — קעסט, און מען ווייזט איהם א פייג!

און נאך א טענה האט ער, אז ער האט גערעכענט אויף קרבות מיט די בעלי־בתים, ווי ער זאגט — פראטעקציע, און זיי, אז זיי האבען זיך נאר אנגעגעסען און אפגעטאנצט אויף דער ארעמער חתונה, לאזען זיי איהם נישט פאר די אויגען...

פארשטעהט זיך, אז ארייגמישען זיך אין דער ערשטער שעה, האב איך נישט געוואלט... בעלי בתים און זוגתי, פייגע תחיה, האבען נישט געלאזט... און וואס איז דאס פאר א נייעס? עס טרעפט זיך ביי לייטען! נאך דער חתונה, איידער מען געוועהנט זיך צו, טרעפט זיך גאנץ אפט מחלוקת צווישען מאן און ווייב. דער־נאך — הרגל נעשה טבע, מען ווערט געוועהנט, לעבט מען!

און באמת, איך מיט זוגתי פייגע תחיה, האבען מיר אויך דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה זיך אויפגעשטויסען... דערנאך אבער, אז זוגתי פייגע האט אנגעהויבען קינדלען, פון קעסט איז מען אראפ, האט מען די נארישקייטען אוועקגעלעגט.

איך האב מיר אנגעהויבען זוכען א שטיקעל עסק... עס איז מיר נישט געראטען; בין איך געווארען מלמד, און גאר נישט, מען לעבט, ברוך השם, הלואי, ביז הונדערט און צוואנציג יאהר!

הכלל, — שווייג איך! און בפרט אז אין קורצען האט מיר זוגתי פייגע, תחיה, א וואונק געטאן אויף ברכה לאה'ן, ווי איינער זאגט: פארשטעהסט!! דארף מען דאך מיר קיין פינגער אין מויל אריין נישט לעגען; טראכט איך: סימן טוב ומזל טוב!

לאזט זיך אבער אויס א בוידעם!

ער איז דאס איינענע וואס פריהער, נאך ערגער ווי פריהער.

אונזער תכשיט האט אברהם אבינו'ס מעלה: ער רעדט ווע־ניג און טוט אסך; לא די, וואס ער האט זיך אנגעטאן דייטש, האט ער נאך אנגעהויבען שפילען גאנצע נעכט אין קארטען!

נאכט אויף נאכט ברענגט ער זיך אהיים חברה־לייט. נוים נאך ברכה לאה'ן, זי זאל זיי מאכען טיי, געבען אביסעל בראנפען. מאכען א הערינג, און דוקא מ י ט עסיג און מ י ט בוימאויל. א נישט — פאסט זיי נישט! צום פארבייסען מוזען זיי האבען ווייסע זעמעל; ברויט — חס ושלום! און טאמער פעהלט עפעס פון די זיבען זאכען, מאכט ער קולות! און ער שפעט נאך פון איהר! מאכט פון איהר לייטען־געלעכטער!

נאך א שאש, זידעלט ער נאך און שילט!

זעה איך שוין, אז עס איז נישט היטב, אז מען טאר שוין נישט שווייגען; מאך איך מיר א לב און איך געה צום זוג.

איך קום אריין, הויב אן, פארשטעהט זיך, מיט גוטע דבורים, מיט פיינע דבורים, אפילו מיט אן הלצה'לע, ווי מיין שטייגער איז. פאר גוטפריינדשאפט מאך איך מיר א געלעכטערל און זאג איהם, אז אבוואל ער איז א פושע ישראל, איז נאך פונדסעטוועגען קיין סכנת נפשות נישט! און דערצעהל איהם די גדולות פון א בעל־תשובה... און זאג איהם, אז ברכה־לאה'ס זכות אבות וועט איהם ביישטעהן! זאל ער נאר, זאג איך, אנהויבען... זאל ער נאר האבען א ה ר ה ו ר תשובה!

איך זאג איהם נאך צו, אז איך וועל איהם מקרב זיין, מיטנע־מען אין מיין שטיבעל אריין. און, אז איך וועל, אם ירצה השם, פאהרען, וועל איך איהם אויך מיטנעמען, וכדומה אזעלכע ווייכע דבורים.

פלאצט ער אבער פאר געלעכטער!

ער לאכט אוים מ י ר, אוים'ן ש ט י ב ע ל, אוים'ן ר ב י ' ן. ער איז מיר מוחל — זאגט ער — די אלע גליקען, איך זאל איהם נאר ברכה־לאה'ן צונעמען!

דערביי רעדט ער אזוינע דבורים, — נישט פאר'ן מויל צו ברענגען!

באין ברירה, האב איך שוין אנגעהויבען אביסעלע הארטער. האב איך איהם שוין געזאגט, אז כאטש ער געהט דייטש, איז ער פארט אן עם־הארץ, א שוטה. און ווייטער האב איך איהם גאר אהן פחד געזאגט: אז אויב ער וועט תשובה טון, איז רעכט, און אז אויב נישט, וועט ער זיך טאקע אויסרעכטען א שווארץ, פינסטער יאהר אין גיהנום!

צולאכט ער זיך ווידער אויף א קול! ווער גיהנום, וואס גיהנום? ! גלייך ער וואלט דארט געוועזן און געזעהן, אז עס איז, חס ושלום, קיין גיהנום נישט פאראן!

און דערנאך ווייזט ער מיר נאך, דער עזות מחוצף פנים, די טיר!

וואס האב איך געזאלט טון?

ברכה־לאה, זעה איך, איז גרין און געל, די טרערען גיסען זיך איהר ווי וואסער. געה איך ארויס און שיק דעם מחוצף רופען צום דין.

ק ו מ ט ער נישט, ו ו א ר ט איך א צייט...

מיט דער צייט איז די זאך שטיל געווארען! איך הער נישט...

און הערען הער איך נישט, ווייל דער פושע ישראל האט אנ־געזאגט ברכה־לאה'ן, איהר פוס זאל איבער מיין שוועל נישט קו־מען; מכות אכזריות וועט ער זי שלאגען! מילא, איז דאך ברכה־לאה אן אשה כשרה, טוט זי, וואס דער מאן הייסט; זיצט זי אין דערהיים און שלינגט די טרערען בסוד.

הער איך נישט; ווייס איך נישט!

דערוויל באקום איך מיינס אן אייגען פעקעל צרות!

זונתי פייגע ווערט מיר קראנק, דער רופא זאגט — היץ, די שכנים — עפעס אנדערש, מיר דאכט זיך — אן עין־הרע.

די שטוב האט קיין בעל־הבית'טע, די קינדער קיין מאמע נישט, און קיין טאטען אויך נישט, ווייל עס איז בין הזמנים, און עס פעהלט מיר נאך א צוויי דריי תלמידים!

איז וועניג? בין איך אליין אויך נישט אינגאנצען!

די ווארשעווער טרעפ נעמען מיר ארויס דאס חיות! און דא יאגט מען מיך פון אלע זייטען: דער בעל־הבית וויל דירה־געלט,— פאר צוויי קווארטעל נישט באצאהלט! און דער רעווירַאווע וויל דוקא, איך זאל נאך צודינגען א שטוב, עס זאל זיין גרוימער פאר די חדר־אינגלעך, מעהר לופט זאלען זיי האבען!

גאט זאל מיך נישט שטראפען דערפאר, — האב איך טאקע אן ברכה־לאה'ן פארגעסען!

און דערמאן איך זיך אמאל, טראכט איך, אז עס איז שטיל, האט אודאי דער רשע תשובה געטאן, און עס איז חוש־וואך!

פּשוט — אַז עס געהט איהר גוט, שמעקט זי נישט אַריין צו אָרעמע קרובים...

נאָר איינמאָל, קום איך אַהיים מיט אַ פּאַר'חלש'ט האַרץ און געשוואָלענע פּיס, לא עליכם, — וויל איך מיך וואַשען, — נעמען וואָס עס איז אין מויל אַריין, אָפּבענשען און אויסציהען זיך די ביינער אין בעט, — דערצעהלט מיר זוגתי פייגע אַ בשורה טובה: ברכה־לאה איז דאָ געוועזען און האָט געוויינט מיט ביטערע טרערען; געזאָגט, אַז מיר זענען פּשוט'ע רוצחים, אַז אונז אַרט גאָרנישט איהר פינסטער מזל, אַז זי איז אַ ווייסטע יתומה, עלענד ווי אַ שטיין.

דערצעהלט האָט זי, אַז בעלה משה ישראל טוט איהר אָן געברוינטע לייד. אַז ער איז איהר אַ דם־שונא; ער שלאָגט און הרג'עט זי. ער האָט איהר כמה פּעמים בלוט געלאָזט פון דער נאָז, פון די אויערען...

איך פרעג זוגתי פייגע'ן: היתכן? אַ איד זאָל שלאָגען אַ ווייב, בפרט נאָך אַ מעוברת'ע?

ענטפערט זי מיר, אַז דאָס איז טאַקע זיין משוגע'נער כעס! משה ישראל איז שוין גאָר, גאָר אַראָפּ פון דרך... קיין בטחון האָט ער נישט, — שרייט ער, אַז ער האָט נישט פון וואַנען צו לעבען. וויל ער, ימח שמו וזכרו, ברכה־לאה זאָל, חס ושלום, אָן זיך אַ מעשה טוהן...

די גאַנצע וועלט, — זאָגט ער, — טוט אַזוי!

אַלע גביר'ישע ווייבער טוען אַזוי!

און ווייל זי וויל נישט, שלאָגט ער זי און שילט זי מיט טויטע קללות, זי מיט'ן פאָטער צוזאַמען!

אַז איך האָב דערהערט, אַז ער שילט אחי, זכרונו לברכה, ביז איך שוין געוואָרען מלא חימה! פאַרגעס איך, וואו איך האַלט אין דער וועלט, כאַפּ דעם שטעקען: מיין טויט, אָדער זיין טויט! קוי־לען וועל איך דעם כלב! און לויף אַהין אַ האַרץ, אַהין אָן אָטעם...

און איך בין געקומען און געזעהן — — —

צרות האָב איך געזעהן!

די טיר איז אָפען... אין שטוב — פינסטער־חשך... דער חברה־מאַן איז נישט דאָ! עוקר געוועזען!

קיין כלים, קיין בעטגעוואנט. — אפגעצויגענע האט ער זי... און זי וואו איז?

זי ליגט, אויף דער פאדלאגע ליגט זי, זי ווארפט זיך...

4.

**א נס, זוגתי פיינע תחיה און איהרע מעשים. מען ווארפט מיך ארויס און וואו איך געה.**

א נס איז געשעהען, וואס זוגתי פיינע האט, קיין עין־הרע, א שכל־הישר.

אז איך האב געכאפט דעם שטעקען און געשריגען, אז איך געה ממית'ן דעם כלב, האט זיך זוגתי פיינע גארנישט גענומען צום הארץ... זוגתי פיינע ווייסט גאנץ גוט, אז איך בין, חס ושלום, קיין רוצח נישט, אז א פליג אויף דער וואנט, וועל איך אויך נישט טויטען. זי ווייסט, אז, ווען איך קום שוין גאר אין כעס אריין, הויב איך ערשט אן צו וויינען. אזא טבע האב איך שוין, פאר כעס גיסען זיך מיר טרערען ווי וואסער.

און דאס ווייסט אויך זוגתי פיינע, אז אפילו די תלמידים מיינע שלאג איך אויך נישט ווי עס דארף זיין, און די בעלי־בתים האבען אויף מיר תרעומות דערפאר; איך אליין האב אויך אמאל מורא, אז איך בין נישט יוצא פאר גאט און פאר לייט; מען דארף אמאל א שמיץ! און בפרט, זייט איינער פון מיינע תלמידים איז ארויס לתרבות רעה, גלויב איך אודאי, אז מען דארף א שמיץ...

נאר, לאמיך נישט אראפ אין א זייט!

הכלל — זוגתי פיינע ווייסט, אז איך וועל איהם קיין רעה נישט טון, זיצט זי זיך רוהיג אויפ'ן בעט. שפעטער אבער, אז עס איז אריבער איין שעה און א צווייטע שעה און איך קום נישט, האט זיך ערשט זוגתי פיינע דערשראקען; איז ביי איהר געבליבען, אז איך האב טאקע דעם כלב קורע־כרע געוועזן און מען האט מיך איינגעזעצט תפוש!

נו — נו! פארגעסט זי שוין אלע יסורים, פארגעסט זי די קינדער אין די בעטען, דאס ביסעל כלי־בית אין שטוב; כאפט זי

אויף זיך וואס עס איז, און לויפט מיר נאך. זי האט אפילו פאר־נעסען די טיר צו פארשליסען!

איך קוק מיך אום, — זי איז דא, און קוים איז זי געקומען, האט זי שוין מיט איין בליק דערקענט, וואס עס טוט זיך!

קודם כל, אז זי זעהט, אז איך שטעה ווי א גולם, גיט זי א גע־שריי: במלן!

און תוך כדי דבור רייסט זי אויף די טיר און שרייט. גע־וואלד! שרייט זי. און עס באווייזען זיך באלד עטליכע שכנות, און זוגתי פייגע קאמאנדעוועט, און די שכנות טוען. און איינע האט מיך טאקע, אויף זוגתי פייגע'ס באפעהל, ארויסגעווארפען פון טיר...

וואו געהט מען? אין גאס איז א נאסער שניי, דער ווינט פאטשט אין פנים אריין, גנב'עט זיך אריין דורך די לעכער פון מיינע מלבושים...

געה איך אין בית־המדרש אריין.

אין בית־המדרש זענען נאך געזעסען עטליכע מענשען, וואס סוקען נאכ'ן דאווענען אריין אין א ספר.

נעם איך מיר אראפ א גמרא!

און שוין! איך דארף נישט מעהר!

קוים עפען איך די גמרא — אוים ברכה־לאה! אוים דער מאן איהרער, דער רשע מרושע — אוים וועלט!

ווער איז אן עגונה? ווער איז אנטלאפען? ווער איז א מקשה לילד? גארנישט! גארנישט!

— — — — — — — — — — — — — —

5.

מיינע תלמידים, ווער איז מיין רבי? זו תורה וזו שכרה. משל לצפור... הרהורים רעים און ספקות.

אז איך אליין לערען אמאל מיט חשק, קאנען עס מיינע גביר'יש־ע תלמידים נישט פארשטעהן. זיי פרעגען מיך, צי איך דארף אויך נאך לערנען? ווער מיין רבי איז?...

די שוטים! זיי ווייסען גארנישט, אז די וועלט איז גאר א וואוילער רבי, אז דאגת פרנסה איז א רבי! צרות צרורות זענען גוטע מלמדים... דער יתוש, וואס קראצט אלץ־אין־איינעם אין מח מיט'ן „אם תאמר: מה נאכל?" איז גאר א פייערדיגער רבי! און זיי אליין, די תלמידים מיינע, און די פאטער'ס זייערע — די בעלי־בתים מיינע, זענען אויך גאר פיינע מלמדים... אוי, ווי פיין!

אלץ טרייבט צום לערנען!

אבער זו תורה וזו שכרה!

מיש איך אויף די גמרא, — ווער איז צו מיר גלייך.

אז איך עפען די גמרא, פיהל איך, אז דער הימעל האט זיך מיר געעפענט! אז דער רבונו של עולם האט מיר מיט זיין גרוים חסד געגעבען פליגעל; גרויסע, ברייטע פליגעל האט ער מיר גע־געבען! און איך פליה מיט זיי; אז אדלער בין איך! און פליהען — פליה איך ווייט, ווייט! נישט מעבר לים; פון דער וועלט ארויס פליה איך!

פון דער וועלט מיט שקר, מיט חנופה, מיט יסורים רעים!

און איך פליה גאר אין אן אנדער וועלט אריין! אין א נייע וועלט, אין א וועלט פון כל־טוב, פון רק טוב; אין א וועלט, אהן א דעה פון בויכיגע בעלי־בתים, פון מיוחסים — עמי־הארצים; א וועלט אהן א צורת מטבע, אהן דאגת פרנסה. דארט איז נישט דא קיין מקשה לילד, קיין הונגעריגע קינדער, קיין ווייבערשע קולות!

און דארטען בין א י ך, א י ך דער ארעמער, קראנקער, דערשלאגענער, אויסגעהונגערטער און אויסגעדארטער מלמד, — איך עני מדוכא, וואס שטומט דא ווי א פיש, וואס מען טרעט דא ווי אווארעם, — א י ך בין עס דארט דער מענש, דער מיוחס, דער בעל דעה! און פריי בין איך, און פריי איז מיין רצון, און צו שאַ־פען האב א י ך! וועלטען בוי איך אויף און וועלטען צוואווארף איך! און איך בוי מיר נייע אויף זייער ארט! נייע, שענערע און בעסערע וועלטען! און איך לעב אין זיי, פליה ארום אין זיי, אין גן־עדן בין איך... אין אמת'ן גן־עדן!

און ווייסען ווייס איך, אז איך ווייס מעהר, ווי דאס, וואס איך וויל און קאן אויסזאגען מיינע תלמידים, און וואס איך זאג מיר אליין אויס! און איך פיהל אזוינס, וואס מען קאן איבער די ליפען נישט ברענגען; וואס קיין אויג זעהט נישט און קיין אויער הערט

נישט, נאר אין האריץ וואקסט עס, דארט לעבט עס, דארט קלאפט עס!

די שנים אוחזין בטלית זענען פאר מיר נישט קיין מענטשען פון גאס, נישט קיין פראסטע ראובן ושמעון. ווי איך פארטייטש פאר מיינע תלמידים! און דער טלית, איבער וועלכען זיי שארפען זיך, איז נישט קיין טלית, וואס מען קויפט ביי יוסעל פעשעס אין געוועלב... איך נעם טיפער!

איך זאפ דאך איין די ניצוצין — די ליכטיגע פונקען פון צ ו ו י ש ע ן די שורות, פון צווישען די ווערטער, פון צווישען די א ו ת י ו ת; די נשמה זאפט זיי דאך איין ווי א שוואם! איך פיהל דאך, ווי איך ווער אינגאנצען דורכגעצויגען, דורכגעזאפט מיט דער ליכט, וואס איז טאקע באהאלטען געווארען פאר די צדיקים לעתיד לבא — אויף י ע נ ע ר וועלט!

אוי, נאר זיצען און לערנען! נאר לערנען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

און דאס מוז איך אייך אויך זאגען, אז אויב איך בין אין די גביר'ישע הייזער, און זעה ווי זיי זיצען און שפילען גאנצע נעכט אין קארטען, אדער זיי פארברענגען די צייט מיט שיחת־נשים, מיט אנדערע הבלים...

אדער, אז איך געה אין גאס, און זעה דורך אן אפענע שענק־טיר, ווי עס זיצט א בעל־מלאכה אין א וואלקען פון רויך און טרינקט, און רעדט נאך גרעסערע הבלים... אז, ווען איך זעה דאס אלץ, זאג איך אייך, ווער איך נ א ר נישט אין כעס... בין איך אויף זיי נ א ר־נישט מקטרג... אדרבא: מיר צוגעהט דאס האריץ פאר רחמנות אויף זיי!

ווארים, צוריק געשמועסט, וואס זאלען זיי טון אהן תורה?...

ווי איך האב שוין געזאגט, האב איך אמאל געקנעלט אין א דארף, האט מיר מיין תלמיד געוויזען, ווי צום סוף זומער פליהען זיך צונויף די פייגעלעך און פארלאזען אונזער מדינה, איידער דער ווינטער קומט... איך האב געזעהן, ווי זיי נעמען זיך צוזאמען גאנצע מחנות און לאזען זיך אוועק ווייט, ווייט...

די קליינע פייגעלעך קאנען נישט און ווילען דא נישט בלייבען אין דער צייט פון שניי און פרעסט... אין דער צייט, קאן דא

קיין ארעם פוינעלע קיין קיום נישט האבען... און די פייגעלער ווייסען עס: זיי פיהלען, אז דער ווינטער קומט, אז זייער מלאך־המות קומט...

נאר איינמאל האב איך געזעהן, ווי א קליין פוינעלע, א בעל־מום, נעבעך, מיט א צובראכענע פליגעלע, האט געהיפט און גע־היפט איבער דער נאסער, קאלטער ערד, עס האט געפישטשעט, און עס האט זיך נישט געקאנט אויפהויבען אין דער הויך. נאכצופליהען די גרויסע פייגעל...

און עס איז א צער בעלי חיים געווען צו קוקען, ווי דאס ארעמע פוינעלע האט זיך קיין ארט נישט געפונען, און אלץ גע־היפט און געהיפט, און געקוקט, ווי יענע, די פרייע פייגעלער פלי־הען, פליהען הויך, הויך אוועק...

און דערנסטמאל האב איך מיר געטראכט: צו דעם קראנקען פוינעלע איז געגליכען די נשמה פון אן עם הארץ!...

פליהען קאנען זיי נישט, די עם־ארצים; זיי האבען קיין פלי־געל, קיין תורה נישט!

גיב זיי תורה, גיב זיי פליגעל, וועלען זיי פליהען... וועלען זיי אויך פליהען ארויף, צו די הויכע וועלטען!

מען האט זיי אבער די פליגלען צובראכען, היפען זיי ארום אויף דער ערד, איבער דער קאלטער בלאטע...

רעדט מען נבול־פה, שפילט מען אין קארטען!

דער רייכער אין סאליע, דער ארעמער אין שענק...

נאר, לאמיר צוריקגעהן צו דער זאך...

הכלל — איך זיץ און לערען...

ביסלעכווייז איז זיך דער קליינער עולם צוגאנגען... דער שמש איז ארויסגעגאנגען דער לעצטער...

וואס ארט עס מיך? איך זעה גארנישט!

ביי א ליכט, איןווארעמען בית־המדרש, ביי דער אפענער גמרא, האב איך, אפילו איינער אליין, קיין פחד נישט!

און פארטיפט בין איך געווען, ווי עס דארף צו זיין!

תורה, ווייסט איהר דאך, איז געגליכען צו א ים, פאליעס שלאנגען!

איינשלינגען ווילען זיי מיך... נאר איך קאן שווימען! איך

לאָז מיך אַראָפּ און שווים אַרויף, און בין ווייטער אויבען אָן! טיילמאָל ווערט שטיל דער ים; ער ווערט שעהן, ריין, און קלאָר ווי דער הימעל... און מיין נשמה באָדט זיך אינ'ם פרישען, מחיה'־דיגען וואַסער; זי גליטשט זיך ווי איבער אַ שפּיגעל, מיט תענוג, מיט חן... און דאָס וואַסער וואַשט זי אַרום, רייניגט זי אָפּ פון אַלע פלעקען מיט די שוואַרצע עולם־הזה פינגטעלעך!

און ריין, און הייליג ווערט די נשמה...

נאָר פּלוצלונג דערפיהל איך אַ בריה אין פינגער... און איך בלייב אין דער פינסטער...

צווישען די פינגער איז מיר דאָס ליכטעל אויסגעגאַנגען...

און אַליין אין דער פינסטער, האָב איך מורא!

עס פאַלט אויף מיר אַ גרויסער פּחד.

אַז עס איז ליכטיג, ביי טאָג צי ביינאַכט, שרעק איך מיך נישט.

מיר איז גוט! איך זעה די וועלט אַרום מיר, איך פיהל דעם בעל־הבית איבער דער וועלט! איך זעה די וועלט, און די וועלט זעהט מיך; און איך וויים, אַז איך בין אַ חלק פון דער וועלט, אַז איהר בעל־הבית איז אויך מיין בעל־הבית; אַז אָהן זיין רשות, וועט מיר קיין האָר נישט געקרימט ווערען. ער וועט נישט לאָזען, און די וועלט אַליין וועט אויך נישט לאָזען...

וואָרים — פאַרוואָס, פאַר ווען?

אָבער אין דער פינסטער, אַז איך בין אַליין אין דער פינס־טער, אַז איך זעה נישט די וועלט, — אוי, דאַמאָלט ווער איך גאָר אוים מענש! בייזע געדאַנקען באַפאַלען מיך דאַמאָלט! דאַמאָלט דאַכט זיך מיר, — זאָל מיך גאָט דערפאַר נישט שטראָפען, — אַז איך האָב גאָר קיין שייכות נישט מיט דער וועלט, אַז מען האָט מיך פון איהר אויסגעריסען און אַוועקגעפיהרט.

איך געהער מיך מיט איהר נישט אָן; נישט איך, נישט מיין ווייב, נישט מיינע קינדער... מיר האָבען מיט איהר קיין מגע ומשא נישט!... אָט כאַפּט מען מיך, אָדער איינס פון זיי, אַוועק, גאָר אין דער שטיל אַוועק און קיינער וועט נישט זעהן, קיינער וועט נישט וויסען, פיהלען אוודאי נישט?

און, קוים איז אויסגעגאנגען דאס ליכט, איז מיר אויס־געגאנגען די נשמה יתרה פון לערנען; בין איך געבליבען ביי מיין ציטערינער, דערשראקענער, פשוטע׳ר נשמה פון א קבצן—א מלמד.

איך בין שוין צוריק א גארנישט, א ווארעם, א פארלוירענע זאך...

און די ליפען מיינע ציטערען: גאט זאל העלפען, גאט זאל העלפען...

און דאס הארץ נאגט און פלאגט: ברכה־לאה וועט געווינען, אודאי וועט זי געווינען... און נאך א צווילינג וועט זי האבען! די מאמע איהרע איז מפורסמת געוועזען מיט צווילינגער!

טאמער האסט דו וועניג ווייב און קינד, נא, פאלט אויף דיר גאר ברכה־לאת מיט א קינד, ברכה־לאה מיט צוויי, דריי קינ־דער... זיינוועל יחיאל איז א שוכן עפר; ער זיצט זיך דארט אין גן־עדן און לערנט תורה; און דו הארעווע... זיי מפרנס...

און די ליפען ציטערען: זאל גאט רחמנות האבען, זאל גאט רחמנות האבען!

און שלעכטע געראנקען זאגען: אז גאט זאל זיך וועלען מרחם זיין, האט ער קיין אנדערע עצה נישט, נאר דעם מלאך־המות צו שיקען... צו מיר... צו דער יולדת...

— רחמנות׳דיגער גאט, רחמנות׳דיגער גאט!

און איך וויים, אז איך זינדיג פאר גאט, אז איך ווער, חס־ושלום, א כופר בעיקר. איך וויים, נאר איך האב קיין שליטה נישט צו פארטרייבען פון הארץ ארוים דעם שד... די בייזע מחשבה... ווארים איינער אליין בין איך שוואך! אין דער פינס־טער — גאר שוואך!

איך וויים, אז איין רפואה דערצו איז תורה, און איך וויל לערנען אויסעגווייניג, איך וויל מיך דערמאנען די סוגיא, און איך קאן נישט! איך האב זי פארגעסען!

און מיט אלע כחות האב איך דאמאלט אויסגעשריען:

רבונו של עולם! העלף מיר! העלף מיר!

און — עס איז מיר א נס געשעהן!

## 6.

**על הנסים. אור הגנוז. א תקון פאַר א נשמה. א מלאך־המות, וואָס קומט, ווייל מען האָט'ן גערופען!**

שפּעטער, אז איך האָב דערצעהלט די מעשה א משכיל, מייד נעם א געוועזענעם תלמיד, האָט ער געלאַכט, און ווי הייסט געלאַכט! עס איז — זאָגט ער — גאָר קיין נישט געוועזען! נאָר א מקרה, א צופאַל, זאָגט ער, אָדער א כח הדמיון און אפשר פּשוט א חלום... וכדומה...

נאָר וואָס אַרט עס מיך?

יתרו, ווייס איך, האָט זיבען נעמען געהאַט, און געוועזען איז איין יתרו!

רוף עס, ווי דו ווילסט: נס, מקרה, כח הדמיון... מעשה בלייבט מעשה!

און איך ווייס נאָר, אז בשעת מעשה, ווען עס האָט זיך מיר שוין געדאַכט, אז איך פאַל, חס ושלום, אין שאול תחתית אריין, איז פּלוצלונג דאָס גאַנצע בית המדרש געוואָרען פול מיט ליכט! און א וואונדערליך זיסע ליכט! אזא בלויע ליכטיגקייט, ווי די זיילען, וואָס לאָזען זיך אמאָל, זומער־צייט, משופּע אראָפּ פון דער זון, אין שטוב אריין דורך א פענסטער...

די זייל, זעהט מען בחוש, באַשטעהט פון קליינע, ליכטיגע טראָפּען, און יעדער טראָפּען יאָגט זיך בליצענדיג ארום אין דער זייל...

און אזאַ זייל האָט דאַמאָלט אָנגעפילט דאָס גאַנצע בית־המדרש...

און פּלוצלונג ווער איך רוהיג... אוים מחשבות!...

דאָס בית־המדרש איז פול מיט זיסער ליכט! און איך ווער פול מיט ליכטיגען, זיסען בטחון! און אַלץ אין מיר איז אזוי קלאָר, אזוי ריין, אזוי קריסטאַלען!

און, אז איך קוק מיך אום אויף מזרח־זייט, פון וואַנען די זייל שלאָגט, דערזעה איך עמיצען!

און ווּעמען, מיינט איהר, דערזעה איך?

אחי, זכרונו לברכה, דערזעה איך! און טאקע, אויף דעם ארט, וואו ער פלעגט שטענדיג זיצען און לערנען!

און ער זיצט ביי א ספר... זיין פנים זעה איך נישט, ווייל ער האלט אונטערגעשפארט דעם קאפ אויף דער האנט; נאר דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז דאס איז ער!... אז דאס איז אחי זאנוועל יחיאל...

און איך האב מיך גארנישט געשראקען!

דען דער כלל איז: ווער עס האט קיין מורא נישט פאר לע־בעדיגע, דער ציטערט פאר טויטע... אבער איך? איך ארעמער ווארעם, וואס ציטערט שטענדיג פאר אלץ, וואס לעבט, וואס זאל איך מורא האבען פאר טויטע? און פאר וועמען? פאר אחי זיינ־וועל יחיאל, וואס איז נאך ביים לעבען געוועזען א זייד? און איך פרעג פשט פשוט:

— דו ביסט עס, זיינוועל יחיאל?!

— איך! — ענטפערט ער, און נעמט אוועק די האנט פון די אויגען.

איך דערזעה זיין פנים... עס שלאגט דערפון אזא מין ליעב־ליכקייט; אין די אויגען זיינע שטעקט אזא מין מתיקות...

און איך פרעג ווייטער:

— וואס טוסט דו ׳דא, ברודער?

און ער ענטפערט מיר:

— וואס איך טו? זעהר פיעל טו איך! ביים לעבען ביז איך דא געזעסען און געלערענט און דער שטן האט מיך מבלבל געווע־זען, דאגת פרנסה האט זיך ארייננעמישט, און איך האב איבערגע־היפערט כמה וכמה מקומות, און אסך אהן כונה געלערענט... טו איך צינד, וואס עס איז אויף מיר נגזר געווארען, מתקן צו זיין די נשמה! איך חזר איבער.

— און אלץ מיט כונה?

ער שאקעלט מיט׳ן קאפ אויף יא, און איך זאג:

— זיינוועל יחיאל, דו לערענסט מיט כונה, ווייל דו ווייסט נישט...

און ער שלאגט מיר איבער די רעד מיט זיין זיס קול:

— שוטה, זאגט ער — גאר פארקערט; ווייל איך ווייס, לערען איך היינט מיט כונה! לעבעדיגערהייט, האב איך ווענינ גע־

וואוסט, אסך ספקות געהאט, ביז איך אריבער איבער אסך זאכען אהן כונה; ווארים נאר דאס, וואס מען ווייסט נישט, איז מבלבל, די ספקות... אצינד אבער, אז איך וויים, אז איך האב קיין ספקות נישט, איז אלץ מיט כונה!

— און דו ווייסט, אז משה ישראל...

— ...איז אנטלאפען קיין אמעריקא? איך וויים! איך וויים אפילו, מיט וואס פאר א שיף ער איז אוועק... טרפות עסט ער אויף דער שיף; איך וויים!

— און ווייסט, אז ברכה־לאה...?

— ...איז מקשה לילד? אודאי וויים איך. איך וויים אפילו, אז זי וועט האבען א בן־זכר...

— נישט קיין צווילינג?

— ניין, קיין צווילינג וועט זי נישט האבען! נאר גרוים רחמים דארף זי! דאס קינד וועט זיין א בעל־מום... דער רשע האט איהר א שטוים געטאן און מקלקל געווען...

און איך פרעג ווייטער:

— און טאמער ווייסט דו, פון וואנעט זי וועט לעבען?

— דאס וויים איך אויך, — מאכט ער בנעימות. ער רוקט זיך צו מיר נעהנטער צו, נעמט מיך אן ביים אקסעל, און זאגט:

— קוק ארוים, קוק דורכ'ן פענסטער!

איך פאלג.

— נו, וואס זעהסט דו?

— איך זעה, עמיץ געהט פארביי... אנגעטאן אין ווייסען... דאס פנים זיינם שיינט, גלייך ווי די שכינה וואלט דערויף גערוהט, אין לשער שיינט עס... און ער געהט זיך פאמעלער.

מיר דאכט, איך הער ווי א כלי־זמר שפילט געהענדיג א זי־סען, הארצענדיגען נגון!...

אט איז ער פארביינעגאנגען, דער מענש...

— נישט קיין מענש איז עס געווען, — א מלאך!

— א מלאך?

— א מלאך, און א גוטער מלאך... זעהר א גוטער! דער מלאך המות!

— דער מלאך המות? — ווער איך שוין דערשראקען.

— וואס ציטערסט דו אזוי? ווילסט פאר'ן אנטלויפען?

— און וואו, וואו אהין איז ער געגאנגען דער מלאך ?

— וואו אהין ? צו ר' שמחה'ן, דעם גביר ; זיין טאכטער איז אויך מקשה לילד...

— איך ווייס... פאר איהר מיט'ן ולד, האב איך היינט פריה מיט א חברת תהלים געזאגט...

— תפלה עושה מחצה ; דאס קינד וועט לעבען...

— און זי ?

— האסט דאך געזעהן !...

— דאס איז ער געגאנגען צו איהר !... און אזוי אהן א חשק, טריט ביי טריט ; פאר רחמנות ?

— אפשר ! נאר ער האט זיך נישט וואס צו איילען ; נישט גאטס שליח איז ער !

— וואס רעדסט דו ? — שריי איך דערשראקען, — ווער האט נאך צו שאפען ?

— דער מענש האט אויך זיין רצון... זי אליין האט'ן גע־רופען...

— זי אליין ? !

— זי האט נישט געוואלט קיין קינד האבען, קיין מאמע זיין ! אויך מקלקל געוועזען...

— רבונו של עולם ! — האב איך אויסגעשריגען מיט גרויס צער, — זי וועט שטארבען פאר איהרע זינד... אבער וואס איז דאס קינד, נעבעך, שולדיג ? דאס קינד וועט בלייבען א יתום... רבונו של עולם !

— שריי נישט, — נעמט מיך זיינוועל יחיאל אן ביי דער האנט, — שריי נישט ! ברכה לאה וועט זיין דעם קינדס אם ! ...און פון היינט אן ווייס : ווער עס שענקט דאס לעבען, דער נימט פון וואס צו לעבען !

ובאותו רגע, איז ער מיר אין דער לופט צורונען, די ליכטיגע זייל איז פארשוואונדען, און דורכ'ן פענסטער האט שוין אריינ־געקוקט דער בלאסער מארגען.

## 7.

**ווער עס גיט לעבען, גיט פון וואָס צו לעבען.**

איהר קאָנט אייך גאָרנישט משער זיין, וואָס איך האָב בשעת מעשה געפיהלט!

איך בין אַנידערגעפאַלען, ווי גרויס איך בין; די קוואַלען פון די אויגען האָבען זיך מיר געעפענט, און די טרערען האָבען זיך געגאָסען, און געגאָסען...

און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז נישט מיט טרערען וויין איך, נאָר מיט שטיינער; אַז שטיינער קומען מיר אַרויף פון האַרץ אין קאָלערן זיך מיר דורך די אויגען אַרויס! וואָרים, וואָס מעהר טרערען עס זענען אַרויס, וועניגער שטיינער איז מיר געבליבען אויפ'ן האַרץ, לייכטער איז מיר געוואָרען און פרייער!

און די מעשה ענדיגט זיך שוין.

איך געה אַהיים.

די טיר, זעה איך, שטעהט אָפען!

איך קום אין שטוב אַריין, און ביים שוואַכען שיין פון בלאַ־סען מאָרגען, זעה איך, אַז דאָ זענען גנבים געווען!

די כלים פון שטוב זענען פאַרשוואונדען!

מאַכט נישט אויס! טראַכט איך.

די קינדער הוסטען פון שלאָף, טרוקען און הייזעריג.

איך הער און טראַכט מיר — עס שאַדט נישט, עס מאַכט נישט אויס!

באַלד קומט אַן זוגתי פיינע. זאָגט זי מיר: מזל־טוב!

ענטפער איך איהר:

— אַ אינגעל, אַ בעל־מום!

בלייבט זי פאַרגאַפט.

— אַ נביא ביסט דו צי וואָס? — און הערט נישט ווי די קינדער הוסטען, און זעהט נישט ווי די שטוב איז אויסגעלערט.

— פון וואַנען ווייסט דו דאָס אַלץ?

און איך זאָג איהר:

— און נאָך ווייס איך, זוגתי פיינע! איך ווייס, אַז ר'

שמחה דעם גביר'ס טאכטער איז אוועקגעקומען („נפטר“ האט זיך מיר אויף דער צונג נישט געלענט), דאס קינד — א בן־זכר — לעבט! און ברכה לאה וועט זיין זיין אם!

— ווער האט דיר דאס אלץ געזאגט?

— ווארים, — ענטפער איך איהר — ווער עס גיט לעבען, גיט פון וואנען צום לעבען.

און איך האב איהר אלץ דערצעהלט!

## ב.

## וואָס אמאָל ווייניגער.

זאָגט יוחנן המלמד: אז די משכילים האָבען נישט געלאַכט און אנשי שלומני האָט נישט פאַרדראָסען פאַר מיין ערשטער מעשה, איז א סימן, אז איך בין גערעכט; אז עס איז אזוי ווי איך זאָג: אז די גאַנצע נפקא מינה צווישען א משכיל און א חסיד איז היינטיגע צייטען נישט מעהר ווי אינ'ם נאָמען. איי וואָס, חברה שלאָגט זיך, מאַכט קולי קולות, איז עס אויך נישט מעהר ווי צו־ליעב דעם נאָמען...

און אויב אזוי, וואָס שווייג איך?

די ביהן, וואָס נאָגט זאָפט פון גראָזען און בלומען, גיט האָ־ניג; און איך, וואָס האָב מיך אין לעבען אסך אנגעזעהן — בין מחויב צו דערצעהלען.

און איך וויל אייך דערצעהלען, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט, בשעת'ן קנעלען...

געקומען דערצו בין איך דורך מיין תלמיד איציק'ל, וואָס האָט ליעב צו האָבען מיט מיר וכוחים! אז איך פאַרשווייג איהם, מחמת בטול תורה, מיינט איציק'ל, אז איך בין איהם מודה! זאָל איהם השם יתברך העלפען...

און דער בחור איציק'ל האַלט שטאַרק פון היינטיגע צייטען.

— א שפּאַס, — זאָגט ער, — א וועלט! סאַמע מאַשינען. (דער פאָטער זיינער האָט א פאַבריק), אַלץ געהט אויף פּאַרע און עלעקטרי; דאָס זענען, — זאָגט ער, — אונזערע משרתים: זיי מאָלען אונז מעהל, באַקען ברויט, מאַכען זייף, פיהרען איבער פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, ריין קפיצת הדרך!...

און ער איז בטוח, אז די בעלי־המצאות וועלען נאָך כאַפּען אמאָל די ווינטען און וועלען זיי איינשפּאַנען צום וואַרשטאַט; מען וועט נאָך צוזאַמענגעמען די שטראַלען פון דער זון, און הייסען זיי, למשל, שטיוועל פּוצען! און דער עיקר — מען וועט נאָך אמאָל אויף באַלאַנען פליהען אין דער לופט, ווי מלאכי השרת, להבדיל...

מילא, בנוגע צו דער מלאכה, צו די מאַשינען, איז נאָך צו דער־ליידען... איין דור ירש'נט המצאות פון צווייטען — ווערט, וואָס אמאָל, מעהר המצאות; דאָס קינד אויפ'ן פּאַטערס אקסעל איז העכער פאר'ן פּאַטער...

מיין תלמיד איציק'ל זאָגט אבער, אז בכלל דער מענש ווערט וואָס אמאָל קלינער, פיינער, הן אין דעות, הן אין מדות טובות...

וואָס א יאָהר, — זאָגט ער, — וואַקסט מען מיט א קאָפּ אין דער הויך.

אפשר קומט עס דערפון, וואָס מיין תלמיד, איציק'ל, איז בטבע א בעל מזג טוב. און אגב — איז ער טאַקע צופרידען פון דער וועלט!

דער שלום — זאָגט ער — פאַרשפּרייט זיך אין אלע לענ־דער, מדת הרחמים וואַקסט פון טאָג צו טאָג, (מען גיט גוזמות צדקה; דער טאַטע זיינער, דער גביר, גיט אויך אסך!), און באלד, באלד, — זאָגט ער, וועלען מקוים ווערען ישעיה הנביא'ס ווער־טער, וגר זאב עם כבש, — עס וועט וואוינען א וואָלף צוזאַמען מיט א שעפּעלע, און ווי ווייטער שטעהט...

און אַט אין דעם בין איך מסופק!...

איך דערמאָן מיך אַז שלמה המלך'ס שאלה: ווער ווייסט, צי שטייגט דער גייסט פון מענש אַרויף?... וואָרים ווייסען ווייס איך, אז עס איז פאַראַן אומריין וואַסער, וואָס פליסט אין זאַמד, און, פליסענדיג, ווערט עס וואָס אמאָל ריינער, ווייל עס לאָזט אי־בער דאָס אומריינקייט אין זאַמד; צום סוף קאָן מען אפשר דאָס גאָר טרינקען! עס איז אָבער אויך פאַראַן קוואַל וואַסער, וואָס פליסט פון א פעלז, גאָר פון א ריין, גאָר פון א הויך אָרט, נאָר עס פליסט איבער א מושב, און וואָס ווייטער עס געהט, שמוציגער ווערט עס; סם ווערט עס.

צו וועלכען וואַסער זענען מיר גלייך?

איך זיץ און טראַכט, און עס שטעלען זיך מיר פאַר די אוי־גען: ר' זישעלע, זכר צדיק לברכה — דער באוואוסטער גאון עולם, וואָס איז געזעסען א יאָהר צוואַנציג על כסא הרבנות אין זאַמושז, און דער זוהן זיינער ר' יחיאל, עליו השלום, א איד א גביר, וואָס

מען האט מיט'ן געטאן א שדוך מיט א לובלינער גביר. און ער איז דארט געזעסען על התורה ועל העבודה, און וואס זיינע צדקות ומעשים טובים האבען גע'שם'ט אויף דער וועלט!

און א דריטער, אויך נישט מיט דער האנט אוועקצומאכען, ר' יחיאל, עליו השלום'ס, א זוהן, דעם גאון'ס ר' זישעלע'ס אן אייניקעל, להבדיל בין החיים והמתים, הגביר הנכבד ר' יוסף, אי־ציקל'ס, מיין תלמיד'ס, פאטער, וואס וואוינט דא אין ווארשוי. האט א גרויסע פאבריק און איז אן איש מכובד אין דער גאנצער שטאדט...

— — — — — — — — — — — — — —

לאמיר צוריקגעהן צו ר' זישעלען.

עס איז ידוע לכל, אז ר' זישעלע איז געווען איינער פון די גדולי הדור!...

אינגעלווייז, האט ער געלערענט ביים ליסא'ר רב, — גאר א פארצייטיגער גאון! דער ליסא'ר רב האט פון איהם געהאלטען עולם ומלואו; ער דערמאנט'ן אין א תשובה, וואו ער שרייבט מיט דעם לשון: „און מיין תלמיד מובהק, כמו"ר זישע, האט פאר מיר געלערענט די סוגיא, און האט זיך אראפגעלאזט אינ'ם טיפען וואַ־סער, און האט ארויפגעבראכט א טייערע פערל. און בטוח בין איך, אז ער וועט זיין א גדול בישראל."

און אזוי איז טאקע געווען!

ר' זישעלע איז געווען, ווי מען זאגט, א געהענדיגע שאנק מיט ספרים, — א גרייליכער זכרון, א קלארער שכל, — א גאון מיט אלע מעלות.

און פארוואס דען האט מען איהם גערופען: ר' זישעלע, פאר־וואס נישט ר' זישע?

ערשטענס — פאר גרוים ליעבשאפט:

ער איז א גרויסער ענו געוועזען, א גרויסער מרוצה לבריות... א לייב אין תורה ועבודה, אין קהל־זאכען; נישט געקוקט אויף בעלי־תקיפים, אויף נבירים גרויסע... און געשטעלט אויף זיך; ביי א חספד מרובה, האט ער אפילו אויף א קדמון א מחמיר נישט גע־

קוקט. קוים איז געגאַנגען אין אידיש געלט, פלעגט ער זאָגען: דער קדמון איז געווען רב אין זיין צייט און אין זיין שטאָדט, און איך בין מרא דאתרא אין מיין צייט און אין מיין שטאָדט.

און דער איינענער ר' זישעלע האָט געפיהרט זיין רבנות — די קהלה מיט רייטשען, בעלי־בתים, אלערליי כתות חסידים און בעלי מלאכות, טאַקע ווי א גוטער פאַסטוך פיהרט די שאָף...

פאַר איהם האָבען אלע מורא געהאַט, קיין הויך וואָרט נישט גערעדט!

ער האָט נאָר געדאַרפט זאָגען: איך מיין אזוי און אזוי...

און עס איז געווען גענוג!

וואָרים, אז נישט, — „וועט ר' זישעלען פאַרדריסען!" און ר' זישעלען זאָל נישט פאַרדריסען, וועט דער, וואָס האַלט די פאַכט, נישט הויבען דעם מקח פון פלייש.

ר' זישעלען זאָל נישט פאַרדריסען, וועט דער וואָכערניק נישט פאַרקויפען דעם אביון'ס משכון...

ר' זישעלען זאָל נישט פאַרדריסען, וועט די חברה קדישא נישט באַליידיגען די נושאים, און די חברה נושאים וועלען זיך נישט שטעלען געגען די גבאים פון חברה קדישא... עס וועלען זיך אפילו די חסידים קיין באַזונדערען שוחט נישט אויפנעמען!

און, ווען אלע ציטערען פאַר ר' זישען, וואָס איז שטיל ווי א טויב, ציטערט ער נישט מעהר, נאָר פאַר חמץ בפסח!

א גאַנץ יאָהר איז כחא דהיתרא עדיף... כשר און כשר; ביי הפסד מרובה — אוודאי כשר!

און פסח — אלץ טרפה! טרפה און טרפה; אסור באכילה, אסור בהנאה, מען צוברעכט די כלים — סכנת נפשות!

און פאַרוואָס שרעקט ער זיך? פאַר דער „משהו" שרעקט ער זיך! א קליינינקייט, זאָגט ער: א משהו! און וואָס קומט? כרת! דער עונש איז: „ונכרתה הנפש ההיא מעדת ישראל!"

און ער זאָגט: בעסער אלע מדורות פון גיהנום, — דאָס נעם איך אויף מיר, פאַר א אידישען גראָשען, — אלס כרת, אַרויס פון כלל ישראל!

א טיפער ענין!

דאָס איז ערשטענס...

און צווייטענס (רופט מען איהם ר׳ זישעלע), ווייל ער איז געווען גאר קליין געוויקסיג.

די גרויסע נשמה האט געשטעקט אין א גוף, וואס האט גע־קאנט שפאצירען אונטער׳ן טיש!

אז ר׳ זישעלע זיצט אויבען אן אויף אן אסיפה פון די בעלי־בתים, זעהט מען איהם נישט ארויס; כאטש א ספאדעק האט ער געטראגען א הויכען...

אז א בעל־הבית פארשפעטיגט זיך, פרעגט ער: שוין דא אונ־זער ר׳ זישעלע? אומקוקען זיך העלפט נישט.

פאר דאס אבער, אז ער זעהט, אז עס איז שטיל, אז דער עולם האלט די קעפ אן א זייט און הערט זיך איין — ווייסט ער שוין, אז ר׳ זישעלע איז דא.

שמייכעלט ער, דער בעל־הבית, און טראכט: „עס שיטען זיך שוין פערל פון ר׳ זישעלעס מויל... דער עולם שווייגט און שלינגט זיינע ווערטער... לעבען זאל ער, ר׳ זישעלע!“

דער עיקר האט ר׳ זישעלע זיך צוגעלאזט צו קינדער! ער האט זעהר ליעב געהאט קינדער.

דער יונגער עולם אין בית־המדרש האט עס געוואוסט, און קוים האט זיך ר׳ זישעלע געוויזען אין בית־המדרש אריין, פאר יום־כפור־קטן, צי פאר אן אסיפה, פלעגט איהם חבר׳ה ארומרינגלען פון אלע זייטען, מיט אפענע גמרות, מיט אלערליי שאלות, פון דער סוגיא, פון יענער סוגיא, פון א רמב״ם. און ער פלעגט שמייכלען, יעדען ענטפערען מיט א שמייכעלע אויף די ליפען, מיט שמחה און ליעבשאפט אין די קינדישע אויגען, וואס ער האט געהאט ער יום טפירתו, און זיין זיס קול׳כעל, וואס האט געקלונגען ווי א זילבערען גלעקעל!

נאר ארויסגעזעהן פון צווישען דעם קליינעם עולם האט מען איהם נישט!

איינמאל האט זיך געטראפען א מעשה, שעבערשין — דריי מייל פון זאמושץ — האט זיך אראפגעברענגט א נייעם רב, פון טרנעץ פון דער פרעמד; ער האט ר׳ זישעלען פון פנים נישט גע־קענט, און באלד נאכ׳ן ערשטען שבת, נאך דער ערשטער דרשה, איז ער געקומען קיין זאמושץ צו ר׳ זישעלען...

טרעפט ער איהם נישט אין דערהיים, געהט ער דערווייל אין בית־המדרש אריין; וואו דען זאל געהן א שעבערשינער רב?

זעהט ער א רעדעל אינגלעך, און איינער אין דער מיט קלינגט מיט'ן קול איבער'ן גאנצען בית־המדרש און ענטפערט אלע תוך־כדי־דבור, כלאחר־יד...

געהט ער צו; ווערט ער נבהל ומשתומם, און פרעגט: וואס איז עס דעם אינגעל געשעהען, וואס ער איז גרוי געווארען ווי א טויב?...

מוסף ראש־השנה פלעגט ר' זישעלע דאווענען פאר'ן עמוד אין שול. אין שול פאר'ן עמוד איז דאך טיפער, „ממעמקים קראתיך ה'", זעהט מען דאך ר' זישעלען אודאי און אודאי נישט ארויס... דער עולם וויל דאך אבער זעהן, ווי זיין קליין זיס קעפעל הוידעט זיך. און דער עולם שווערט זיך נאך, אז אין די תנועות פון זיין קעפעל, צוזאמען מיט זיינע זיסע נגונים'לעך, פארטייטשען זיי אלע תפלות... שטעהען זיי טאקע גאנץ מוסף אויף די נעגעל; אנדערע שפרינגען ארויף אויף די בענק.

און א שונא־בצע איז ער געווען גאר אן אויסטערלישער...

כמעט יעדעס יאהר קומען שלוחים פון די גרעסטע שטעדט און בעטען זיך, ר' זישעלע זאל אננעמען דארט דאס רבנות!

מען וויל ר' זישעלען אפנילטען.

ער וויל נישט הערען און גערענקען...

און ער מאכט זיך אן הלצה'לע: איך האב עמיצען, — זאגט ער, — חס־ושלום, גע'הרג'עט, איך זאל דארפען זיין נע־ונד?!

בעט זיך ביי איהם די שטאדט: רבי זישעלע קרוין, רבי לעבען, לאזט אייך כאטש מוסיף זיין אויף די שכירות...

בייזערט ער זיך: וואס ווילט איהר מאכען פון מיר א פרעסער אויף דער עלטער? זאט בין איך אזוי אויך!

און וויפיעל נעמט ר' זישעלע שכירות! פופציג פוילישע גילדען א וואך!

און קיין רח"ש נעמט ער נישט.

ר' זישעלע זאגט, אז ער איז א רב, נישט קיין מקבל!

פסח־געלט ניט ער אוועק די דינים.

זיין תורה, — זאגט ער, — פארקויפט ער נישט; אפילו זיין שכל הישר ביי א פשר האט ער אויך נישט צו פארקויפען...

יום־טוב־געלט — פארשענקט ער די שמשים.

דא זוכט ער שוין קיין תירוץ נישט; גלאט — ארעמע אידען!

שלח־מנות ווייטער טוישט ער... וואס ער באקומט פון רייכע, שיקט ער אפ אביונים; פון די אביונים, וואס ער באקומט, שיקט ער אב די רייכע, און ער עסט, וואס די רבי'צין באקט...

„אדם רוצה בקב שלו!“

נאר דאס אלץ האב איך אייך דערצעהלט אגב אורחא... אז מען דערמאנט ר' זישעלען, מוז מען כאטש אביסעל דערצעהלען!

דער עיקר איז דער מנהג, וואס ר' זישעלע האט געהאט.

עס פלעגט זיך איהם טרעפען ארויסצוגעהן דער לעצטער פון שטוב און צו פארשליסען די טיר. זעהענדיג, אז די טיר איז אלט, דער שלאס נישט יונגער, און אז מיט א ליאדע קלאפ צוברעכט מען ביידע, טראכט ער, אז עס איז איהם לייכט צו בא'גנב'ענען, און —

— רוב גנבי ישראל נינהו! — זיפצט ער.

און ר' זישעלע וויל נישט, א איד זאל, חס ושלום, נכשל ווערען דורך דעם, וואס ער פארגעסט צו פארריכטען די טיר...

וואס טוט ר' זישעלע?

זאגט ער:

— רבונו של עולם, זיי דו מיין עדות, אז איך בין מפקיד, אז איך ציה אויס פון מיין רשות מיין גאנצע האב און גאב, הן מטלטלין פון שטוב, הן בארעס געלט, וואס איך וויים, און וואס איך וויים נישט.

און אז ער איז צוריק אהיים געקומען, האט ער צוריק זוכה געוועזען מן ההפקר!

---

איך האב מאריך געוועזען ביי ר' זישעלע, זכרונו לברכה'ן, וועל איך שוין ביי זיין זוהן מיט'ן אייניקעל מקצר זיין...

ווי אויבען איז געשטאנען, האט ר' זישעלע געטאן מיט ר' יחיאל'ן א שדוך פון לובלין. א צייט לאנג האט ר' יחיאל געגעסען קעסט, דערנאך איז ער געווארען א בעל־הבית פאר זיך. אן עושר במזומן איז ער געוועזען, כל ימיו האט ער זיך מפרנס געוועזען פון

פראצענט, און איז זיך געזעסען על התורה ועל העבודה, און האט עוסק געווען אין מצוות ומעשים־טובים.

קיין וואכערניק, פארשטעהט זיך, איז ער נישט געווען...

און א מדה האט ער גע׳ירש׳נט פון פאטער ר׳ זישעלע — נישט מבייש זיין קיין שום בן־אדם! און — עניוות!

ר׳ יחיאל מישט זיך שטארק אין קהל־זאכען, נאר קיין התמנות נעמט ער בשום אופן נישט אן; ער איז קיין ראזארצע, קיין גבאי נישט, גארנישט!

צדקה הייסט ביי איהם נאר מתן בסתר...

ער געהט ווינטער גאנץ פריה אין גאס אריין; זעהט ער פויערען פיהרען האלץ (פון שטיין־קוילען האט מען נאך דאמאלט נישט גע־וואוסט), — קויפט ער א פוהרעל האלץ, — צוויי־דריי פוהרלעך האלץ, און זאגט דעם פויער, וואו ער זאל אפפיהרען... ער ווייסט שוין, ווער א געפרוירענער קבצן וואוינט! ער פלעגט פאר יעדען יום־טוב אפשיקען נדבות מיט דער פאסט — א ספרא־רבה איז ער גע־ווען, — נאר די אדרעסען פלעגט ער שרייבען מיט דער לינקער האנט, מען זאל זיין כתב־יד נישט דערקענען, ווייל ער פלעגט אמאל שרייבען צו גרויסע שררות וועגען אידישע זאכען...

דערפון האט זיך געמאכט א מאמר, אז די נדבות דורך דער פאסט שיקט א באהאלטענער בעל־תשובה, וואס האט אודאי עמי־צען בא׳גזל׳ט און קאן די גזלה נישט אפגעבען... ערשט נאך ר׳ יחיאל׳ס פטירה, איז מען געוואר געווארען, ווער דער „גזלן" איז געווען...

און אויסער אין חברה־פושקעס אריין, פלעגט ער מיד־ליד קיין נדבה נישט צוגעבען... אליץ געבארגט, — כשר׳ע הלואה הייסט עס! „ווען גאט וועט העלפען, וועסט דו אפגעבען, מיט אמאל, ביסלעכווייז; מיר אדער פאר מיר אן אנדערען נויטבאדארפטי־גען..."

און איינמאל האט זיך פאסירט אזא מעשה: ר׳ יחיאל קומט אהיים פון גאס און טרעפט עמיצען ביי זיך אין שטוב. יענער האט דערזעהן און איז געבליבען ווייס ווי א קאלך.

ר׳ יחיאל קוקט, פון אונטער׳ן איד׳ס פאלע שטארט עפעס בולט ארויס.

אין איד׳ס פנים האט ר׳ יחיאל דערקענט, אז ער האט פאר

זיך קיין פשוט'ען גנב נישט... ער שטויסט זיך באלד, אז עס איז אן עני הגון, אז ער איז געקומען עפעס בעטען, און, אז ער האט קיינעם נישט געטראפען, איז ער נישט עומד געווען בנסיון, האט'ן דער יצר־הרע גובר געווען...

געהט ר' יחיאל צו'נעם צו גאנץ פריינדליך און זאגט מיט א שמייכעלע:

— איהר האט אודאי געוואלט לייהען אויף א משכון? ווייזט נאר דעם משכון...

דעם ארעמאן קלאפט א צאן אן א צאן.

— וואס איז די חרפה? — פרעגט ר' יחיאל געלאסען: דאס מזל דרעהט זיך ווי א רעדעל, געלט איז קיילעכדיג! היינט בארגט איהר ביי מיר, מארגען איך ביי אייך...

און אזוי רעדענדיג, נעמט ער איהם אפיר פון אונטער דער פאלע זיין אייגענע פאר זילבערנע לייכטער!

און ר' יחיאל שטעלט זיי געלאסען אנידער פאר זיך אויפ'ן טיש, גלייך ער זעהט זיי באמת דאס ערשטע מאל, און וויל אפ־שאצען, וויפיעל ער מעג אויף זיי בארגען.

דער איד, נעבעך, וויל דערווייל אנטלויפען, זענען איהם אבער די פיס ווי צוגעשמידט.

— הכלל, ר' קרוב, — פרעגט ר' יחיאל, — וויפיעל ווילט איהר בארגען?

און דער קאן, נעבעך, נישט די צונג איבערדרעהען.

— איהר זענט, ר' קרוב, א גרויסער בושת פנים... נו, וואס קאן מען מאכען? „את פתח לו“ שטעהט, וועל איך פאר אייך רעדען:

— עס געהט צו פסח, — הערט, צי איך בין מיך נישט טועה

— איך בין שטארק מסופק, צי איהר האט אויף מצות... נו, שאק־קעלט מיט'ן קאפ: יא, צי ניין!

יענער, נעבעך, שאקעלט אויף ניין.

— וואס דען! מען דארף דערצו קיין נביא נישט זיין! דאס פנים אייערס מסר'ט! נאר — איהר האט אפשר נאך א טאכטער צו פאר'קנס'ען? יא?

נו, שאקעלט מיט'ן קאפ — יא, צי ניין?

דעם אָרעמען איד האָבען זיך שוין אָבער געעפענט די קוואַ־לען פון די אויגען; ער האָט זיך שטאַרק צוּוויינט.

— נאַרישער מענש! — מאַכט ר׳ יחיאל, — וואָס וויינט איהר? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, גלגל חוזר!

דער איד קאָן זיך אָבער נישט איינהאַלטען; ווערט ר׳ יחיאל, מכלומר׳שט, ברוגז, האָט ער פאַראיבעל.

— על פי דין — זאָגט ער — בין איך אייך, ר׳ קרוב, מחויב צו העלפען; „עזוב תעזוב" שטעהט, פאַרפאַלען! אָבער וואו שטעהט עס, איך בעט אייך, אַז איך בין מחויב אויסצוהערען אייער געוויין. האַ?

דער איד האַלט זיך איין מיט די לעצטע כחות, און ר׳ יחיאל זאָגט ווייטער:

— ווייסט איהר וואָס, ר׳ קרוב, איך וועל אייך געבען לויט דעם משכון...

אין מיינע אויגען איז דער משכון, עובר לסוחר — אויף פסח — ווערט ק״ן קערבלעך... וועל איך אייך באָרגען פינף־און־זיבציג, — אכציג! צעהן רובל אויף יום־טוב, זעכציג אויף נדן פאַר דער טאָכ־טער, און נאָך צעהן — אַז התחלה אויף חתונה־קליידער, חתונה־הוצאות; די רעשט וועט גאָט העלפען.

און אַז גאָט וועט העלפען, — גיט ער צו, ווי זיין מנהג איז געווען, — וועט איהר באַצאָהלען.. איך בין בטוח, איהר וועט באַצאָהלען!

---

ציגד געהען מיר איבער צו ר׳ זישעם אייניקעל.

איינמאָל, א יומא דפגרא איז עס געווען, האָט מיך איציקעל מיין תלמיד שטאַרק געבעטען, איך זאָל מיט׳ן געהן באַקוקען דעם פאָטערס פאַבריק. ער וויל מיר ווייזען די טייערע און קונציגע מאַ־שינען...

איך האָב איהם נישט געקאָנט אָפּזאָגען; א יומא דפגרא איז, געה איך.

אין פאַבריק אַריין געהען מיר דורך א שמאָל פּעדערהייזעל, וואו צוויי מענשען קאָנען נישט צוזאַמען דורכגעהן, נאָר איינער

נאָכ׳ן אנדערען. פון דאָרט זענען מיר געקומען אויף א גאַנץ גרויי־סען הויף ארויס, פון הויף ערשט אין פאַבריק אריין. אין פאַבריק איז נאָך מעהר רחבות ווי אויפ׳ן הויף.

און די פאַבריק איז פול מיט ווארשטאַטען. און ביי יעדען ווארשטאַט שטעהט א פּועל. דער ווארשטאַט ווארפט זיך, און דער פּועל ווארפט זיך מיט׳ן ווארשטאַט, און דער פּועל מיט׳ן ווארש־טאַט זעהען אוים ווי איין גוף, ווי איין חולה־נופל, וואָס ווארפט זיך, שאָקעלט זיך און זעצט...

און וואָס איז די נשמה פון דעם גוף? די פּארע! זי רודערט עס מיט אלעם דורך לעדערנע רימען, מיט וועלכע יעדער ווארש־טאַט איז ארומגענומען...

אויסער דער פּארע האָט דאָ קיין גוף קיין אנדער נשמה נישט, נישט דער ווארשטאַט, נישט דער פּועל, וואָס טוט נאָך דעם ווארש־טאַט; זיי האָבען קיין נשמה נישט, קיין רצון נישט, קיין ידיעה נישט...

אזוי דאַכט זיך מיר!

און מיין תלמיד וויל מיר אלץ פאַרטייטשען, געבען צו פאַר־שטעהן, וואָס דאָ טוט זיך, וואָס מען ארבייט, ווי אזוי מען ארבייט; נאָר, — איך הער נישט, איך שרעק מיך פאַר די קלאַפּענדיגע גולמות...

די אויערען ווערען מיר טויב פון געדויש און קלאַפּעריי

א ים קולות, א מבול קלעפּ און שלעג... און עס קראַצט, און רייבט, און קריצט מיט די ציין...

און א וואונדערליכע מחשבה פליהט דורכ׳ן מוח:

און ווען עס קומען אהער, אין דעם גיהנום אריין, די גרעסטע נביאים... ישעיה, ירמיה... און ווען משה רבינו אליין, — ווען זיי עפנען די מיילער, און — זיי ווילען רעדען — צי וואָלטען זיי איבערגעשריגען דעם גיהנום? צי וואָלט זיי עמיצער פון די גע־פּייניגטע נשמות געהערט?

ניין, זיכער נישט! טראַכט איך און לויף ארויס, באַגאָסען מיט קאַלטען שוויים פאַר שרעק!

און מיר געהען ווייטער דורכ׳ן שמאָלען פּעדערצימער, און איך מיט יצחק׳ן קאָנען צוזאַמען נישט דורכגעהן...

— נאָך וואָס איז דאָ אזוי ענג? — פרעג איך.

— דאָ רעווידירט מען די ארבייטאָרער, — ענטפערט יצחק׳ל
— איינעם נאָכ׳ן צווייטען רעווידירט מען...
— נאָך וואָס ?
— מען גנב׳עט פון פאבריק... כלים... סחורה...—
— גנבים זענען זיי, גנבים ?
— נישט אלע, חס ושלום ! נאָר אויף טייל פאלט א חשד !...
— און, אז אויף א טייל פאלט א חשד, רעווידירט מען אלע ?
— דער טאטע זאָגט, אז מען קאָן נישט מבייש זיין, רעווי־
דירט מען אפילו די מייסטער אליין...

---

אויך „שלא לבייש“, נאָר אויך א גאַנץ אנדער נוסח !

ג.

# די קללה

און ערגעץ אין א גרויסער שטאָדט איז געוועזען א גרויסע גבירה.

און די גבירה איז געוועזען א מיוחסת, הן פון איהר צד, הן פון מאַן, פון גביר'ס, צד.

א גרויסע יפת־תאר איז זי אויך געוועזען, האָט זי זיך גרויס געהאַלטען, ווי מען זאָגט, געבלאָזען פון זיך, און מיט די רעשט ווייבער פון שטאָדט קיין שום מגע ומשא נישט געהאַט.

זי פלעגט אין ערגעץ אפילו אויף קיין שמחה נישט געהן, און ביי איהר איז נאָך קיין שמחה נישט געוועזען, ווייל זי האָט, כאָטש עטליכע יאָהר נאָך דער חתונה, נאָך קיין קינדער נישט געהאַט.

און דעריבער, אז דער מאַן, א לייפסקער סוחר, איז ארויסגע־פאָהרען פון דער היים, איז די גבירה ארומגעגאַנגען איינע אליין אין איהרע גרויסע און רייכע שטובען, און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טון.

לייענען צאינה וראינה, קב־הישר, צי אנדערע מוסר־ספרים אויף עברי־טייטש, האָט זיך איהר נישט געגלוסט; פּיאַנע פלעגט מען נאָך אין אידישע הייזער נישט שפּילען, קיין מעשה־ביכלעך פאַר ווייבער איז נאָך דאַמאָלט נישט געוועזען: דעם משרת מיט די צוויי דינסטען, וואָס זי האָט געהאַט, פלעגט זי האַלטען פון זיך ווייט; אומגערופען האָט קיינער נישט געטאָרט צוקומען,—פלעגט זי שטעהן גאַנצע טעג ביים צירונג־קעסטעל, שפּילען זיך מיט די אלערליי גאָלדענע און בריליאַנטענע זאכען, וואָס זי האָט געהאַט, קוקען ווי די פלעמלעך גיסען זיך איבער אין די טייערע שטיינער; אנמעסטען און אויסטון, אויסטון און אנמעסטען, אבי ווי עס איז, די צייט צו פאַרברענגען.

אז איהר איז דאָס נמאס געוואָרען, פלעגט זי צוגעהן צו דער קליידער־שאַנק און איבערוואַרפען אלע זיידענע, אטלאַסענע און סאַמעטענע קליידער, וואָס זי האָט געהאַט.

און אזוי פלעגט זי אפלעבען די צייט און אפווארטען, ביז דער מאן וועט צוריקקומען פון לייפסק.

איינמאל האט זיך אבער דער מאן לענגער פארזוימט, און, ווען ער האט געדארפט, לויט אלע יאהר, ארויספאהרען, האט ער ערשט געשיקט א בריף: היות די עסקים וועלען איהם לענגער פאר־האלטען... מיט גאטס הילף וועט ער אפילו מאכען גרויסע און גוטע געשעפטען, נאר זיין עגמת נפש איז גרויס, וואס ער קאן אפילי נישט מגביל זיין די צייט פון ארויספאהרען.

און ווייל ער רעכענט, אז זי האט אויך אודאי עגמת נפש דערפון, וויל ער — שרייבט ער — זי משמח זיין אביסעל, שיקט ער איהר גארנאסטאיען אויף א פוטער, טייערע גארנאסטאיען צו פופצעהן רענדלעך א שטיק...

אין עטליכע טעג ארום, אז די גבירה האט באקומען די גאר־נאסטאיען, האט זי זיך גענומען צום מאכען דאס פוטער.

ערשטענס, זענען איהר די פעלכלעך זעהר געפעלען; צווייי־טענס, וועט זי האבען מיט וואס זיך צו פארנעמען, נישט משוגע צו ווערען איבער דער צייט.

אהיים געבען א בעל־מלאכה די פעלכלעך, האט זי מורא, מען זאל זי נישט באַ׳גנב׳ענען. שיקט זי נאך א שניידער, ער זאל אויפ־נעהען דאס פוטער ביי איהר אין שטוב; זי אליין וועט זיצען ביי דער ארבייט.

און דער שניידער, וואס די גבירה האט געלאזט רופען, איז געוועזען א וואוילער יונג, ווי עס טרעפט זיך צווישען שניידער.

א מאנספארשויין — א פארטרעט, א מויל — ווי אויף שרויי־פען. און א בריה, — די נאדעל פלעגט איהם פליהען אין דער האנט, און דערביי, אויב ער האט נישט גערעדט, פלעגט ער זינגען ווי א קאנארעק.

און עס איז געקומען דערצו, אז עס האט זיך געמאכט א שמועס צווישען דער גבירה מיט׳ן חייט.

און דער שניידער דערצעהלט איהר פון זיינע קינדערשע יאהרען:

אז ער איז נאר פריה א יתום געבליבען, אהן א טאטען און

אהן א מאמען, רחמנא לצלן; אז די אָרעמע קרובים זיינע, וואָס האָבען איהם נישט געקאָנט מפרנס זיין און צאָהלען פאַר'ן חדר־געלט, האָבען איהם אָפּגעגעבען צו א שניידער...

און דער שניידער האָט איהם זעהר שלעכט באהאנדעלט...

עבודת פרך האָט ער געארבייט, נאָר נישט ביי דער מלאכה... האָלץ פלעגט ער האקען, וואסער טראָגען...

און מכות אכזריות פלעגט מען איהם שלאָגען... דער בעל־הבית, די בעל־הבית'טע, די עלטערע פועלים...

הונגער האָט ער אויך געליטען...

און וואָס איז ער נישט אויסגעשטאַנען?

זומער און ווינטער פלעגט ער ארומגעהן נאקעט און באָרוועס.

אין די גרעסטע פרעסט פלעגט ער שלאָפען אויף דער גאָלער ערד, אונטערגעלעגט די פויסט! ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין מלבוש מיט וואָס זיך צוצודעקען, וכדומה...

און די גבירה, אויף וועלכער מען האָט געזאָגט, אז זי האָט א שטיינערען הארץ, האָט רחמנות געקריגען אויפ'ן יתום, און פרעגט דעם שניידער גאָר מיט אן אנדער קול, ווי אזוי ער האָט דאָס אלץ געקאָנט אויסהאלטען?

און דער שניידער זאָגט איהר, אז ער ווייסט אליין נישט! אז ער איז טאָקע שטארקער געווען פון אייזען, אז ער האָט עס אויסגעהאלטען!

נאָר א מוטער האָט ער געהאַט א צדקות; אפשר איז איהם איהר זכות ביינעשטאַנען...

דעם פאָטער האָט ער נישט געקענט!

נאָר וואָס מעהר וואונדער, ביי אלע צרות און יסורים, וואָס ער האָט אויסגעליטען, איז ער תמיד געוועזען פרעהליך און לוס־טיג; מען שלאָגט איהם אומזיסט, שטעלט ער זיך אוועק אין א ווינקעלע און ווײנט, נאָר איידער די טרערען ווערען טרוקען — ער זינגט שוין.

ווארים זינגען האָט ער ליעב געהאַט דאָס לעבען! עס האָט זיך איהם תמיד געוואָלט זינגען, אזוי זינגען, ווי דאָס פויגעלע, וואָס פליהט אין דער לופטען און האָט איבער זיך קיין אויבערהאַר

נישט! דעריבער האט מען איהם טאקע גערופען משה פוינעל! „טשה“ האט ער געהייסען.

און דער שניידער דערצעהלט איהר ווייטער, אז ער האט געקאנט אויסענווייניג אלע חזנ'ישע זאכען; אפילו פון פרעמדע חזנים, וואס פלעגען קומען דאוונען אויף בילעטען! דורך די פענס־טער פלעגט ער זיך אריינ'גנב'נען און הערען...

קומט מען צופאהרען מיט א קאטארינקע, גנב'עט ער זיך שוין ארויס, און לויפט איהר נאך פון הויז צו הויז, פון גאס צו גאס, ביז ער נעמט איבער אלע נגונים!... גאנצע נעכט פלעגט ער שטעהן הינטער'ן פענסטער פון א חתונה, אויב עס האבען פרעמ־דע כלי־זמרים געשפילט, צומארגענס האט ער שוין אלץ איבער־געזונגען... אפילו דעם פידלערס שטייגער צו דער חופה!

„ויהי ערב — ויהי בקר,“ — דער שניידער דערצעהלט, די גבירה פרעגט איבער; און טיילמאל, אז זי פרעגט נישט, זינגט ער אין דער שטיל; הערט זי, ווי ער זינגט.

---

אויף מארגען האט דער שניידער דערצעהלט, אז די שמחה, דאס באשטענדיגע פרעהליך זיין, איז איהם טאקע ביינעשטאנען. אביסעל איז עס געוועזען מעשה נסים.

דער מייסטער, דער בעל־הבית זיינער, איז פלוצים קראנק געווארען, ער האט געפיהלט, אז לאנג לעבען וועט ער שוין נישט. די דאקטוירים האבען איהם אויך שון געלאזט אויף גאטס בא־ראט...

האט ער דער עיקר גרויס צער געהאט דערפון, וואס ער געהט פון דער וועלט אהן א קדיש. און לאזט איבער א ווייב און אלמנה און א טאכטער א יתומה; ווארים ער האט קיין בן־זכר נישט גע־האט, וואס זאל קדיש זאגען און איבערנעמען די מלאכה...

האבען איהם קרובים, שכנים און גוטע פריינד אן עצה גע־געבען, ער זאל די מוטער זיינע — אסתר'ל האט זי געהייסען — תיכף חתונה מאכען מיט א פועל, וועט דער איידעם מפרנס זיין די טאכטער מיט דער אלמנה און קדיש זאגען במקום א זוהן.

באשטעהט ער.

זאגט אבער אסתר׳ל: אז זי וויל מיך; משה פוינעל וויל זי.
זאגט מען איהר, אז איך בין קוים אלט אכצעהן יאהר.
זאגט זי, אז זי האט נאר זיבצעהן, איז עס א גלייכער שדוך!
זאגט מען איהר ווייטער, אז איך קאן נישט די מלאכה, איך בין קיין פרנסה געבער.
זאגט זי, אז איך וועל מיך אויסלערנען; אז אויב איך קאן נאך נישט, איז עס נישט מיין שולד! אז משה פויגעל איז קיין פוילער נישט, און מסוגל צו דער מלאכה איז ער, נאר מען האט איהם נישט געלערענט!
דער פאטער בעט זיך ביי איהר, די מוטער וויל שלאגען.
די בת־יחידה אבער האלט זיך שטאל און אייזען: אדער משה פוינעל, אדער גארנישט!
— נו, און דו האסט זי געוואלט? — פרעגט די גבירה מיט א צופרידענעם שמייכעל.
— א שאלה אביסעל! — שמייכעלט דער שניידער — מיין אסתר איז דאך שעהן ווי אסתר המלכה, און אזוי גוט ווי אסתר המלכה! — —
און וואס האבען זיי געקאנט טון? דער חולה איז מסוכן און ער וויל זיך באין אופן נישט שיידען פון דער וועלט, אהן אן איי־דעם; קוועלט ער זיך נעבעך אזוי לאנג, ביז ער מוז באשטעהן! האט מען א חופה געשטעלט!
און דעם צווייטען טאג בין איך אויפגעשטאנען א מייסטער, און האב באקומען שליטה איבער די, וואס פלעגען מיך קוועלען אהן רחמנות...
און, אז די גבירה פרעגט, צי ער באצאהלט זיי אצינד מיט פראצענט? — ענטפערט ער: — חס־ושלום!... ער גלויבט, אז א מענש איז נאר דאמאלט אן אכזר, ווען עס איז איהם גאר ביטער אויפ׳ן הארץ! „זיי האבען געליטען, האבען זיי צו מיר אויסגע־לאזט דעם כעס... איך בין דאך דער שוואכסטער געוועזען... אבער איך?
געלויבט איז, השם יתברך, מיין הארץ איז נישט פארבי־טערט... טרעפט זיך אמאל אן עגמת נפש, זינגט מען...“
די גבירה פרעגט, צי זיין אסתר׳ל זינגט אויך?
— מייז אסתר המלכה זינגט, נאר נישט אויף א קול!

די גבירה פארשטעהט נישט און משה פויגעל זאגט, אז ער אליין פארשטעהט אויך נישט!

נאר איז'ען איז אזוי! און אויב ער פלעגט אמאל נאכזינגען כלי־זמרים, אדער חזנים, זינגט ער היינט אסתר'לס נגונים...

ערשט צינד איז איהם איינגעפאלען, אז עס איז אזוי!

„אז איך קוק איהר אין די אויגען אריין, זינגט זיך! איז א סימן, אז דארט שטעקט ער, דער נגון!"

די גבירה ציהט ווייטער מיט די אקסעל און משה פויגעל זאגט נאך אמאל, אז ער פארשטעהט אליין אויך נישט, נאר עס איז אזוי!

— אזוי איז עס! — זאגט ער, און הויבט זיך אויף.

ער האט די ארבייט געענדיגט; די גבירה האט איהם באצאהלט, און ער איז אוועקגעגאנגען...

---

און די גבירה איז ווייטער אליין געבליבען... זי האט ווייטער נישט געוואוסט, וואס מיט זיך צו טון; עס האבען זי שוין אפילו די קליידער מיט'ן צירונג נישט פארנומען... אויסער ביים אנמעסטען, האט זי נאך דעם מאנס מתנה, דעם טייערען פעלץ, אויפ'ן לייב נישט געהאט!

דערמאנט זי זיך פלוצים, אז זי האט מלבושים איבערצומאכען... און שיקט נאך משה פויגעל.

און עס מאכט זיך ווייטער א שמועס.

די גבירה וויל וויסען, ווי משה פויגעל לעבט מיט זיין „אסתר המלכה", און דער שניידער דערצעהלט:

— השם יתברך, זאל געבען אויף לאנגע יאהר, — זאגט ער— עס זאל אונז נאר קיין בייז אויג נישט שאטען!...

מיר לעבען זיך ווי די טויבען...

נישט שטענדיג בארט מען זיך אין מילך און אין פוטער... אינמיטען דער וואך פעהלט אמאל א שטיקעל פלייש, נאר וואס מאכט עס אויס?... נישט דאס איז דער עיקר... אבי דער מענש איז נאר צופרידען, די נשמה הייסט עס!

די גבירה הויבט אן חוקר־ודורש זיין; וואס זיי טוען? פרעגט זי...

— וואס זאָל'מיר טון? — איך טו מיר מיין ארבייט... איך נעה און שטעפּ, און זי איז בעל־הבית'טע: קערט, קאָכט און וואשט, א דאגה! איך ארבייט און זי ארבייט; איך זינג און זי הערט זיך צו פון דערווייטען, פון איהר ווינקעלע. האט זי צייט, קומט זי צו מיר צו, זעצט זיך ביים טיש...

א קליין חנ'עוודיג קעפּעל האט זי, שפּארט זי עס אן אויף דער האנט...

אויגען האט זי גרויסע, קוקט זי אויף מיר...

טו איך איהר להכעיס און קוק איהר אין די אויגען אריין, ווערט זי רויטליך, און מיר ווערט פרעהליך, אז עס הויבט זיך אן צו זינגען... זינגט זיך! עס לעבט זיך ניש־קשה! בפרט אצינד...

וואס „אצינד"?

— אה! דער „אצינד" איז א גרויסע זאך, — ענטפערט דער שניידער, — א ניי פויגעלע קומט אויף דער וועלט... משה פויגעל'ס א פויגעלע וועט קומען! אסתר המלכה'ס פויגעלע...

---

משה פויגעל האט נאך נישט געענדיגט די ארבייט ביי דער גבירה, און אסתר המלכה ריכט זיך אין בעט אריין...

משה פויגעל לאזט איבער די באבען אין שטוב און געהט צו דער ארבייט; ער זאגט צו, באלד צוריק צו קומען...

און קומט נישט אזוי געשווינד!

אסתר האט דערווייל וועהען באקומען, און משה פויגעל זיצט נאך אלץ ביי דער ארבייט, און דערצעהלט, ווי גוט אסתר'ל איז, ווי שעהן זי איז, ווי צוגעבונדען ער איז צו איהר...

די גבירה לאזט איהם נישט אוועקגעהן; דאס קלייד דארף זי נויטיג...

ער ארבייט ווייטער.

די גבירה באצאהלט ווי אן אמת'ע שררה'טע! פאר געלט קריגט מען גוטע זאכען, און „אסתר המלכה" וועט דארפען גוטע זאכען...

דער קליינער פויגעל וועט אויך דארפען!

און א ברית וועט זיין א קנאקענדיגער!

ארבייט ער געשווינד, און זינגט, און דערצעהלט...

און, אז די וועהען האבען זיך געשטארקט, און אסתר המלכה האט געשיקט א שכנה נאך משה פויגעל, איז די שכנה צוריק גע־קומען מיט א תשובה, אז זי האט משה פויגעל נישט געזעהן; ארויסגעקומען איז די גבירה... זי האט איהר אליין געעפענט און געזאגט, אז זי וועט איהם שוין שיקען!

און אז די וועהען זענען נאך שטארקער געווארען, איז אן אנ־דער שכנה געגאנגען, שוין אן עלטערע אידענע, וואס האט שוין געזאלט „אננעמען משה פויגעל ביי די פאות און אהיים שלעפען ווי א פגר." נאר זי האט אויך נישט די העזה געהאט געגען די גבירה, און איז אויך צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אז זי וועט איהם באלד שיקען...

— זי האט מיך, — פארענטפערט זי זיך, — איבער דער שוועל נישט געלאזט!

און אז די באבע האט געזאגט, אז אסתר'ל איז אין א גרויסער סכנה, אז, אויב, השם יתברך, וועט זיך, חס ושלום, נישט מרחם זיין, ווייסט זי נישט, וואס דער סוף קאן זיין...

האט די יולדת פאר גרויס צער א געשריי געטאן:

— רבונו של עולם! אויב עס איז אויף מיר נגזר געווארען פון הימעל, אז איך זאל אזוי פריה אוועקגעהן פון דער וועלט און מיין אייגען קינד נישט זעהן, לאז מיך כאטש נאך אמאל זעהן מיין משה פויגעל!

און א דריטע שכנה איז געלאפען, און איז צוריק געקומען. און געזאגט: אז באלד קומט ער, ער ענדיגט שוין דאס קלייד! אזוי האט די גבירה געזאגט... -

און די גבירה האט באמת נישט געוואוסט, אז עס איז סכנת נפשות, זי האט גארנישט געלאזט צו זיך רעדען...

— וואס טוען זיי דארט? — האט די יולדת מיט די לעצטע כחות געשריגען.

און די שכנה איז מודה, אז זי איז געשטאנען א ווײלע חינ־טער דער טיר און האט געהערט, ווי משה פויגעל דערצעהלט עפעס, זאגט וואס אמאל: אסתר המלכה, מיין אסתר המלכה, און זי, די גבירה, לאכט...

און אסתר'ל האט אויסגערופען:

— רבונו של עולם, זאל זי שוין לאכען ביז'ן טויט אריין; אין קבר זאל זי לאכען...

און זי איז אוועקגעקומען...

---

דאס איז געוועזען א קללה פון א שכיב מרע!

און זי איז מקוים געווארען, די קללה!

די גבירה האט שוין נישט אויפגעהערט צו לאכען!

א צופרידענער שמייכעל איז איהר ווי צוגעקלעפט געווארען צום פנים. און, עפענט זי דאס מויל, לאכט זי!

זי שמייכעלט ביים גרעסטען צער, ביי די גרעסטע יסורים; דאס הארץ ברעכט און זי לאכט!

זי שמייכעלט, ווען זי בעט אויף זיך דעם טויט, זי לאכט, ווי ווען דער מלאך־המות וואלט פאר איהר א מלאך־הגואל געווען!

עס קומט אריין דער משרת, ער שטעלט זיך פונוויטען און ווייזט איהר, ער האט א בריף, אודאי פון מאן.

שטעהט ער אוןווארט, זי זאל איהם געבען א צייכען, אז ער זאל איהר דערלאנגען דעם בריף; דערזעהט ער, אז זי איז עפעס היינט פריינדליכער, ווי אלעמאל, אז זי שמייכעלט!...

גלויבט ער זיינע אייגען נישט, עפענט זי דאס מויל, און לאכט...

דער משרת איז געוועזען בטבע אן אויסגעלאסענער, א באַ־האלטענער רשע, קוקט ער אויף איהר שוין גאר אנדערש.

זי שמייכעלט ווייטער...

זי וויל זיך בייזערען, עפענט ווייטער דאס מויל און — לאכט!

— וואס איז מיט איהר געווארען? מיט דער מיוחסת?

ער קאן עס גארנישט פארשטעהען. קלערט ער, ווי איהם טויג זיך. געהט ער נעהנטער צו. — זי שמייכעלט!

מיינט ער, דער רשע, אז ער האט ביי איהר פלוצלונג נושא־חן געוועזען, געהט ער צו נאך נעהנטער!

נעמט ער זי אן ביי דער האנט! זי שמייכעלט! קושט ער די האנט, — זי לאכט!

מעהר דארף ער נישט, דער אויסגעלאסענער משרת! פאר־

געסט ער אַן בריף, וואָס דער בעל־הבית האָט געשיקט פון וועג. אַז ער קאָן אָנקומען באַלד נאָכ'ן בריף, — און נעמט זי אָרום...

זי שמייכעלט, זי לאַכט!

קומט טאַקע אַן דער בעל־הבית, זעהט ער, וואָס עס טוט זיך, און נעמט זי אַן און — וואַרפט זי אַרויס...

זי לאַכט!

עס איז ווינטער; אַ קעלט, אַ שניי, זי געהט אַרום און שמיי־כעלט...

מען לויפט איהר נאָך, מען לויפט אויף איהרע וואונדער, און זי לאַכט; זי שמייכעלט און לאַכט...

---

און אַזוי טרייבט זי זיך, לאַכענדיג, אַרום אין די גאַסען — זי בעטעלט און לאַכט.

מען וואַרפט איהר נאָך שטיינער, שלעכטע מענשען פייניגען זי, זי שמייכעלט און לאַכט...

זי געהט איבער פון איין האַנט צו דער צווייטער, פון איין רשע צום צווייטען, מיט'ן פאַרגליווערטען שמייכעלע אויפ'ן פּנים, מיט'ן קלינגענדען געלעכטער אין מויל!

זי פאַלט ביז אויף דער נידעריגסטער מדרגה — און אַלץ מיט אַ שמייכעל אויפ'ן פּנים, מיט אַ געלעכטער אין מויל!

און אַזוי האָט זי געשמייכעלט און געלאַכט, ביז צום טויט, און — נאָכ'ן טויט!

זי גוסס'ט און לאַכט, די נשמה רייסט זיך איהר פון גוף אַרויס און דאָס פּנים לאַכט...

און דאָס פּנים לאַכט אפילו אין קבר!...

די עטליכע נושאים, וואָס האָבען זי אַריינגעלאָזט אין קבר אַריין, האָבען מיט טויטשרעק דעם קבר פאַרשיט. און געאיילט זיך, זיי זאָלען שוין דעם ווּיסטען שמייכעל נישט זעהן...

— — — — — — — — — — — — — —

וואָרנט אייך יוחנן מלמד: היט אייך פאַר אַ קללה, בפרט פון אַ שכיב מרע!...

ד.

# דער עונש.

אמר — האט געזאגט — יוחנן המלמד.
האט יוחנן דער מלמד געזאגט:
דער רבונו של עולם האט באשאפען א וועלט און אליין אויף דער וועלט זיין באזונדער פרצוף־פנים געגעבען. נישטא קיין צוויי גלייכע ביימער, קיין צוויי גלייכע בלעטלעך; קיין צוויי גלייכע מענשען אודאי און אודאי נישט. און אזוי אין חצוניות, ווי אין תוך אריין. נישט פאראן קיין צוויי גלייכע נשמות.

און יעדער פרצוף־פנים דארף אויסלעבען זיין וועלט, ווי גאט, זיין ליעבער נאמען, האט איהם באשאפען, און נישט אראפּ־געהן פון זיין אייגענעם דרך הישר, וואס דארף איהם פיהרען פון דער וויג ביז צו קבר־אבות.

פארלייקענען זיין אייגענעם פרצוף־פנים און פארשטעלען זיך פאר אן אנדערען; נאכטון, נאכקרימען אן אנדערען איז א מדה מגונה, א מאוס'ע מדה, ועונשה בצדה — יעדע מדה מגונה ווערט באשטראפט.

מאכט נאך א ישראל (צוליעב פרנסה, כבוד, אדער ווייס איך וואס) אן אינו־ישראל, זעהען מיר באשיינפערליך, אז סופו—דאס ער אליין, אדער זיינע בנים, און ביי גאר גרוים ארך אפים — זיינע בני־בנים, געהען אוועק איינגאנצען... גאר אינגאנצען... לרעות בשדה אחר, צו פיטערען זיך אין א פרעמדען פעלד!

און אז א איד וויל גאר זאמלען נדבות און פארשטעלט זיך, כדי צו דערוועקען רחמנות, פאר א בעל־מום: פאר א הויקער, א בלינדען, א שטומען, צי א לאמען, — געהט ער נישט אוועק פון דער וועלט, ווי אין די ספרים הקדושים שטעהט, ביז ער באקומט נישט דעם מום, וואס ער האט נאכגעמאכט. ביז ער ווערט נישט, נישט פאר אייך און נישט פאר קיין שום איד געדאכט, א הויקער, א בלינדער, א שטומער... וכדומה...

אכיבע, ער האט אויף זיך אן אנדערען, א גרעסערען חטא, און ער ווערט חיב מיתה, און געהט אוועק פון דער וועלט פאר דער צייט און פאר'ן עונש...

ווי איז אבער דער דין, ווען עמיץ מאכט נאך און פארשטעלט זיך, אויסצונארען כבוד אדער געלט, פאר א גרעסערען פון זיך: פאר א למדן א גרויסען, פאר א צדיק אדער גדול הדור?

נעמט ער—האב איך בקבלה—ביי יענעם איבער יענעמס רע־מזל; וואס יענעם איז באשערט פאר א שלעכטס...

און אין אדם בארץ... מלאכים, וואס שוועבען ארום כסא־הכבוד, זינדיגען, בפרט א בשר־ודם.

און וועגען דעם וויל איך אייך דערצעהלען א מעשה.

א מעשה בשני אחים. א פארצייטישע. ווען קרוין־פוילען איז נאך גאנץ געווען, און די ממשלה איז געווען ביי די גרויסע שררות אין די הענט...

און די צוויי ברידער זענען געווען ברידער פון איין טאטע־מאמע; צווילינג־ברידער.

מאכט מען דאך אבער פון איין שטיק האלץ א לאפאטע און אן עץ־החיים; זענען זיי געווען אין חיצוניות עהנליך, ווי איין טראפען וואסער צום צווייטען: צוויי געוויקסיגע אידען, לאנגע, ווייסע בערד — קוים צו דערקענען...

און איינער פון די צוויי איז געווען רב און ראש־ישיבה, גע־שריבען א ספר „שער הברזל", וכשמו כן הוא: אזוי האט דער ספר געהייסען, אזוי האט מען איהם גערופען! אן אייזערנער איד! א איד, ווי א בוים, וואס איז געפלאנצט ביי א וואסער, ואין מים, ווייסט איהר דאך, אלא תורה. די תורה איז געגליכען צו וואסער, פון דאנען האט ער געהאט זיין יניקה. און דערצו — מצוות און מעשים טובים. ושרשיו — און זיינע ווארצלען זענען געווען מרובין מענפיו, מעהר ווי די צווייגען, ווי אין פרקי אבות שטעהט. איז ער טאקע געווען א גרויסער איד און א פעסטער איד, וואס אלע ווינ־טען פון דער וועלט וועלען איהם נישט אוועקריהרען פון ארט.

מאכט זיך א מעשה און א סוחר פון שטאדט האט א זוהן א

גרויסען בן־תורה, און דעם „שער הברזל׳ס“ ברודער איז א שדכן. רעדט ער דעם סוחר א שדוך מיט׳ן שררה׳ס פאכטער, וואס האט א בתולה. דער פאכטער איז א רייכער, די רעכטע האנט ביים שררה. גיט ער א גרויסען נדן... שרייבט מען תנאים, ברעכט מען כלים — מזל־טוב, מזל־טוב!

געהט נישט אוועק א חודש, ווערט דער סוחר געוואר, אז צום פאכטער אין שטוב קומען אריין יונגע פריצים פון הויף, אז מען איז זיך ביי איהם אין שטוב משמח, אז זיין טאכטער, דאס כלה־מיידעל, דערלאנגט צום טיש, רעדט מיט פריצים, לאכט זיי אקעגען וכדומה. וויל דער סוחר דעם שדוך אפלאזען.

פארלאנגט דער פאכטער חצי נדן קנס, ווערט א דין־תורה, זעצט מען א בית־דין. דער ראש־בית־דין איז דער „שער הברזל“!

פארשטעהט זיך.

געדויערט אזא דין־תורה... גבית־עדות, טענות, א טאג נאך א טאג... עס קומט אלץ ארויס, ווי בוימאויל אויפ׳ן וואסער, ודי בזיון וקצף — א חרפה פאר׳ן פאכטער. געהט ער און פארקלאגט זיך פאר׳ן שררה. זאגט דער שררה: גוט, ער וועט זעהן.

צומארגענס, מען האט אויסגעהערט דעם לעצטען עד, די לעצ־טע טענה, דאס בית־דין האט שוין געהאט א ישוב, דער פסק איז שוין אויפגעשריבען, דער ראש בית־דין, דער „שער־הברזל“ שטרעקט אויס די האנט צו דער געגזענער פען אין טינטפאס און וויל אונטערשרייבען —

פלוצלונג דערהערט זיך א רייטער פון גאס. מען גיט א קוק דורכ׳ן פענסטער: עס טרייבט דעם שררה׳ס לייב־קאזאקעל, ווי א רוח. דער עולם ווערט נבהל ונשתומם, דער פאכטער גיט א שמייכעל און טראגט זיך בגנבה אפ, און דאס קאזאקעל איז שוין אראפ פון פערד און אריין אין בית־דין־שטוב מיט א קול:

— דער שררה לאזט זאגען, אז די האנט, וואס וועט אונטער־שרייבען א פסק קעגען זיין פאכטער, וועט ווערען אפגעהאקט.

כאפט אן דעם עולם א שרעק, בלייבען אלע פארציטערט.

דער „שער הברזל“ אבער זאגט:

— בעסער זאל אפגעהאקט ווערען ביי א איד א האנט, איי־דער עס זאל, חס ושלום, אויסגעמעקט ווערען אן אות פון דער תורה הקדושה...

וואס האט ער יא געטאן?
ער האט אונטערגעשריבען מיט דער לינקער האנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דערווייל האט מען די לינקע האנט אויך נישט אפגעהאקט.

דאס קאזאקעלע איז געריטען אין שטאדט אריין, און צום שררה איז אנגעקומען א שליח מיוחד מיט א ידיעה, אז א שונא איז באַ־פאלען די גרענעץ. און אז אלע פריצים און שררות געהען אהין מיט זייער חיל מלחמה צו האלטען...

תוך כדי דבור, איז שוין געבלאזען טראמפיים, די קאזאקלעך — פארזאמעלט ביי די פערד, די שררות — געגורט די לענדען; א שפרונג ארויף און מען גאלאפירט שוין צו דער גרענעץ...

בשעת מעשה אבער, ווען דעם פריצ׳ס קאזאקעלע האט געטאן זיין שליחות פון הויף, האט זיך נאך עמיץ ארויסגעשלייכט פון שטוב. דאס איז געווען דעם שער־הברזל׳ס ברודער — שלמה האט ער געהייסען...

דער שלמה איז אין תוך אריין געווען דער הפך פון „שער הברזל“. א מענש אהן א ווארט, א נאכמאכער, אן אפנארער, ער האט שוין אויסגעדינט כל עבודה־זרה׳ס שבעולם און צו גארנישט געקומען. דער ברודער העלפט, קהל העלפט, און עס העלפט נישט. מאכט מען איהם פאר א סרסור, נארט ער אפ ביידע צדדים. מאכט מען איהם פאר א שליח און מען שיקט מיט איהם געלט, האט ער שוין אזא מזל: גנבים באפאלען איהם; אזוי זאגט ער, און איז מקבל קנין...

איז ער צולעצט א שדכן געווארען און געוואלט פארשלייערען דעם פאכטערס טאכטער. און ווי ער האט געזעהן, אז די זאך שטעהט שלעכט, אז דער פאכטער וועט צוריק מאנען מיט דער יד דאס שדכנות, און די בושה, וואס עס וועט זיין, און געוואלט זיך לאזען אויף דער וועלט האט ער שוין לאנג, איז ער זיך מישב און געהט ארויס נאכ׳ן פאכטער. העננט אין פעדערהייזעל דעם שער־הברזל׳ס שטריימעל מיט׳ן טיזליק, נעמט ער צו, לאזט זיך אהיים. ביינאכט טוט ער זיך איבער און געהט אזוי אין דער וועלט אריין זאמלען נדבות.

דער „שער הברזל“ און די שטאדט הויבען נישט אן צו ווי־סען פון קיין פתרון, פון קיין חלום...

מען האט אוועקגע'גנב'עט דעם שער הברזל'ס שטריימעל מיט'ן טיזליק; שלמה דער ברודער איז ערגעץ נעלם געווארען. — ווער שטעלט זיך אפ דערויף? וועמען ליגט עס אין זין? דעם שער הברזל וועט מען — אז דער פריץ וועט קומען — אפהאקען א האנט, און וועז די לינקע?

— — — — — — — — — — — — — — —

די מלחמה ביי דער גרעניץ האט זיך געענדיגט בשלום, די שררות רייטען אהיים מיט די חילות מיט גרויס נצחון. וואו די וועגען שיידען זיך, שטעלט מען זיך אפ אין א קרעטשמע, מען טרינקט, מען הוליעט, דער פאהרט אהין, דער פאהרט אהער.

מען איז שוין געקומען אין אונזער שררה'ס גבול אריין.

ווייטער שיידען זיך וועגען, ווייטער פארהאלט מען זיך אין א קרעטשמע, ווייטער ווערט געטאנצט, געהוליעט און געטרונקען...

עס איז געווען זומער־לעב; א שעהנער, א ווארעמער טאג. ליגען די חיילות אין פעלד און טרינקען. די פערד האט מען אין דער תבואה אריינגעלאזט. פויערען וויינען, דער שררה זאגט, ער וועט באצאהלען...

טרייסטען זיי זיך, קראצען זיך אין די קעפ, בוקען זיך צו דער ערד און געהען אוועק...

די שררות זיצען ארום טיש פאר דער קרעטשמע, און טרינקען אויך —

קומט פלוצלונג ארויס דער ארענדאר פון קרעטשמע, אנגע־טאן אין וועגס־קליידער, הינטער איהם שטעהט זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער.

און ער, דער ארענדאר, געהט צו צו אונזער שררה, בוקט זיך פאר איהם ביז צו דער ערד, קושט דעם זוים פון זיין מאנטעל און זאגט:

— אדוני פריץ גרויסער, מיין ווייב און מיינע צוויי טעכטער וועלען באדינען דיך און דיינע הויכע ליכטיגע געסט, — און מיך, זיי אזוי גוט, לאז מיט דיין גרויסען גענאד געהן אין שטאדט אריין.

— איך מוז! — זאגט ער.

פרעגט דער שררה: פארוואס ער מוז, וואס האט געקאנט

אזוינס געשעהען אין שטאדט, אזא אויסטערלישע זאך, אז ער וויל איהם פארלאזען?

בוקט זיך דער ארענדאר נאך דריי מאל צו דער ערד און דער־צעהלט אזא מעשה: עס איז דא א גרויסער רב אויף דער וועלט, רופט מען איהם דער אייזערנער, און ער איז, גרויסער שררה, א רב אין איינער פון דיינע שטעדט, א דרייסיג־פיערציג מייל פון דאנען...

איז דער רב א גרויסער צדיק און א גדול הדור (ער האט עס איהם קוים אויסגעטייטשט), פאהרט ער ארוים איבער דער וועלט צוליעב א גרויסער מצוה — פדיון שבויים. און וואו ער קומט, איז איהם קהל מקבל פנים מיט גרוים כבוד און גרוים פרייד, און מען רופט אין שטאדט אריין אלע רייכע ישוב'ניקעס, און דער גרויסער אייזערנער רב האלט א דרשה. נאך דער דרשה האלט מען א טאץ און אלע ווארפען אריין געלט. —

און אזוי ווי דער אייזערנער רב איז געקומען אין זיין שטאדט אריין, האבען רב און קהל נאך איהם געשיקט, ער זאל פאהרען אין שטאדט אריין הערען די דרשה און געבען א שעהנע נדבה...

— און — ענדיגט דער ארענדאר — א דאנק פריהער גאט און דערנאך דיר, ליכטיגער פריץ, קאן איך געבען א שעהנע נדבה...

גיט דער שררה א שמייכעל, א זייטיגען, נישט־גוטען שמייכעל. ער האט שוין געוואוסט, ווער דער „אייזערנער" רב דארף צו זיין...

און גיט א זאג:

— הער, איד, דו קאנסט געבען א גרויסע נדבה, איך אבער — א גרעסערע!

על־כן הייסט ער איהם: פאהר אין שטאדט אריין, פארבעט דעם אייזערנעם רב צו דיר, מיך דערמאן נישט, ער זאל זיך נישט דערשרעקען. איך שענק איהם פינף הונדערט רענדלעך. גענוג?

דער ארענדאר שאקעלט מיט'ן קאפ אויף צעהן מאל יא, און קאן פאר גרוים פרייד קוים ארויסשטאמלען.

— און די דרשה?

— וועט ער זאגען מארגען, — שמייכעלט ווייטער דער שררה — אויב ער וועט וועלען. אפשר וועט ער נענוג האבען.

און גיט צו שטרענג:

— נאָר תיכף זאָל ער דאָ שטעהן פאַר מיינע אויגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם פּריצ'ס רעד זענען מקוים געוואָרען...

געבראַכט דעם בעל־דרשן.

אַט שטעהט ער פאַר'ן פּריץ.

דער פּריץ עפענט דעם בייטעל, צעהלט אַרויס 500 רויטע רענדלעך.

— נעם...

דער בעל־דרשן שטרעקט אויס די האַנט צו נעמען...

באותו הרגע, אויפ'ן שררה'ס וואונק, האָט אַ בליץ געטאָן אַ שווערד פון הינטען און אָפּגעהאַקט די האַנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בעל־דרשן איז געווען — שלמה, וואָס האָט זיך, צוליעב אויסנאַרען געלט, פאַר'ן ברודער, פאַר'ן „שער הברזל", פאַרשטעלט.

הדא הוא דכתיב, — דאָס מיינט דער פּסוק: צדיק מצרה נחלץ, דער צדיק ווערט פון אומגליק באַפרייט, ויבא רשע תחתיו— דער רשע, וואָס האָט פון איהם אָפּגעצויגען דאָס רע־מזל, קומט אויף זיין אָרט.

# מה לי לשקר.

...איהר זענט געבילדעטע מענשען! איך בין א פּראָסטער איד, לא כחל ולא סרק, נאָר א איד, ווי גאָט האָט'ם באַשאַפען. און איך זאָג אייך, אז מען מוז זיין שטאַרק בלינד, מען זאָל זאָגען, אז דאָס רעדעל דרעהט זיך אליין... איהר זאָגט: ניין? אפשר האָט איהר עס צו פאַרדאַנקען אייערע בלויע ברילען, וואָס איהר טראָגט; זיי מאַכען אייך פון דער וועלט א מין געבלויטע וועש, רחמנא לצלן! איך,זויים נאָר, אז איך זעה! איך זעה בחוש!

אָט זאָגט איהר, למשל, אז איהר גלויבט נישט אין זווגים. איהר מיינט, אז דער מזוג זווגים, איז ביי אונז יעקעל דער שדכן. און ביי אייך — פשוט, דער יצר־הרע! באמונה שלי — איהר לעבט אין טעות!

וואָרים, צוריק געשמועסט: וואָס איז דען, מיינט איהר, דער גאַנצער יצר־הרע? אויך א שליח למקום! דער רבונו של עולם שיקט איהם, געהט ער! אָהן זיין רשות, וועט ער זיך נישט ריהר־רען פון אָרט! און א שדכן איז אויך נישט מעהר ווי א שליח למקום. וואָרים, אז נישט, ווי אַזוי וואָלט ער געוואוסט „בת פלוני לפלוני“?

אפילו א מומחה, א רופא, צי גאָר אן אויסגעשטודירטער דאָקטאָר, זענען אויך נישט מעהר נאָר שליחי המקום. אָט קומט זיך צו א חולה, טוט ווי אין ביכעל שטעהט: פּיאַווקעס, באַנקעס, ריצען־אויל, פאַרשרייבט פלעשלעך פון אלערליי קאָלירען און — דעם חולה ווערט אַמאָל בעסער.

הכלל, וועט איהר זאָגען, אז די לאַנגע הויזען, זיי זענען דער רופא חולים? פאַרוואָס דען העלפען זיי אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט? פאַרוואָס דען ביים צווייטען חולה, ביי דער אייגענער קרענק, שלאָגען די אלע זאַכען נישט אָן? עס זענען דאָך די אייגענע

פיאוועס, די אייגענע געהאקטע און טרוקענע באנקעס, די אייגענע אפּאטייק, די אייגענע פלעשלעך!

אדרבה, זאגט איהר, — מה נשתנה?

הא תינח — ביי ארעמע לייט; עס שטעהט דער דאקטאר ביי דער טיר, שרייבט פון דערווייטענס, היילט בעל־פה, קאן זיין א טעות... אבער ביי גבירים! צוויי גביר'ישע חולאים: די אייגענע קרענק, דער אייגענער דאקטאר, די אייגענע רפואה, — און אייגער הויבט זיך אויף פון בעט, און דעם צווייטען, רחמנא לצלן, הויבט מען אראפּ פון בעט.

נו, מה נשתנה?

איהר וועט אפשר זאגען, אז עס האט געמוזט זיין א טעות, אז דער אפּאטייקער האט זיך טועה געוועזען, אדער דער דאקטאר... אמת! עס קאן זיין א טעות... אמאל קומט דער דאקטאר ווי א פאר'סמ'טער פון א שמחה, פון מיטען א טאנץ אדער פון מיטען א קאן, נאך זעקס אזוינע נעכט... דעם אפּאטייקער כאפּט מען נאך האלבע נאכט ארויס פון בעט, פון בעסטען שלאף. נו, קאן זיין, אדער דער דאקטאר האט, על־פּי טעות, שלעכט פארשריבען. אדער דער אפּאטייקער האט שלעכט געמאכט די מעדיציז...

איך וועל אייך אבער ווייזען, וואו עס קאן נישט זיין קיין טעות!

אט, נעמט אונזער בערעל מומחה! דא וועט שוין די גאנצע וועלט מעיד זיין, אז ער האט קיין טעות נישט! ער איז, חס ושלום, קיינמאל נישט שכור, טאנצט נישט מיט נקבות, שפּילט נישט אין קארטען, מאכט אליין אלע רעצעפּטען און טרעט נישט אפּ פון בעט, ביז ער אליין גיסט זיי נישט דעם חולה אין מויל אריין... די ציין האקט ער אויף, און איינגעבען מוז ער אליין.

נו, פּארוואס־זשע איז ביי איהם: איין פיבער — מיט דער האנט אוועק! און דאס צווייטע האלט זיך ווי א סמאלע, קלעפּט זיך ווי א נאס העמד?

איז דאך ווייטער דאס אייגענע — מה נשתנה?

איז דאך נישט מעהר, אז נישט אין זיי וועגדט זיך עס, אז זיי זענען טאקע נאר שלוחים!

אלע זענען שלוחים למקום! והוא הדין יעקעל שרכן; ער איז אויך נאר א שליח למקום!

זעהט איהר, דער דאָקטאָר וועט אייך דאס נישט מודה זיין; זיין פּרנסה לאָזט איהם נישט מודה זיין; ער מוז זיך אָנבלאָזען און זאָגען: „כחי ועוצם ידי“, ווי רעו?

אין אז די רפואה שלאָגט נישט אן, איז דער חולה שולדיג! ער האָט אודאי עפּעס בגנבה געכאַפּט! איז דער חולה נישט קיין איד, טרעפט ער באלד אויף „חזיר“, ביי א איד איז, להבדיל, דער קוגעל שולדיג! כאָטש פון אבות ואבותיו עסט ער קוגעל און עס האָט איהם קיינמאָל נישט געשאדט! טשאָלענט איז גאָר חיות...

נו, רעדט ער ווי א מענש?

אפילו דער רופא, זעהט איהר, האָט שוין, איך בעט איבער אייער כבוד, פּליי אין דער נאָז... ער מוז דאך גערן אויפ'ן דאָקטאָרס וועג! פון וואנען רען, מיינט איהר, נעמט זיך דער „טוב שברופאים“? ע ר זאָגט, אז דער דאָקטאָר איז שולדיג! איהם שטעהט דער דאָקטאָר אין וועג!

דער שקר, אפנים, ליגט שוין אין דער פּרנסה. וואָדים אפילו — בערעל מומחה — דאכט זיך, א פּשוט'ער איד, ער שפּרעכט נאָר אמאָל אליין אָפּ אן עין־הרע... און דרעהט שוין אויך אמאָל מיט דער נאָז!

איך וויל איהם, חס ושלום, נישט באַרערען. די גאַנצע וועלט ווייסט, אז ער האָט מיך מיט א זאלב פּאַר א דרייער אויסגעהיילט פון אזוינע פּלוימען, וואָס די וועלט פּאַרמאָגט עס נישט; נאָר וואָס אמת איז אמת, אנגעריהרט איז ער שוין, „וישמן — ויבעט“, די הצלחה ברענגט דערצו...

אָבער יעקעל שדכן, דאס איז טאַקע א פּשוט'ער פּראָסטער איד; ער וועט אייך נישט זאָגען: כחי ועוצם ידי! רעד מיט איהם, וועט ער באלד מודה זיין, אז דאס איז נישט זיינע קונצען, נישט זיינע חכמות, אז, על־פּי רוב, קומען איהם גאָר די שרוכים צו חלום.

— איך לעג מיך — זאָגט ער — שלאָפען מיט א לעדינען מח, און שטעה אויף מיט א קאָפּ ווי נח'ס תיבה: סאַמע פּאַרלעך און פּאַרלעך.

איהר גלויבט נישט אין חלומות?

זעהט איהר, דאס איז שוין גאָר א נאַרישקייט פון אייך!

בדידי הוי עובדא, איך אליין בין שיער דורך א חלום א מיליאנער געוואָרען.

די מעשה איז אזוי געווען:

איינמאָל, שבועות ביינאכט, עס וועט שוין זיין א יאָהר פינף און צוואנציג, זיץ איך ביים „תיקון שבועות" און שלאָף אזוי איין. אין שלאָף זעה איך פאר מיר שוועבען אין דער לופט א ציפער 613. לכתחילה האָב איך געמיינט (אין חלום, הייסט עס), אז דאָס איז תרי"ג, — 613 מצוות. נאָר איך האָב באלד פארשטאַנען, אז תרי"ג דאַרף זיין מיט הייליגע אותיות, נישט מיט גוי'שע ציפער! אינמיטען הער איך א טראמפּייט, א שטאפּעט קומט אָן, ער קנאַקט מיט דער בייטש; איך הער, ווי ער שטעלט זיך אָפּ לעבען בית־המדרש און פרעגט זיך אויף מיר.

עמיץ — הער איך — פרעגט איהם, וואָס ער דאַרף; זאָגט ער, אז ער האָט פאר מיר א זאַק מיט רענדלעך.

איך האָב דאָס גרויסע לאָז געוואונען!

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט. עס איז מיר זעהר א שאָד געווען, וואָס דער זאַק מיט רענדלעך איז נעלם געוואָרען. נאָר יום־טוב! מען טאָר זיך נישט מצער זיין! איך שטעל מיך אָפּ מיט מיין ווייב, עליה השלום, באלד מוצאי יום־טוב צו פאָהרען אין א גרעסערער שטאָדט אריין און אויסזוכען נומער 613.

ווייסט איהר דאָך... אידישע געשעפטען!

באלד נאָך יום־טוב האָט זיך מיר נישט געמאכט אויף הוצאות. דערנאָך איז מיר, לא עליכם, נישט פאר אייך, נישט פאר קיין שום איד געדראכט, א קינד אוועקגעפאלען... און אוועקגעקומען... איך בין שבעה געזעסען...

דערנאָך האָט זיך געמאכט אין קהלה עפּעס אן עסק וועגען א שוחט, א מחלוקת, האָב איך מיך נישט געקאָנט ריהרען פון אָרט...

און דערנאָך, אז איך האָב מיך שוין, נאָך אלע מניעות, אריינגעזעצט אין בויד, שטעקט מיר אינעווייניג א איד ארויס שלום־עליכם!

— וואו פאָהרט א איד?

איך זאָג איהם.

— אז עסק?

איך דערצעהל איהם, אז איך פאהר קויפען א לאז...

לאכט ער, — עס איז שוין נאכ'ן ציהונג!

און אזוי האב איך פארשפילט מיין לאז!

איך האב מיך אפילו נישט געוואלט נאכפרעגען, וויפיעל דאס לאז האט געוואונען. ווער מיין געלט האט צוגענומען... ערשטענס, האב איך געוואלט פארגעסען דערינען, עס איז דאך א הארצוועהטאג; צווייטענס, האט מיר מיין ווייב, עליה השלום, אויפגעגעסען, זי זאל מיר מוחל זיין, די גאל, אז דער קאפ איז אויף מיר ארומגעפאהרען... און דריטענס, האבען זיך ווייטער געמאכט עפעס קהל'שע עסקים, חטאים מאוס'ע פון א בעלפער, די מקוה האט מען פאר'חתמ'עט! —

דאס געהער שוין נישט צו דער זאך; זעהען דאך זעהט איהר, אז א חלום איז נישט קיין קלייניגקייט! אז מען מאכט קיין חלום נישט אוועק מיט דער האנט! פארוואס דען זאלט איהר נישט גלויבען, אז מען איז יעקעל שדכן מודיע אין חלום: וואו, ווענען און ווען מען דארף אנשלאגען?!

און איך זאג אייך, אז איך גלויב באמונה שלמה, אז דורך דעם נאר, מאכט זיך אמאל א גט, וואס א יעקעל שדכן, א פלוט, האט אמאל א טעות און פארגרייזט א חלום!

און א והא ראיה: מיר זעהען טאקע, אז אויב א מאן לעבט מיט א ווייב אסך יאהרען בשלום, ווי גאט האט געבאטען, קריגען זיי טאקע איין צורה! די אייגענע הויות, די אייגענע תנועות, די אייגענע סוגות, גלייך זיי וואלטען א צווילינג געוועזען! פון וואנען נעמט זיך דאס?

איהר וועט זאגען: א הרגל! ניין, ברודער! דאס האט שוין דער רמב"ם, עליו השלום, אויסגעוויזען אריסטון, אז א הרגל איז בלאטע! ווארפט אונטער — זאגט ער — א מייזעל, ווערט די נעלערענטע קאץ צוריק קאץ, כאטש זי קאן עסען שוין ביים טיש מיט מעסער און גאפעל!

אריסטו — זאגט מען — האט אפילו דעם רמב"ם נישט מודה געווען... עס האט איהם נישט געפאסט! ער האט שוין זיין ספר וועגען הרגל מיט אלכסנדר מוקדון'ס הקדמה געהאט אפגעדרוקט

און אויף דער וועלט צושפּרייט, אָבער געבליבען איז ער אַהן אַ וואָרט אין מויל!

נו? האַלט איהר אויך נאָך אין הרגל? לאו! אַ הרגל ברעכט נישט קיין טבע! נישט מעהר, גאָט ברוך הוא, איז, כביכול, אַ נו־טער בעל־עגלה; אז ער שפּאַנט איין אַ פּאָר פערד, איז עס אַז אמת'ע פּאָר!

און ווייסט איהר, וואָס א י ך וועל אייך זאָגען?

דער אמת א י ז, אַז איהר אַליין זענט אויך נישט קיין נאַראָנים, איהר ווייסט אויך דעם אמת ביי זיך! וואָרים, באשר בכן? איהר זענט נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב? אייערע נשמות זענען נישט געשטאַנען ביים באַרג סיני, חס ושלום?! ביי אייך, זעהט איהר, שווימט די כפירה, דאָס אפיקורסות אַזוי פון אויבען. דעריבער געהט זי אייך אַלע מאָל איבער'ן מויל... אָבער אינע־ווענינ!

איהר לייקענט? וואָס דען זאָלט איהר זאָגען? איך זאָג אייך, בוימאויל אויפ'ן וואַסער!

עס איז אַזוי! אין אַ חדר האָט איהר דאָך אַמאָל געלערענט: וואַסער איז מים, און מים, האָבען מיר אַ קיימא־לן, איז תורה... אמת איז, אַז בוימאויל — שמן — איז אויך תורה, נאָר ווער זאָגט דען, אַז די כפירה, רחמנא לצלן, איז בוימאויל? בלאָטע איז זי, בנאמנות — בלאָטע! עס רעדט זיך נאָר אַזוי: ווי בוימ־אויל אויפ'ן וואַסער!

און קומען קומט דאָס פון דער מאָדע! און היינט איז אַ מאָדע חוזק צו מאַכען אוים אַ אידישען מנהג, אוים אַ אידישער אמונה... און וואָס טוט איהר נישט פאַר דער מאָדע ווענען! אָט שטייפט איהר איין דעם גאַרגעל. איהר ווערט רויט ווי אַן אינדיק, פרייכט ווי אַ גאַנז, און פון וועמעס וועגען? פון אַ שניפּסעל ווענען, און די גאַנצע סחורה איז אַ כזית, אַ כשעורה... אמת — כדאי? און היינט, וואָס איהר פּענטעט אייך די פיס מיט ענגע קאַמאַשען מיט שפּי־צער?... באשר — איהר האָט נישט קיין הינער־אויגען. וואָס? נישט מעהר — עס איז מאָדע! איהר מוזט גלייך זיין צום אַפּאַטייקער! איי וואָס, דער אַפּאַטייקער איז אַן אַנדערע גזע; ער האָט נאָך קיין גאַרגעל נישט, און זיין פוס פּאַסט אין שטיוועל

ריין, ווי א פריצ'ישער בריף צום קאפערטעל... איהר מוזט אבער גאַנטאַנצען!

און, אז דער אפאטייקער מאכט חוזק פון יעקעל שדכן, זאגט איהר, אז איהר גלויבט נישט אין זווגים!

עס איז ביי מיר הייליג!

א והא ראיה! איך האב אמאל געזעהן, ווי אן אמת'ער דייטש, אבער טאקע אן אמת'ער, אהן תפילין, ריין „קאשע מיט שנויץ", האט אין אקע געשפילט! ער האט אינמיטען קאן באין אופן קיי־נעם קיין דרייער נישט געבארגט, קיין רובל אויסגעטוישט, דאס געלט קיינמאל נישט געוואלט צעהלען! פריהער ווייטער, אז עס איז איהם נישט געגאנגען, האט ער פלוצים געכאפט דעם קוימען, דעם קאפעלוש, הייסט עס, און איז געלם געווארען אויף א מינוט...

נו? איהר וועט מיר איינרעדען, אז ער גלויבט נישט אין סגולות? איך ביז אייך ערב, אז ער איז ארויסגעלאפען מאכען די סגולה...

זעהט איהר, איך טו עס נישט! שפיל איך אין קארטען. אין קווימלער מיין איך, שפיל איך עהרליך... על פי דרך הטבע!

יענעם הייסט שוין ביי מיר א שקר, א כנופיא מיט יענע לייט!.. נאר מיין דאגה! מאכט ער יא א סגולה... נאר פארוואס לאכט ער אוים א פרומען איד, הא?

איך זאג אייך, אז איהר גלויבט! אז איהר גלויבט גלייך מיט אלע אידען! והא ראיה: פרואווט, זאל אייך פיער וואכען א צאן דרעהען, א פיבער ווארפען, אדער א פוס ברעכען, וועט איהר נישט לויפען צו א גוטען אידען?...

אניט צו א זנאכער! אין דער סטרא אחרא גלויבט איהר דאך אודאי!

זעהט איהר, איך זאג אייך דעם אמת! און, צוריק געשמועסט: מה לי לשקר?

# שמעיה דער גבור.

נאך „מעריב“, און דער חב"ד'ער מנין האט אויפגעקאכט ווי א קעסעל. ס'טייטש ? ! דער רב האט גע'פסק'עט לויט'ן חיי אדם. דעם רב־שלחן־ערוך אוועקגעמאכט מיט דער האנט !

— א חוצפה, א העזה ! — האט מען געשריגען און געפאטשט אין די טישען און אין ידי הענט — אזא חלול השם ! אזא רציחה ! זייט די וועלט שטעהט, איז נאך אזא אויסטערלישער חלול השם נישט געוועזען.

מען קאן נישט שווייגען, מען טאר נישט שווייגען און מען וועט נישט שווייגען !

— נאר — וואס טוט מען ?

עס פאלען פארשידענע פלענער :

איינער זאגט : עס איז א יושר מען זאל „דעם חצוף, דעם בטלן“ טאקע ממש „קורע כדג“ זיין ! און ווען ? טאקע „ביום הכפורים שחל להיות בשבת“ —. „למען ישמעו ויראו !“

און נישט דעם רב אליין, נאר „דעם רב מיט דער גאנצער טרפה'נער משפחה“ !

עס איז אבער געשעהען חול־המועד סוכות, ווארטען אויף „יום כפור“, בפרט אויף א יום כפור שחל להיות בשבת, איז צו ווייט ; דעריבער ראט א צווייטער : מען זאל איהם כאטש דערווייל „עוקר מן השורש זיין“ — דערנאך וועט מען זעהן !

א דריטער וויל, מען זאל איהם קודם־כל לעגען אין חרם אריין; אונטערווארפען „חרם־קוויטלעך“ אין אלע בתי־מדרשים, אין אלע שטיבלעך, אפילו אין רב'ס מנין אויך, אויף זיין אייגענעם שטענדער זאל זיין אנגעקלעפט א חרם־קוויטעל, און דוקא מיט גרויסע אותיות, און גע'כתיב'עט. ניש־קשה ! חב"ד'ער חסידים פארמאגען נאך מענשען, וואס קאנען שרייבען ווי געדרוקט !

איינער שרייט: דעם ספּאַדיק זאָל מען איהם אַפּרייסען פון קאָפּ, „עפרא דארעא“ זאָל מען פונ'ם מאַכען!

מען ווייסט נישט וועמען: דעם רב אַליין, צי נאָר דעם ספּאַדיק, נאָר אַלע פיהלען, אז עס איז געשעהען א מעשה רע, אז דאָ איז „לא תקום ולא תטור“ נישט נוהג, אז עס וועט זיך די וועלט איבערקערען!

איינער, אַן אַלטער מאַן מיט גריין־גרויע באָרד און פּאות און רוהיג ליכטיגע אויגען, וויל איינשטילען דעם צוקאָכטען עולם; עס געהט אָבער נישט. ער פּרואווט רעדען, זיין שטימע ווערט אָבער פאַרטרונקען אינ'ם הייזעריגען אַרומיגען געשריי. ער פאַרשפּרייט די הענט, ציהט זיי אויס מיט פאַרשידענע צייכען; די פלאַמענדיגע אויגען באַמערקען נישט. ער קלאַפּט אין טיש אריין, נאָר דאָס טוען צעהנדליגער הענט מיט אַמאָל! ענדליך פאַרלירט ער אויך זיין רוה, שפּרינגט אויף א באַנק אַרויף, פון באַנק אויפ'ן טיש. טרעט אַן עמיצען אויף א האַנט. עס הערט זיך א קוויטש, וואָס שניידט דורך דאָס ווילדע געשריי, ווי א שאַרף מעסער. דער עולם דערהערט, קוקט זיך אום און בלייבט ווי פאַרבליפט, דערזעהענדיג דעם אַלטען איד אויפ'ן טיש.

און דער אַלטער באַנוצט זיך דערמיט און רופט אויס:

— רבותים, איהר זינדיגט! א איד, א תלמיד חכם! איהר רעדט על ה' ועל משיחו — — איך בין אייך מתרה!

דער עולם צורודערט זיך צוריק, עס הערען זיך געשרייען: שאַ, שאַ! שווייג! אַנדערע רופען:

— אַה! דער קאַלטער הסיד! דער קאַלטער איד! הערט איהם ווי'ן רב!

און א הויכער דאַרער יונגערמאַן, א בלאַסער מיט טיפע פלאַמענדיגע אויגען און ציטערדיגע שליפען, שלעפּט אַראָפּ דעם אַלטען ביי דער פּאָלע און רופט אויס:

— רבותים, א י ך געה! א י ך וועל מיך נוקם זיין! א תל וועל איך פונ'ם מאַכען!

דאָס האָט אַן איינדרוק געמאַכט.

מען האָט גערעכענט זיך אויסצושרייען, אויסצוזידלען, טאַקע צו מאַכען „א הימעל געשריי“, אָבער עס זאָל קומען צו א פּאַקט, עס זאָל עפּעס מקוים ווערען?

און ווער? שמעיה, דער קראנקער שמעיה מיט די טאנצענדינע אדערען ביי די שלייפען. מיט'ן קאלכיגען פנים, מיט די ברוינע ליפען, מיט אריינגעפאלענע אויגען — דער „בעל־בכי" פון ימים־נוראים, דער „קאפ־און־וואנט" קלאפער ביי סליחות? דער שטעלט זיך איין? שמעיה! דער מלמד, וואס איז אפהענגיג פון בעלי־בתים, וואס אין איין טאג קאן מען איהם דעם חדר צושלעפען, לא־זען איהם אהן א ביסען ברויט... דער אפגעריסענער שמעיה, דער אביון, דער... דער... דער ווארם?!

דער עולם בלייבט אווילע שטיל און וואונדערט זיך, און דער קאלטער חסיד באנוצט זיך מיט דער שטילער רגע און רופט:

— שמעיה! גאט איז מיט דיר! דיין סוף וועט נישט גוט זיין!

שמעיה אבער הערט נישט.

— איך וויל, — שרייט ער, — אומקומען על קדוש השם! איך וויים, בעלי־בתים וועלען מיך רודף'ן... נאר „עת־לעשות!"

— „עת לעשות!" — חזר'ט ער איבער. און דער עולם זעהט, ווי די אויגען פינקלען ביי איהם ווי די שטערען! עפעס איז ער אינגאנצען אנדערש געווארען, אויפגעוואקסען מיט אמאל אזוי גרויס, עפעס אזוי הייליג. גארנישט דער אייגענער שמעיה!

— „מן השמים" — טראכט דער עולם, און מען מינטערט איהם:

— געה, געה, שמעיה! זיין ליעבער נאמען וועט זיין מיט דיר! געה!

דער אלטער רופט אריין מיט א הארטער שטימע:

— זה התרנגול ילך—למיתה!

— רשע מרושע! — ענטפערט דער עולם מיט א כעס.

— — — — — — — — — — — — — — —

שמעיה לויפט איבער דער גאס, און דעם אלטענס קול יאגט איהם נאך און קלינגט איהם אין די אויערען: זה התרנגול, זה התרנגול...

— פארוואס? פאר ווען? — וואונדערט זיך שמעיה. — צי נעמט ער זיך נישט אן דעם רבונו של עולם'ס קריוודע? צי וואלט פנחס אהרן הכהן'ס אייניקעל אנדערש געטאן?

ער לויפט און דאס הארץ ווארפט זיך אין איהם, ווי אן איי־בערגעשראקענער פויגעל אין אן איינגער שטייג; דער אטעם ברענט, די שלייפען האקען, די פיס ציטערען, נאר אפשטעלען זיך האט ער מורא. ער ווייסט, אז ווען ער זאל נאכגעבען דעם יצר־הרע און אפשטעלען זיך א רגע, איז ער אויס „פנחס“. און ער לויפט אלץ האסטיגער און האסטיגער.

גאט זיי דאנק, דעם רב'ס טיר!

און די טיר איז אפען, ער פאלט־אין שטוב אריין.

ביי א קליינעם טישעל, נישט ווייט פון פענסטער, זיצט דער רב, פארטיפט אינ'ם „ים של שלמה“, אין דער לינקער האנט האלט ער א חלב'ן ליכטעל נאהנט ביים ספר, מיט דער רעכטער האלט ער צו דאס גערדרעהטע הערלזעל פון לאנגען ציבעק, וואס שטעהט מיט דער ליטקע אויף דער פאדלאגע. דער שטערן איז געקנייטשט, די אויגען לויפען איבער'ן ספר געשווינד, און אז זיי קומען צום ברעג פון דף, לאזט די רעכטע האנט אפ דעם ציבעק און שארט אוועק די גרויע בארד פון ברעג.

ער דערהערט טריט, הויבט אויף די שטילע גרויע אויגען, דער שטערן גלייכט זיך אויס, דער קאפ הויבט זיך אונטער.

— שמעיה, דו ביסט עס? — פרעגט ער געלאסען.

און אז ער דערזעהט, ווי שמעיה'ס אויגען ברענען, די ווייסע ליפען ציטערען און די הענט ווארפען זיך, פרעגט ער אומרוהיג:

— וואס איז מיט דיר, שמעיה?

— מיר — גארנישט — ענטפערט שמעיה קאכענדיג מיט שוים אין מויל, אייך — דיר זאל גאר עפעס נישט זיין! איך בין דיך נעקומען עוקר מן השרש זיין — פושע באלקי ישראל!

דער רב שטעלט זיך אויף:

— משוגע, מטורף!

נאר שמעיה שפרינגט אונטער, רייסט דעם רב דעם ספאדיק פון קאפ און לויפט מיט איהם ארויס!

דער רב פארריכט זיך געשווינד די יארמולקע און ווישט זיך איבער דעם שטערן, צי איז עס נישט א חלום געווען?

ער רוקט זיך צום פענסטער און זעהט: שמעיה לויפט און רייסט דעם ספאדיק!

— שמעיה! — שרייט איהם נאך דער רב פון פענסטער— אויב דו ביסט נישט משוגע, הער, איך בין דיר מוחל, הלואי מען זאל דיר דארט מוחל זיין!

---

נישט־טויט, נישט־לעבענדיג, קומט שמעיה צוריק אין שטי־בעל אריין.

עפּעס בייסט איהם אין האַרץ, עפּעס קלינגט איהם אין די אויערען, א קאלטע שרעק צושפּרייט זיך איהם אין די אדערען. נאר ער באטויבט אלץ מיט א הויכען געשריי, מיט א געשריי פון א שכור'ן נצחון:

— אזוי, רבותים, מן השמים האט מען מיר געהאָלפען! זעהט, איהר ווייסט... א נייער ספּאָדיק, שמעון היטעלמאכער... געמאכט ערשט יענע וואך... יא? און צוריסען, אויף פּיץ־פּיצלעך צוריסען, מיט מ י י נ ע הענט, איך אליין!

און ער שטרעקט אויס די דארע, וואקס־געלע הענט...

— מן השמים, מן השמים... קיין פאדעם נישט געבליבען.

דער עולם שווייגט האלב־דערשראקען און דער אלטער רופט:

— חייב מיתה ביסט דו, שמעיה, וועסט נישט „מוציא שנתו“ זיין...

ווי להכעיס דעם אלטען צורודערט זיך אביסעל דער עולם. דער און יענער הויבט די אויגען אויף פון דער פּאדלאגע און שטא־מעלט:

— א וואוילער יונג, שמעיה —

— א גבור, שמעיה! — כאפּט אונטער דער צווייטער.

א דריטער וויל בעסער שיקען נאך אביסעל י"ש... עס איז עפּעס „אפּגעפּאלען“, אפּגעקיהלט געווארען, מען דארף צוריק אויפ־הויבען, אויפלעבען!...

דער שמש נעמט ארויס א פלאש פון בוזעם; א חברה־מאן — קעלישקעס פון א קעסטעל.

מען פרעגט אפילו נישט ווי תמיד: ווער צאהלט?

מען פיהלט, אז מען מוז נעמען א קאפּ, כאטש שמעיה'ן צו־ליעב. ווי ער ציטערט!

— לחיים! לחיים! ווער טרינקט?

אלע טרינקען, אויסער דער אלטער.

— ערגער ווי יין נסך, — זאגט ער שטרענג. דער עולם מאכט זיך נישט הערענדיג, רינגעלט ארום שמעיה'ן:

— לחיים! לחיים!

— א ברכה לבטלה! מאכט דער אלטער...

— זקן־אשמדאי! אלטער תרח!... ווערט דער עולם אין כעס.

דער אלטער פארטייטשט:

— א מורד במלכות, מאן מלכא? רבנן!

— ער האט מיר מוחל געווען, פון פענסטער געשריגען! — דערמאנט זיך שמעיה און שרייט.

— תלמיד חכם שמחל על כבודו אין כבודו מחול, — זאגט דער אלטער קאלט און הארט ווי געפרוירענער שטאל.

שמעיה האט א ציטער געטאן, די שווארץ־אפעל פון די אויגען זענען איהם ערגעץ פארשוואונדען געווארען און ער האט געקוקט פאר זיך מיט צוויי ווייסע לענגליכע פלעקען.

אהיים געהענדיג וואקעלט זיך שמעיה ווי א שאטען; קוים ער שלעפט נאך די פיס.

— עס, שטארקט ער זיך, — אז אלטער נאר רעדט... אויסגע־וועפט... שוין אהן א פונק... כ'הער איהם ווי א רב...

— און יענער האט מיר מוחל געווען...

— און גלוי וידוע לפניך, ער הויבט די אויגען אויף צום הי־מעל) אז נישט מיין כבוד — —

דער געדאנק האקט זיך איבער. ער האט באמערקט די לבנה. און עס דאכט זיך איהם, אז זי קוקט אויף איהם בייז. יהושע בן נה קוקט אויף איהם מיט כעס, מיט איין אויג!

ער דערשרעקט זיך, רוקט זיך צו צו א וואנד, שפארט זיך אן און קוקט דערשראקען אויף דער לבנה.

עס שווימט אן א לייכט ווייסליך שטיקעל וואלקען און פאר־שטעלט די לבנה.

ער אטעמט אפ.

— עס האט זיך מיר נעדאכט!

— און, — טרייסט ער זיך ווייטער — מען זאל אפילו דארט

אויף מיר פעראיבעל האבען, וועט ער, זכרונו לברכה, נישט דער־לאזען צו עפּעס שלעכטס... זיין כבוד!

ער וואקעלט זיך ווייטער, אנהאלטענדיג זיך אן דער וואנט פון יעדען הויז.

דער קאפּ איז איהם שווער, זעהר שווער און ער וואונדערט זיך, אז פון אזא ביסעל בראנפען, זאל איהם שווער ווערען דער קאפּ.

צי איז מיר נישט עפּעס?

ער איז שוין פאר זיין שטוב.

עס פאלט איהם איין, נישט מיט אמאל אריינצוגעהן.

ביילע, טראכט ער, וועט זיך פאר מיר דערשרעקען. ער פיהלט, אז ער מוז שרעקליך אויסזעהן.

ער מיידט די טיר און געהט צו דער באנק אונטער'ן פענס־טער.

ער זעצט זיך און שפּרינגט באלד אויף.

עס פאלט איהם איין, אז ער מוז אריינקוקען דורכ'ן פענס־טער אין שטוב, צי איז נישט דארט, חס ושלום, עפּעס געשעהן!

די קינדער, זעהט ער, שלאפען שוין אין די בעטען, ביילע שטעהט אנגעשפּארט ביים קוימען, זי האט איינגעדרימעלט שטע־הענדיג ביים קוימען, מיט'ן שטיקעל קין — וואס זי האט געזאלט אונטערלעגען, די וועטשערע זאל נישט קאלט ווערען — אין דער האנט. דאס פייער איז דערווייל אויסגעגאנגען.

און די ווייסע ליפּען זיינע ציטערען: געלויבט השם יתברך, געלויבט זיין ליעבער נאמען!

ער קאן זיך דאך נישט אוועקרייסען פון פענסטער.

---

דאס פייער פון קוימען איז פארלאשען.

דאס לעמפּעל אויפ'ן טיש האלט אין אויסגעהן.

עפּעס וואונדערליכע שאטען דרעהען זיך ארום אין שטוב.

דאס פּנים פארקרימט זיך איהם פאר שרעק און קאלטע טראַ־פּען שוויים רינען און רינען פון שטערן.

ער דערקענט זיי, די שאטען.

דער פאטער, עליו השלום, און דער פעטער דוד, און יונתן דער

צווייטער פעטער, און חיים־שמואל — פון ווייבס צד... דער הינקט אונטער, ווי ביים לעבען...

זיי נעהען אויף און אפּ, זייער קול הערט ער נישט, נאר זיי קוקען אויף זיך און אז די תנועות, אז די הענט זעהט ער, אז זיי רעדען צווישען זיך, דער עיקר דער פעטער דוד, שטענדיג אן עקשן געוועזען; ער שטרעקט פלאך אויס די האנט, ער זאגט אודאי: דא זאל מיר האר וואקסען!

זיי נעהען פארביי פאר ביילע'ן און שאקלען טרויעריג מיט די קעפּ. א רחמנות — הייסט עס — אויף ביילע'ן, וואס איז זי, נעבעך, שולדיג? דערנאך נעהען זיי צוריק און פארהאלטען זיך ביי די בעטען, קוקען לאנג אויך מיט רחמנות אויף די קינדער...

און עס הויבט אן עפּעס שטיל צו רוישען אין אויער. ער האט אויפגעכאפּט עפּעס ווי: יתומים, ארעמע יתומים.

ער לאזט ארויס א ווילד געשריי.

---

ביילע איז ארויסגעלאפען און ארייננעפיהרט שמעיה'ן איז שטוב אריין.

— וואס איז מיט דיר? וואס האסט דו געשריען?...

— ביסט שטעהענדיג געשלאפען, האב איך דיך געוועקט!

— שטאמעלט שמעיה אויס א תירוץ.

ביילע קוקט אויף איהם און קאן דעם תירוץ נישט גלויבען.

— האסט זיך עפּעס דערשראקען?

— ווי? ווער?...

— זעה נאר ווי דו זעהסט אויס?

— ווי זעה איך אויס? ווי א איד זעה איך אויס.

ביילע זיפצט און פארריכט דערווייל דאס לעמפּעל.

— נעם אביסעל בראנפען, נעם, איך וועל דערווייל פייער מאכען, אייז־קאלט זענען די קארטאפעל.

— איך וועל נישט עסען...

— ביסט שוין נענוג — ווענדט זיך ביילע אפּ פון קוימען.

— איך האב, דאכט זיך, אביסעל היץ.

ביילע לויפט צו און לעגט איהם די האנט צום קאפּ.

— ביסט קאַלט ווי אייז! נאָר דו ציטערסט אינגאַנצען. האָסט זיך פאַרקיהלט?

— אפשר.

— לעג דיך אין בעט אריין... אליין... כ'וועל נעמען אַלע קינ־דער צו מיר.

— לעג דיך, — בעט זי זיך, — איך וועל דיר מאַכען טיי!

— ניין,—שטאַרקט זיך פּלוצים שמעיה,—שלוחי מצוה אינן נזוקין! איך הער זיי ווי די קאַץ, זאָל ער זיך מחילה מאַכען א נייעם ספּאָדיק!

און ער פאַלט אין נצחון.

— און דעם נייעם ספּאָדיק וועל איך אויך צוררייסען!

ער רעדט וואָס אַמאָל העכער, ער האָט די קינדער אויפגע־יועקט.

— טאַטע, טאַטע! — ווערט א געראָפעריי, — מיר האָבען געוואָרט.

— שאַט, קינדער! איך האָב היינט א גרויסע, גרויסע מצוה געטאָן, א גרויסע מצוה, מקדש השם געוועזען! פון רב'ס ספּאָדיק אַש געמאַכט...

— איהר פאַרשטעהט? פון חיי אדם האָט ער גע'פּסק'עט! דער רב־שלחן־ערוך, זאָגט ער, אי'ז גאָרנישט! עפרא לפומיה. איהר הערט! עולם הבא זיכער! הערסט,ביילע, אָבער זיכער!!!

ביילע ענדערט זיך אויפ'ן פּנים פאַר שרעק, עס רייסט זיך איהר א געוויין פון טיפסטען האַרץ צום האַלז צו, זי האַלט זיך איין. זי זאָל שמעיה'ן און די קינדער נישט איבערשרעקען.

זי שטאַמעלט:

— צום עולם הבא, שמעיה, איז נאָך ווייט...

— אָבער הערט, ווי אַזוי עס איז געוועזען.

און שמעיה דערצעהלט באריכות די שאלה, וואָס מען האָט געפרעגט דעם רב, וואָס דער רב־שלחן־ערוך זאָגט, וואָס דער חיי־אדם זאָגט, און וואָס דער רב האָט געזאָגט, און וואָס פאַר א וכוח עס איז געוועזען אין שטיבעל, און ווי דער עולם האָט געשריען, און ווי ער איז געלאָפען צום רב, וואָס ער האָט געטאָן, און ווי ער איז צוריקגעקומען, ווי מען האָט איהם געוואונשען, לחיים געטרונקען.

די קינדער שווייגען און ביילע פרעגט:

— און וואס האט דער אלטער ברוך געזאגט?

— דער אלטער תרח, — שפרינגט שמעיה אונטער ווי אן אפּגעבריהטער — ימח שמו דער אלטער תרח... געשאלטען האט ער מיך, כ'וועל דאס יאהר נישט אויסלעבען — דער אלטער כלב.

ביילע איז ווי געפאלען אונטער זיך אויף א באנק און האט זיך שטיל און ביטער צוואויינט.

שמעיה געהט ברוגז צום פענסטער.

מילא זי, א אידענע... אבער די קינדער! דער עלטסטער פון פינף יאהר, פינף יאהר און פארשטעהט נאך נישט! א שעהנעם קדיש וועט ער איבערלאזען.

די קינדער זענען צוריק איינגעשלאפען; ביילע ווישט זיך אויס די אויגען און געהט צו צום קוימען, זי בלאזט אויף אביסעל פייער, גיסט אן א טעפּעל וואסער און שטעלט צו אויף טיי.

אנגעשפּארט מיט איין האנט אויפ'ן עק קוימען, קאן זי די אויגען נישט אפּרייסען פון שמעיה'ס אקסעל.

ער שטעהט מיט'ן שטערן אנגעשפּארט אן דער שויב און ציטערט, און די פּלייצע ווארפט און ווארפט זיך...

— שמעיה, — רופט זי זיך אן, — כ'וועל געהן נאכ'ן פעלדשער...

ער דרעהט זיך צו איהר איבער.

— נאך וואס? זעה בעסער די לבנה זאל נישט אזוי קוקען... וואס האט דיר דער פעטער דוד געזאגט... ער האט געטייט אויף דיר מיט'ן גראבען פינגער...

---

שמעיה איז שוין צו זיך נישט געקומען.

# הכנסת כלה.

ר׳ עוזר האפּענשטאַנד איז, קיין עין־הרע, א איד — א גביר; אפשר א מיליאָנער; ער האָט שוין עפּעס צו זאָגען אויף ד ע ר וועלט, אויף י ע נ ע ר — אודאי!

אַט, זיצט ער ביים טיש, ביים „וואָרעמעס״.

א טיש — ווער מיר גוטס גינט! די סעודה הויבט זיך אָן מיט הערינג, קילקעס, סערדינען...

זילבער — ווי האָליץ! עס בלאַנקט אויפ׳ן טיש, אינ׳ם אַפּענעם קרעדענץ; אַרום אויף די ווענט הענגען א צעהן זילבערנע טאַצען, וואָס קאָנען שוין אין קרעדענץ נישט אריין. פון איבער דער שאַנק בליצט אַראָפּ א גרויסער חנוכה־לאָמפּ מיט אויסגעשניצטע בלומענגרעהרען, און אין ביידע זייטען שטעהען, ווי אויף דער וואַך, צוויי אומגעהייערע שבת׳ניקעס.

ער אַליין, ר׳ עוזר, איז א קליין, דאַר אידעל און ווערט איינגאַנצען פאַרלוירען אינ׳ם גרויסען, מיט רויטען סאַמעט אויסגעבעטע פאָטערשטול. קוים איבער דער אָנלעהן גלאַנצט דאָס גרין־סאַמעטענע, הויך, ברייט און שטייף אויפגעשטעלטע היטעל, די פאָרם איז זיין אייגענע ערפינדונג! דערמיט וועט ער איבערגעהן אין דער חסיד׳ישער מויל־געשיכטע איש מפי איש אויף אייביג!

ער וועט שוין האַלטען אין גן־עדן ביי משניות (אָנהויבען וועט ער טראַף!) און אונזערע אוראייניקלעך (אַזוי האָפט ער) וועלען נאָך טראָגען די פאָרם, דאָס עוזר־קאַשקעטעל.

עסען עסט ער שווייגענדיג, מיט ערנסט־איינגעצויגענע שטערן און ברעמען, אָהן א בליק פאַר די בייזיצער.

און דער לאַנגער טיש איז באַזעצט. רעכטס — א שורה נקבות: דאָס ווייב, צוויי טעכטער, א שנור מיט דריי אייניקלעך; אין דער לינקער האַנט — מאַנספּערזאָנען: צוויי זיהן, אַן איידעם און זייערע דריי חדר־אינגלעך.

דאָס ווייב זיינס טראָגט אַן אויסגעשטיקט האַר־באַנד און־טער אַ טיפע קאַפּקע, מיט פּלאַטערדיגע ברייטע פלאַמענדיג רויטע בענדער, — די טעכטער טראָגען שייטלען, די שנור האָט שוין דער־גרייכט צו פּריזירטע „קרעפּינקעס“.

די מיידלעך דאַרפען זיך די האָר נישט פאַרשטעלען. די „גרזשיוועקעס“ יאָגען זיך פריי אַרום איבער די שמאָלע שטערנס, אַז עס וועט קומען צום אַפּגאָלען — ווער ווייסט ? !

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, איז נאָך אויבען־אָן ר׳ עוזר׳ס מו־טער געזעסען ! אַ אידענע אין אַ שטערנטיכעל, אַראָפּגעהאַנגענע אויהרינגלעך און אַ ברוסט־טיכעל מיט אַן אויבעל, — איז זי שוין אויפ׳ן עולם־אמת...

די מענער טראָגען זיך אויך פאַרשידען. ר׳ עוזר אַליין זיצט אין זיין חסיד׳ישען „צילינדער“. דער זוהן — אין אַ שפּיציגער, די איידעמס — אין פלאַכע, קאַנטיגע יאַרמולקעס. די חדר־אינגלעך טראָגען שוין „קאַשקעטלעך“, אויף וועלכע ר׳ עוזר וואַרפט אַלע־מאָל אַ בייז אויג ; דער היטעלמאַכער האָט פאַרשמעלט און פאַר־קירצט די פאָרם !

יענע וואָך איז נאָך דאָ געזעסען אַ מלמד אין אַ קאַפּטאַן מיט סטראַקעס ; האָט מען איהם ערגעץ אויפגענומען פאַר אַ רב אין אַ שטעדטעל, דאַרף ערשט ר׳ עוזר פאָהרען צום רבי׳ן פרעגען אויף אַ נייעם מלמד. גלאַט אַזוי לאָזט ער נישט אין שטוב אריין !

„היינטיגע צייטען,“ טראַכט ער און זיפצט.

ער קוקט אַרום און זעהט, ווי די צייט רייסט אַלע מינוט אַפּ אַ שטיין פון דער מויער, מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי קונציג אַרומגעבויט, אָפּצוטיילען זיך פון דער אַפּיקורסישער גרויסער וועלט, צו וועלכער ער געהערט לויט׳ן פאַרמעגען. זי, די נייע צייט, גנב׳עט זיך אריין ווי אַ וואַסער אין זיין אַלטער תיבה, אין וועל־כער ער האָט געוואָלט איבערשווימען דעם „דייטשען מבול“, אַז קיינער פון זיין משפחה זאָל זיך אפילו קיין פוס נישט איינגעצען ! אָבער עס געהט נישט !

אַן אייניקעל, אַ מיידעל — האָט מען נאָר געלערענט אָביסעל שרייבען, האָט מען זי שוין געכאַפּט לעזען אַ ראָמאַן ; אַ שנור האָט זי פאַר׳מסר׳ט, מן־הסתם איז „ראָמאַנען“ נישט קיין גוטס.

אין צווייטען אייניקעל — אַ אינגעל — איז פּלוצלונג אַריין

אַ דבוק — ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: איז שקאַלע אַריין. עס האָט נישט געהאָלפֿען קיין רעדען, קיין בעטען, קיין חלש'ן, קיין שלעג אפילו... מען האָט איהם קוים איינגענומען מיט אַ גאָלדענעם זייגערל!

ער ציהט איין נאָך פעסטער די ברעמען — ער זעהט בחוש, מיט זיינע אויסגעוויינטע, אַלטע אויגען, מיט וועלכע ער האָט אַזוי פיעל תהלים געזאָגט, אַזוי פיעל געלט געצעהלט און אַזוי פיעל וועלט געזעהן, אַז די צייט האָט קיין רחמנות נישט, אַז זי ווישט און ווישט אָפּ דאָס אַלטע, דאָס פאַרשימעלטע, דאָס הייליגע!

---

עס עפענט זיך די טיר.

עס קומט אַריין אַן איבערגעבויגענער איד מיט אַ ווייסער צו־פלאַשעטער באָרד, וואָס פלאָנטערט זיך צוזאַמען מיט די פעדעם פון דער אַלטער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע, אַ בלייכען פנים אונטער אַן אויסגעפּעצטען הימעל.

דער דלות אליין איז אַריינגעקומען.

— שלום עליכם, מענדעל, — רופט צו איהם דער מיליאָ־נער.

— עליכם שלום, עוזר, — ענטפערט מענדעל־דלות.

ער געהט צו צום טיש; דער בעל־הבית וויקעלט זיך אַרום די האַנט אין אַ סערוועט און דערלאַנגט איהם „שלום־עליכם".

דאָס איינענע טוען די איידעמס, די אייניקלעך. א י י נ ס נאָר פאַרקרימט זיך. —

מען זאָל איהם נאָך אַ ברעלאָק קויפען צום זייגערל, וואָלט ער זיך אפשר נישט פאַרקרימט אויך.

מענדעל אָבער באַמערקט עס נישט, און שמייכעלט:

— עפּעס האָסט דו, עוזר, צופיעל ווייבער ביים טיש!

— סאַמע אייגענע! — ענטפערט עוזר ערנסט און מיט אַ זיפץ.

איז הארץ איז ער מסופק, אויב אַ שנור איז אַן אייגענע.

— ווייסט דו וואָס, עוזר, — מאַכט ווייטער מענדעל, — איך וועל נעמען אַ טרונק בראַנפען.

— נו!

— נו, שקצים׳לעך, לאזט!

און דער „דלות“ רוקט זיך אריין צווישען צוויי איינציקלעך־שטולען און נעמט אביסעל בראנפען.

— און פארבייסען? — פרעגט ער, אויפהויבענדיג די פייכטע אויגען צו דער בעל־הבית׳טע.

עוזר גיט א ווארף אן אויג, שוין מיט א גרימצארן, אויף דער גאנצער שורה ווייבער: וואס איז, זיי זעהען נישט, אז מען דארף צו פארבייסען?

דאס ווייב פארשטעהט דעם וואונק. עס גלוסט איהר דאך אפנים, נישט אויפצוהויבען זיך —

— כאפט א שטיקעל פאלקע! — מאכט זי.

— אבער גאר לא, — ענטפערט מענדעל, — צו דעם וועל איך מיך ערשט וואשען, כדבעי! דערווייל — לעקער, לעקער קומט מיר.

— זאג נאר, שרה, — פרעגט ער איבער די בעל־הבית׳טע — האסט דען גארנישט חתונה געמאכט איבער דער צייט, הא?

איינע פון די מיידלעך פארקרימט זיך און טראגט דאך צו א שטיקעל לעקער פון קרעדענץ.

מענדעל־דלות טרינקט לחיים און פארבייסט.

— ציגד גאה איך מיך וואשען.

ער קוקט זיך אום, זוכט אפ דאס האנט־פאס, און געהט צו.

א דינסט טראגט דערווייל אריין א קאכעדיגע וואזע.

עוזר שיקט ווייטער צום ווייב א צארניגען בליק.

— טראג דערווייל צוריק! — קאמאנדירט דאס ווייב. — געקומען א גאסט.

די דינסט ווארפט א קרום אויג אויפ׳ן דלות, און געהט צוריק.

---

נאכ׳ן עסען און נאכ׳ן בענשען מזומן, האט מענדעל־דלות ארויסגעיאגט די ווייבער פון שטוב מיט׳ן בייסענדיגען רויך פון זיין ליולקע־ציבעק. ער שמייכעלט פארגניגט און קוקט זיך אום און דערזעהט, וואס ער זוכט — די קאנאפע. דער קאפ איז איהם שווער־

ליד; שוין לאנג אזא שווערען מאגען נישט געהאט. ער הויבט זיך שווער אויף פון שטול, וואקעלט זיך צו און ציהט זיך אויס אויף דער קאנאפע.

עוזר פרעגט:

— ווילסט אביסעל שלאפען?

— יא, איך וועל דערנאך מיט דיר רעדען. ער גענעצט אפ און גיט צו: איך וועל, אם ירצה השם, ביי דיר זיין א פאר טאג.

— נו, שלאף, — מאכט עוזר ארויסגעהענדיג; די רעשט בני־בית געהט איהם נאך.

---

אין א פאר שעה ארום איז עוזר צוריקגעקומען און געטראפען שוין מענדלען ליגען מיט אפענע אויגען.

— נו, וואס מאכסט דו, מענדעל? — פרעגט ער איהם און זעצט זיך איהם צוקאפענס אויף א שטול.

— אזוי, — ענטפערט מענדעל, — האסט נישט א גלאז טיי?

עוזר קלינגט און באשטעלט ביים ווייב, וואס ווייזט זיך אין טיר, דעם סאמאוואר.

מענדעל גענעצט.

— וואס טוסט דו, אייגענטליך, דא? — פרעגט דער גביר.

— וואס איך טו דא, ווילסט דו וויסען? — חזר'ט מענדעל־דלית איבער די שאלה — כ'מאך התונה!

— דיין שמערלען?

— ניין, כ'האב נאך אן עלטערע טאכטער...

— אזוי?

— ווי דען...

— נו?

— נו נו! דארף מען, פארשטעהסט דו, נדן...

— ביי מיר האסט דו שוין א פינף און צוואנציגער!

מענדעל זעצט זיך אויף:

— איך לאך אויס דיין טאטען!

— וויפיעל דען מיינסט דו?...

— וויפיעל איך מיין? איך דארף פינף הונדערט רובעל!

— פינף הונדערט רובל? — וואונדערט זיך דער מיליאנער.

— כ'האב צוגעזאגט!

— נו? און אז מען זאגט צו?

— שוטה! דאס האב איך שוין ביים צוזאגן געמיינט, מאכט זיך אבער א מעשה... הער, וואס עס קאן זיך טרעפען! מיין טאכ־טער ווערט עפעס נישט בקו הבריאה... נא דיר א שמעק טאבעק פאר'ן גאנצען עסק... ווייס איך וואס! נאר — דו קענסט דאך מאטי שיינעץ? — איך האב מיך מיט איהם צוזאווערטעלט—מיר זענ'מיר בוררים געווען — געהט ער, ימח־שמו, און שרייבט צום מחותן...

— וואס רעדסט דו? — פארקרימט זיך ר' עוזר.

— אזוי ווי דו הערסט!

— טאקע א פושע־ישראל!

— פאהר איך טאקע אצינד צום רבי'ן — א פסק וועט ער שוין האבען... אבער אפגעטאן האט ער, און ווייסט, וואס ער האט, ימח־שמו, געשריבען? „חולי נופל“ האט ער געשריבען! מיר מעגסט דו גלויבען — געווארפען האט זי זיך אינגאנצען איינמאל, אפשר צוויי מאל, מעהר, בהן צדקי, נישט!

מענדעל רוהט זיך אפ און פיקט אביסעל פון דער קאלטער ליולקע.

— נא דיר א ציגאר, — מאכט דער גביר.

מענדעל נעמט, פאררויכערט און גיט צו:

— און צינד, פארשטעהסט דו מיר, זאגט דער מחותן, אז ער וויל דאס גאנצע געלט.

— ס'א העזה פונ'עם! — בייזערט זיך דער גביר.

— אודאי! דער כלב, כמובן, וויל אפלאזען דעם שדוך! וויל ער נאר מיינער פטור ווערען אהן הצי־נדן־קנס!

— קיין נאר נישט! — שפאסט דער גביר.

— איך הער איהם, ווי די קאץ! נאר פארשטופען דעם טרפה־נעם פיסק מוז איך. דארף איך טאקע די גאנצע פינף הונדערט קארבווינעס!

— און פארוואס נ א ר ביי מ י ר?

— חוץ מזה — פיהרט מענדעל־דלות ווייטער זיין זאך — דארף מען חתונה־הוצאות, ווי דער סדר עולם איז... חתונה־קליידער האב איך שוין.

— און אלץ א י ך ? — פרעגט נאך אמאל ר׳ עוזר נישט זעהר צופרידען — פארוואס געהסט דו נישט צו בערלען, צו חיים׳ען ?...

דלות ווערט בייז :

— כ׳בעט דיך זעהר, וואס ווילסט דו פון מיין לעבען האבען? א י ך האב כח צו אייערע שטיינערנע גאסען, צו אייערע טרעפ ? איך זאל אויף דער עלטער קלינגען הינטער די טירען !

ער שטעלט זיך אויף :

— מענשען — שפריצט ער מיט א כעס — וואוינען אין גאַ־סען, וואס זענען לאנג ווי דאס גלות... מעהר טרעפ ווי הויז... און איך לייד אויף אסטמא, זאל א י ך געהן ! געה דו ! גיב אומגעגאנ־גען... מיין דאגה ? ! אז א י ך האב געהאט, האב א י ך געגעבען !

עוזר שווייגט, און מענדעל זעצט זיך צוריק.

— און וואו איז דיין טיי ? — פרעגט ער אומגעדולדיג.

עוזר קלינגט נאך אמאל און פון דער צווייטער שטוב הערט זיך דעם ווייבס תשובה, אז עס וועט באלד זיין.

מענדעל גענעצט ווייטער.

— איך מיין באמת — מאכט ווייטער עוזר — פארלאנגסט דו, איך זאל אינגאנצען געבען ! דארפסט דאך האבען „יהדות“ !

— חס ושלום, — ענטפערט מענדעל, — נעם וואו דו ווילסט, נאר איך געהן קאן נישט ! איך ק א ן נישט !

— בין איך שולדיג ?

— הער, עוזר ! איך דארף פינף הונדערט רובל נדן און א פופציג רובל חתונה־הוצאות, אביסעל חתונה־קליידער, ווי געזאגט, האב איך... מיט דער רעשט וועל איך איהם שוין אנפייפען, דעם אלטען תרח... איז בסך־הכל — פינף הונדערט און פופציג רובל... פון דעם טאר שוין קיין דרייער נישט פעהלען !

עוזר שאקעלט מיט׳ן קאפ ; ער איז כמעט מודה : אבער...

— און דערויף — לאזט איהם מענדעל צום ווארט נישט קו־מען — האב איך דאס !

ער ווארפט ארויס פון בוזעם אויף עוזר׳ס שויס א פארפעצט לייןווענטען בייטעלע.

— צעהל, — מאכט ער.

עוזר נעמט זיך צום בייטעל, קראצט ארויס א פעקעל פאר־

קנוילטע באנקצעטעל און צעהלט אויס הונדערט פיער און זעכ־
ציג רובל.

— איך האב פארקויפט — פארטייטשט איהם מענדעל —
די שטוב מיינע, האב איך דאס געלט!

עוזר פאקט צוריק דאס געלט אין בייטעל אריין און וויל עס
צוריקגעבען מענדלען.

— ניין, — ווענדט זיך מענדעל אפ — איך האב געשוואלענע
פיס... געהן וועל איך נישט... דאס געלט האלט שוין ביי דיר... איך
האב ביי דיר פינף הונדערט און פופציג רובל! און צייט גיב איך
דיר. איך וועל דא זיין עטליכע טאג, וועסט האבען גענוג צייט!
אגב — וועל איך מיך ביי דיר אביסעל אפרוהען און אנעסען זיך—
פארשטעהסט! הכלל — צייט האסט דו גענוג!... פאר'ן אוועק־
פאהרען וועסט דו מיר געבען דיינס א שלישית אויף פינף הונדערט
רובל, פופציג רובל מזומן אויף חתונה־הוצאות און א פינפער רובל
צו פאהרען קיין גער. — נעמען מעגסט דו, ביי וועמען דו ווילסט...
נישט מיין דאגה!

— נו! — ברומט עוזר.

— און אין גער — מאכט מענדעל — וועל איך שוין בלייי־
בען... וועט זיך מיר גלוסטען, וועל איך אמאל אריינפאלען צו דיר
אויף א פאר וואכען.

— נו! — ברומט ווייטער ר' עוזר.

— שלאפען — מאכט מענדעל — וועל איך טאקע, אויב איך
וועל קומען, דא, אויף דער קאנאפע, א וואוילע קאנאפע.

אינהאלט:

